קאָמיטעט
פאַר
ייִדישער קולטור
אין ישראל

# ביכער-סעריע

שרײַבערס עולים פון
סאָוועטן-פאַרבאַנד

יאַנקל יאַקיר

# א שליטן מיט ישובניקעס

און אַנדערע דערציילונגען

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל

אַרויסגעגעבן דורכן קאָמיטעט פאַר יידישער
קולטור אין ישראל

תל־אביב תשל"ד

# פון קאַמיטעט
# פאַר יידישער קולטור אין ישראל

דאָס דאָזיקע בוך, וואָס דער לייענער באַקומט איצט אין האַנט אַריין, ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישׂראל, אין דער ביכער־סעריע געווידמעט די שאַפונגען פון שרייבער, נייע עולים פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד.

דאָס אַרויסגעבן אָט די סעריע ביכער האָט פאַר זיך פאָלגנדיקע צילן:

א) אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט דעם שרייבער וואָס איז געקומען פון סאָוויעט־רוסלאַנד און האָט אויפגעשטעלט זיינע שעפערישע געצעלטן אין דער אַלט־נייער יידישער היים. צו דעם צוועק גיבן מיר אויך אַרויס די העפטן „ביי זיך" און מיר גרייטן צו אַן אַנטאָלאָגיע פון זייערע שאַפונגען אין עברית.

ב) באַקענען די יידישע לייענער אין ישׂראל און אין די תפוצות מיט די שאַפונגען פון די דאָזיקע שרייבער, וועלכע זענען געווען אָפּגעריסן פון דער פרייער יידישער וועלט, אין וועלכער די יידן האָבן תמיד געהאַט אַ גרויסן אינטערעס צו דעם לעבן פון זייערע ברידער און שוועסטער אונטערן סאָוויעטישן רעזשים.

ג) אַרויסברענגען מיט דער דאָזיקער איניציאַטיוו אונדזער פולע אידענטיפיקאַציע מיט די שרייבער נייע עולים און שאַפן מעגלעכקייטן, אַז זיי זאָלן זיך וואָס גיכער איינוואָרצלען אין דער מדינה: דערמיט אויך סטימולירן זייער וויטערדיק שאַפן אין באַדינגונגען פון פולער פרייהייט און טריישאַפט צו זייער נאַציאָנאַל־גייסטיקער שליחות.

ד) העלפן די שרייבער נייע עולים פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד זיך איינ־שליסן אין דער ישׂראלדיקער קולטור אין וועלכער עס קומען זיך צונויף אַלע ווערטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות דורך אַלע טיילן פון יידישן פאָלק אין דער וועלט.

אַ האַרציקן יישר כּוח די אַלע, וואָס העלפן אונדז ביים רעאַליזירן די דאָזיקע איניציאַטיוו און אַ ספּעציעלן דאַנק דעם י. ל. פּרץ־פאַרלאַג אין תל־אביב, וואָס האָט אויף זיך גענומען דאָס אויספירן די פאַרלעגערישע זייט פון דער דאָזיקער אויסגאַבע מיט אַלעם, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.

# אַ שליטן
# מיט ישובניקעס

...ס׳איז ווינטער אין דרויסן. אַ שווערער קרירהדיקער ווינטער מיט פֿרעסט, זאַווערוכעס און שנייען. פֿאָרט אויפֿן לאָפּושנער טראַקט אַ שליטן מיט פֿאַרשוינען. רענדאַרעס זענען די פֿאַרשוינען. אָנגעטאָן איז מען אין קורצע שמוישענע פּעלצלעך און אויף די קעפּ שפּיציקע קוטשמעס.

פֿאַרשנייעט און פֿאַרווייעט איז דער וועג און מען זעט נישט קיין אָנהייב און מען זעט נישט קיין סוף. אַוווהין לאָזן זיך עס יידן — רענדאַרעס — אין וועג, אין אַזאַ אומקומעניש?!

דאָס פֿאָרט מען צו עליע קירילינער אויפֿן ברית. דאָס איז שוין דער צענטער ברית, וואָס ער פּראַוועט, עליע קירילינער. און עפּעס טאָקע נאָר ווי אומיסטן — אַלע פֿאַלן זיי אויס ביי אים אַקוראַט אין חודש שבט, ווען עס איז אַפֿילו אַ גאָטס רחמנות אַרויסצולאָזן אַ הונט אין דרויסן.

עס איז שוין שטאָק נאַכט ווען דער שליטן פֿאַרקערעוועט צו גיטל דער אַלמנה אין איינפֿאָרהויז. די רענדאַרעס קאָנען זיך גאָרנישט אָפּלויבן פֿון איר. זי איז אַן אָנגעקוואָלענע, גיטל, און אַ פּעסטע און אַ גוטהאַרציקע. זעט נאָר, זעט, ווי זי פֿאַדיעט עס אַרום זיי. זי קערט אָפּ דעם שניי פֿון די פּעלצן. זי שלעפּט זיי אַראָפּ די פּיסלעס* פֿון די פֿיס. און זי

* וואַלענקעס.

האָט נישט קיין פּאַריבל, גיטל, ווען ערגעץ אין אַ טונקל ווינקל פון דער קאַמאָרע צעפּירט זיך אַ רענדאַר די הענט... זי האָט ליב, גיטל, ווען זייערע פאַרשנייעטע פּראָסטיקע וואָנצעס קילן אירע הייסע ליפּן און זייערע פליישיקע קושן לאָזן איבער ביי איר אין מויל דעם געשמאַקן ריח פון בריִענדיקן פּראָסט און רענדאַרסקער גבורה, וואָס צינדן אָן אירע גע־בליטן.

זי האָט ליב ווען אין אַ ווינטערדיקן קאַיאַר, ווען זי גייט שטעלן דעם סאַמאָוואַר פאַר די איינפאָרער און אָפּרייביקן דעם שניי פון דער פאָד־ווירע, טשאַטעוועט אויף איר ערגעץ פון אַ ווינקל אַן אַרענדאַר און זעצט זי אַוועק מיט כּוח אויף דער פּאָרענטשע און זיינע בריִענדיקע פינגער שאַרעווען אַרום איר לייב.

נאָר אַזוי ווי גיטל האַלט, אַז מענער זענען אַ פאַרשייטע אומה, איז כּדי עס זאָל אים נישט גרינג אָנקומען, ווערט זי זיך, קנייפּט אים אויס שטיקער פלייש, און קוועלט דערביי אָן, ווען ער רעדט אַריין הייס, גלייך אין סאַמע לעפל פון איר אויער:

— אָ, גיטל, אַ געשמאַקע זאַך אַן עבירה!... גאָט אַליין האָט אויך הנאה פון איר. זיי וויסן, גיטל־קרוין, אַז די מצוות האָט ער געלאָזט פאַר די מלאכים און פאַר די יאָלדן!...

— קוק אים אָן, ווי ער באַלעקט זיך עס דער ליידאַק, און סע שמור־כעט אים נאָך דערצו אַ וואָנצע — טראַכט גיטל — ווי קומט ער, דער לעפּעטוך, צו איר זעליקן?... יענער, אַז ער פלעגט אַרומגעמען, האָסטו געהאַט אַ גאַנצן מעת־לעת אַ פול לייב מיט זון. און אַז ער פלעגט אַ קוש טאָן, פלעגט אַ האַלבע ליפּ בלייבן ביי אים אין מויל.

דערנאָך בלייבט זי זיצן אַ פאַרטראַכטע און אַ טרויעריקע און עס קלעמט איר אַ נאַגנדיקע דערמאָנעניש: האָט עס אים געדאַרפט זעליקן אין אַ רעגנדיקן זומערטאָג אַ טראָג טאָן אויף די פעלדער. כמאַרעס גע־דיכטע, שלאַקסיקע האָבן אָנגעיאָגט אויפן הימל. סע האָט גענומען דונערן און בליצן מיט צעבערס. האָט זי זיך געבעטן ביי אים ווי ביי אַ גזלן: „זעסטאָך, זעליק, אַז ס'איז אַן אומקומעניש אין דרויסן. ווו לאָזסטו זיך, מיינע שונאים?" און ער ווי נאָר עפּעס אַ ניט־גוטער איז אַריין אין אים,

האַלט זיך ביי זיינעם: „אַז די גאַנצע האַרעוואַניע גייט לאיבוד... די וואַ־סערן וועלן פאַרטראָגן די סקירדעס תבואה, גיטל... מען האָט דאָך, יידענע — זאָגט ער — אַריינגעלייגט אין זיי די קליי פון די ביינער..."

דער דונער האָט אים געטראָפן — פאַרפלט זיך גיטל אויף דער פאַ־רענטשע — גראָד אויף יענעם בערגל מיט די דריי טאָפּאָלן, ווו זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן. און אָט שוין צען יאָר, ווי זי האָט אים אַריינגעלייגט אַזאַ שיינעם און אַזאַ ליכטיקן אין דער ערד אַריין...

זי קאָן אים נישט מוחל זיין, וואָס ער האָט זי געלאָזט אַליין אויף דער וועלט, מיט איין שטיקל קינד, היינט שוין אַ טעכטערל פון זעכצן יאָר.

אַזוי פיל יאָרן זענען שוין אַריבער און נאָך בריט זי דאָס געלעגער ווי הייסע זשאַרענדיקע קוילן... און אין די וועסנענעכט לאָזט זי זיך נישט איין מאָל מיט די בערג און מיט די טאָלן, וואָלויטשעט * זיך אין די גראָזן און שיט פריסיק ** אויף אַלע סטעזשקעס.

איצט איז איר שוין אַלץ איינס. „זאָלן זיי הנאה האָבן... איילע, דער „האַרבוינעשעלאָוילעם" ט'פאַריבל האָבן אויף איר. נו, איז וואָס? אדרבא, לאָז ער פּרוּוון כאָטש איין נאַכט זיך לייגן שלאָפן אָן דער גאָטעכע... ט'ער ערשט דעמאָלט פילן דעם ביטערן טעם פון זיין אַליין".

עפּעס האָבן זיך די ערשטע צייט דווקא יאָ געשדכנט פאַרשידענע אַלמנס און פאַרזעסענע בחורים. האָט אָבער געשמעקט פון זיי מיט איבערגעטערעפּטשעטע פעלעכלעך און פאַרלעגערטער ברינדזע. און אפשר האָט זיך עס איר אויסגעדאַכט, ווייל איר זעליק, עפּעס טאַקע נאַר, ווי פון דער סאַמע וויג וואָלט מען אים געוווען געבאָדן אין מיאַטקע־בעדער.

דערפאַר האָט זי פון דער אַדראַזע *** געזאָגט צו די דאָקיטשליווע פאַרשוינען:

— ס'מיינט איר, אַז מען טראָגט אַ פּאָר הויזן, איז מען שוין טאַקע אַ מאַנצביל? אַן אמתן מאַנצפאַרשוין דאַרף די זון מקנא זיין און די ערד דאַרף זינגען אונטער זיינע טריט! איר האָט עס צעקייט, לאַכטעבורניקעס

---

* קוילערן זיך, קאַטשען.
** הייסער זשאַר.
*** אָנהייב.

וואָס איר זענט, צי איר ווייסט אַפילו נישט ווער עס האָט אייך פאַר־שלייערט?

איצט האָט זי זיי אויסגעזעצט, די עלטערע און יונגערע ישובניקעס, ביי דער אָנגעגליטער הרובע, און זי האָט הנאה, וואָס זיי נעמען נישט אַראָפּ דאָס אויג פון איר. — מילא, די יונגע, אויף דערויף זענען זיי יונג, נאָר אַפילו די, וואָס זענען אין תרח׳ס יאָרן, פּאַסמאַקעווען זיך אויך.

...אויפן טיש געלט זיך אַ גרויסע קיילעכיקע, הייסע מאַמעליגע, צע־שניידט מען זי מיט אַ פאָדעם, און מען טונקט די ברייענדיקע רעפטלעך אין טעלערס מיט צעלאָזטער פוטער און געזאַלצענער ברינדזע...

אָט לויפט אַראָפּ גיטלס בת־יחידקעלע איטעלע אין קעלער און ברענגט אַרויף אַ מאַקערטע* מיט געזייערטעס און אַ האַנטל** ווייַן.

דער וויין צעוואַרעמט די גלידער און צעבינדט די צינגער. רעדט מען און מע דערציילט זיך טשעקאַווע מעשיות, אייניקע אמתע, און אַנדערע, נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע.

נאָר איין רענדאַריקל — זעט גיטל — זיצט און שווייגט. ער שוויגט שווער און אומעטיק, ווי אַ כמאַרנער אָסיענדיקער הימל. ער איז נאָך זייער אַ יונגער, דאָס שווייגנדיקע רענדאַריקל. מען זעט קוים ביי אים אַ שפּראָציקל פון אַ וואָנצע. עפּעס טאַקע נאָר ווי דער מאַמעס מילך וואָלט אים געלעגן אויף די ליפּן. זי באַמערקט נאָר, ווי זיינע גרויסע, טרויעריקע שוואַרצע אויגן נעמט ער נישט אראָפּ פון איר טעכטערל...

ווערט זי שוין טאַקע אויף אַן אמת טשעקאַווע, גיטל, גיט אָבער אַ פרעג אַזוי ווי פון דער זייט:

— פון וואַנען איז אַ טאַטנס אַ קינד? עפּעס שיינען זי מיר צו זיין נישט קיין היגער.

דער יונגערמאַן שווייגט, גלייך ער וואָלט אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער. מען ענטפערט פאַר אים:

---

* גרויסער קיילעכדיקער טאָפּ.

** גרויסער קרוג.

— האָסט געטראָפן, גיטל... ער איז פון אַ ווייטן קאַנט. גאָר פון אַ ווייטן קאַנט. אַזש פון נאָוואָסעליץ.

— ווי זשע קומען זיי אַהער ?... — רעדט שוין גיטל מיט דרך־ארץ פאַר דעם שטאָלטנעם, שווייגנדיקן יונגערמאַן.

— זיי זענען אַ יתום, זענען זיי !... זיי זענען געקומען פאַר אַ יאָרן אַהער מיט די ספלאָווס — ענטפערט דער עלטסטער רענדאַר — זיי האָבן געוואָלט אַ ביסל זען די וועלט.

— זיי זענען אַנטלאָפן פון די פליאָסקעדריגעס — פאַלט אים אַריין אַן אַנדער רענדאַר אין די רייד. — זיי קענען לשון־קודש און רישעש (רוסיש) ווי אַ וואַסער.. זיי קענען אַפילו לייענען רעצעפּטן אין לעטיין...

— אין לעטיין זאָגסטו ?... — גיט גיטל, אַ פאַרחידושטע, אַזש אַ צי די ברעמען...

— זיי לייענען בריוו פון אַמעריקע און פון טירקיי און פון אַלע לשונות און ווען זיי האָבן טאַטע־מאַמע און מע לערנט זיי, וואָלטן זיי געקאָנט ווערן מיט דער צייט אַפילו אַ פּראָפעסאָר אין פּייטערבאַרג — פאַרגייט זיך אַ רענדאַר.

— נו, איז דאַרף מען מיך נישט אויסמעלקן ?! — גיט זיך גיטל פאַר ערגערניש אַזש אַ פּאַטש אין דער באַק. — און איך, בהמה, האָט געמיינט, אַז זיי זענען, חס־וחלילה, אַ צוגעלעגערטער. אַז אַ יונגער מענטש זיצט שוין גאַנצע צוויי שעה און רעדט נישט אַרויס קיין איין וואָרט. אָט באַלד וועט איר זען, קינדער, וואָס פאַר אַ גרויסן גאָט מיר האָבן !...

זיי טייען אָפּ די רענדאַרעס. די הרובע איז אַ פריסיק הייסע. די באַ־פוטערטע און באַברינדזעטע מאַמעליגע און דער ווייַן צעגייען זיך ווי סאָלץ * אין די ביינער. די באַלעבאָסטע איז אַ קאַשיקע ** און אַ חנעווו־דיקע און פון יעדן קוק אירן ווערט ליכטיקער אויפן האַרצן... און דאָס רעכטע הייבט זיך ערשט אָן. והראיה... אָט כאַפּט טאַקע גיטל די שאַל אויף די פּלייצעס, גיט יצר־הרעדיק אַ וויג מיט די באָקעס און לויפט אַראָפּ אין

* באַלזאַם.

** קאַש — אַ פּעטער קעז, קאַשיקע — אַ זאַפטיקע.

קעלער און באַוווייזט באַשיימפּערלעך, וואָס זי איז אויסן מיט דעם גרויסן גאָט אירן, וואָס זי פאַרמאָגט. זי ברענגט אַרויף פינף פלעשער אַלטן ווייַן, וואָס זי באַהאַלט נאָר אויף די געהויבענע ימים־טובים און אויף... מען זאָל נישט באַדאַרפן.

איצט פרעגלט שוין איטעלע אויס די פעטע פלוסטערן און דער ריח פון די געשמאַקע גריוון קיצלט אַזש די נאָזלעכער. פונעם קאָמאָד נעמט גיטל אַרויס די געקווייטלטע דרשה־געשאַנק־גלעזער און גיסט זיי אָן פול, פול מיט אָן אויג.

מע טרינקט און מע ווינטשעוועט זיך נחת און גליק און אַ סך יאָרן און קינדער און קינדס־קינדער. און עפּעס טאַקע אַ רעכטן זיווג פאַר איטעלען, דער באַלעבאָסטעס בת־יחידקע. דערביי נעמט גיטל נישט אַראָפּ די אויגן פון דעם שיינעם נאָוואָסעליצער יונגנמאַן. עס דוכט זיך איר, אַז ער האָט אַלע זיבן חנען. די טונקעלע, פאַרברוינטע באַקן זיינע פלאַמען און אין די שוואַרצע פאַרטראַכטע אויגן טליִען ווייטע בענקשאַפט־פייערלעך.

עפּעס זיצט ער איצט טאַקע נאָר ווי אויף הייסע קוילן: צוליב אים האָט זיך עס אַזוי די אָרעמע אַלמנה אויסגעבראַכט. צוליב אים האָט זי געמאַכט אָט די גרויסע סעודה. כ׳לעבן, ער איז עס נישט ווערט — טראַכט ער זיך. און ער פילט זיך עפּעס שולדיק פאַר גיטלען, פאַר איר טאָכטער און פאַר אַלע דאָ.

— יונגערמאַן — שטייט גיטל צו צו אים — דערציילט עפּעס שיינס... מיר לעבן זיך דאָ אין אַ פאַרוואָרפענעם עק. עפּעס טאַקע נאָר ווי אין אַ מדבר... וואָס ווייסן מיר און וואָס הערן מיר, מישטיינס געזאָגט? אַ בוים אין פעלד ווייסט מער פון אונדז... ער שמועסט אַ גאַנצן טאָג מיט דער זון און אַ גאַנצע נאַכט מיט דער לבנה, און מיר?! מע וואַקסט עפּעס טאַקע ווי אין סטויפּ.

די באַלעבאָסטע ווישט זיך אויס מיטן עק טיכל אַ טרער. די רענדאַרעס צערייבן אויך מיט די קולאַקעס עטלעכע דריבנע טרערעלעך. ביים נאָוואָסעליצער יונגנמאַן פלאַמט דאָס פנים פאַר בושה. אַ קלייניקייט! צען פּאָר אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף אים. ניין, דערציילן וועט ער גאָרנישט. זאָגט דאָך אַ גאַנץ דאָרף, אַז ביי אים איז אַ געפּענטעטע צונג.

סע איז אים טאַקע שטאַרק שווער צו רעדן גלאַטיק אַזוי ווי אַלע. אין די זומערנעכט, אַז ער שלאָפט אויף אַ סקירדע היי און די שטערן פאַלן אים גלייך אין פּאָדאָלעק אַריין, רעדט ער אַזוי גרינג און אַזוי שיין מיטן הימל און מיט דער ערד און מיט דיביימער. און צווישן מענטשן, פאַרלירט ער זיך און סע דוכט זיך אים, אַז עפּעס רעדט ער פונעם וועג.

— ער וועט זינגען — שטאַמלט ער אַ צעפּלאָמטער — זינגען איז אים אַ סך גרינגער ווי רעדן.

ער זינגט און ער הערט ווי די ביימער רוישן אין וואַלד און פייגל צוויטשערן אויף די צווייגן. ער זינגט און נעמט נישט אַראָפּ די אויגן פון דער באַלעבאָסטעס מיידל, איטעלע. ער זעט, זי איז אַ קיילעכיקע און אַ פולע ווי אַ פּאַמפּעשקע. און די באַקן בליִען ביי איר ווי מאַגרויזן. אויגן האָט זי בלויע, פייכטע און לאַנגע בלאָנדע צעפּ, ווי גילדענע ווייצנזאַנגען. אירע פאַרהאָרעוועטע הענט האָט זי אַוועקגעלייגט אויפן טיש און די דלאָניעס זענען האַרטע, באַדעקט מיט מאָזאָליעס. ער זינגט! און ווייסט אַליין נישט פון וואַנען שטאַמט דער ניגון? אפשר האָט אים געזונגען מיט הונדערטער יאָר צוריק דער אור־אור־זיידע זיינער, דער מאַינצער רב, נאָך דעם ווי ער און קהל האָבן אין אַ שווערער שלאַכט מנצח געווען די גערמאַנישע קרייצציגלער, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרטיליקן די גאַנצע יידישע קהילה. אפשר האָט אים גאָר געזונגען זיין עלטער־זיידע בענטשע, ווען נאָך לאַנגע טעג און נעכט פון תעניתים און סגופים איז ער דער־גאַנגען דעם סוד פון „מאין ולאן”. און ער ווייסט, ס׳קאָן גאָר זיין, אַז אַ פויגל האָט אים דעם ניגון געבראַכט פון די ווייטע וואַרעמע לענדער און אין אַ שטילער לבנהדיקער נאַכט אים אַריינגעפּליסטערט אין אויער.

זע נאָר, זע! צדוק, דער עלטסטער רענדאַר, דער, וואָס האָט אַ באָרד מיט קאָלטענעס, האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס רעקל, זיך צעכראַסטעט דאָס העמד און באַוויזן די האָריקע באַוואַקסענע ברוסט זיינע: ״—יאָסעלע־טאַטע — בעט ער זיך תחנונים ביי אים — זינג מיר אַריין אַהער־אַ... גלייך אין האַרץ אַריין... כ׳האָב אַ זינדיק האַרץ, יאָסעלע... אַ פאַרזשאַ־ווערט האַרץ״.

זע נאָר וויפל קווייטן האָבן זיך צעבליט אויף די פענצטער!... אפשר איז טאַקע גערעכט געווען דעם בעל־שמס תלמיד, רב לייב שרה'ס: „אַז פון יעדן לויטערן ניגון ווערן געבוירן מלאכים און רויזן".

גיטל כליפּעט אין דער שטיל. „איר זעליק האָט אַוודאי נישט געקענט אַזוי זינגען, נאָר דערפאַר האָט ער געהאַט זינגענדיקע הענט. ער אַליין איז פון קאָפּ ביז די פיס געווען אַ געזאַנג, און אַז זי פלעגט גיין מיט אים אין פעלד, צי אין גאַס, פלעגן זי גאָט און לייט מקנא זיין"...

...אין דרויסן האָט זיך שוין אויסגעלייטערט. אַ ווייסע, מילכיקע לבנה טראָגט זיך שוואַליאָם איבערן בלויען הימל. עס פעכלט * דער פאַרשנייטער וועג מיט דער זויבערער פרישקייט פון וועלט־באַשאַף. צדוק שפּאַנט איין די פערד, דעקט זיי איבער מיט די וואָלענע פּאָפּאָנעס ** און אָטעמט איין מיט זיינע ברייטע נאָזלעכער דעם האַרבן ריח פון פערדן־שווייס. פּאַמעלעך ציט מען אַרויף אויף זיך די שמוישענע פעלצלעך. מען טוט אָן די פּיסלעס. עס סקריפּעט דער שניי אונטער די פיס, אָט ווי גלאָז און אָט קוויטשעט ער עפּעס טאַקע נאָר ווי אַן אָפּגעקרעלט הינטל.

יאָסלען, דעם נאַוואָסעליצער יונגנמאַן, זעצט צדוק אַוועק אויבן אָן אויף דעם סאַמע בעסטן פּלאַץ. ער איז היינט ביי אים געהייכט און געקריינט.

די מאַמע מיט דער טאָכטער שטייען אויף דער שוועל און קוקן מיט טרויעריק־פאַרבענקטע אויגן אויף די אוועקפאָרנדיקע. אויפן טיש שטייען די ליידיקע גלעזער און אין די טונקעלע ווינקעלעך צאַפּלען זיך נאָך די טענער פון דעם האַלב־פאַרלאָשענעם ניגון.

— נו, איצטער גלייב איך, יונגערמאַן, ט'איר זיך נישט לאָזן קיין סך בעטן און איר וועט קומען אָפטער צו אונדז — שמייכלט גיטל מיט אַ סודותדיק־באַחנטן שמייכל.

— מ'עט קומען!... וואָס הייסט מ'עט נישט קומען! — ענטפערט חיים קאַניער.

* פינקלט.
** דעקן.

— נאָך אַזאַ קומען! — גיט צדוק אַ כיטרע ווונק, עלעהיי, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים קויפן אַ גרויסע מציאה.

...און אויפן לאַפּושנער טראַקט יאָגט ווי אַ וויכער אַ שליטן מיט רענ־דאַרעס. מען איז, קיין עין־הרע, אַזוי בגילופין, אַז מען האָט שוין פאַרלוירן דעם חשבון פון די ווערסטן. צדוק זאָגט, אַז קירילען איז אָ... אָ... אָ... דאָ, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען און חיים קאָניער היצט זיך, און פאָרט אים אַזש אַריין מיט די צען פינגער אין דער קאָלטענעוואַטער באָרד, כדי אים צו דערווייזן, אַז ס'זענען נאָך דאָ געשוואָלענע צען ווערסט.

נו, איז מילא, און טאָמער מער אַ באַרג און מער אַ טאָל. באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. און אַז דער וועג איז שוין אַ לענגערער — איז מה־בכך?...

גוט איז, וואָס אויפן האַרצן איז אויפגעלייגט און דער איינציקער יחוס־בריוו איז פּראַצע, כוח און בטחון!...

# מיין עלטער־זיידע יאָנטשע

...ואלה תולדות הנאַראָנים... דער אורפּאָטער פון די נאָוואָסעליצער נאַראָנים האָט געהייסן יאָנטשע. דער אמתער נאָמען זיינער איז געווען יונה יקיר. נאָר מיט די יאָרן האָבן די נאָוואָסעליצער פּראָסטאַקעס איינגעזען, אַז אָט דעם שלאַבערדיקן מענטשעלע מיט אַ קעפּעלע ווי אַ קירבעסל און אַ נעזעלע ווי אַ פּאַסאָליע, וואָס ווייסט נישט „מאי דקאמרי רבצין"... פּאַסט נישט אַזאַ שיינער, לייכטנדיקער נאָמען, מיט אַזאַ אצילות־דיקן פאַמיליע־נאָמען, האָבן זיי אים קורץ פאַרצויגן — יאָנטשע. און אַזוי האָט ער שוין געהייסן אַלע אַכציק יאָר, וואָס ער האָט אָפּגעבידעוועט אויף דער זינדיקער ערד.

...געווען איז מיין עלטער־זיידע יאָנטשע איינגעטונקען אין יחוס. לויט אַן אַלטער מסורה זאָל ער געווען אָפּשטאַמען פון דעם באַרימטן מאַינצער רב — יעקב יקיר. אָט יענער אַלוויסיקער מרא דאתרא, וואָס האָט זיך געקענט אין אַלע שבע חכמות און וועלכער פלעגט רעדן מיט פירשטן, מיט פּויפּסטלעכע און פירגענעמע מענער פון זיין צייט נאָר אויף לאַטיין. אָט יענער רב — פאַרציילט אַן אַלטער פּנקס — האָט פאַרשאַפן כבוד זיין פאָלק. דהיינו: אין די אַלע גרויסע און האַרבע וויכוחים מיט די גרענדעס פון אַלערליי אומות, איבער דעם יידישן גלויבן און אַנדערע ווייזהייטן, האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ בקיאות און חריפות, אַזש זיין נאָמען האָט געקלונגען פונעם ריין ביז צום לאַנד פונעם תוגר... און אין האַרבע צייטן

האָט ער זיך שטרענג געהאַלטן ביי דער קלוגער ירושה פון זיינע אָבות:
כי על חרבך תחיה... ער האָט נעמלעך מיטן ספר און מיט דער שווערד
באַשיצט און באַשירעמט דאָס לעבן און די ווערדע פון זיין פאָלק.

...נישט אַזאַ איז געווען זיין אור־אור־אוראייניקל יאַנטשע. עפּעס מיט
איינער אַ טערקישער שיף האָט מיין עלטער־זיידע פאַרבלאָנדזשעט צו די
ברעגן פון דער רייכער, פעטער בעסאַראַביע. אין סאַמע אָנהייב האָבן די
נאָוואָסעליצער פּראָסטאַקעס אים געמאַכט פאַרן רב פון שטעטל.

אָבער שוין אין אַ קורצער צייט אַרום זענען די יידן אין די קורצע
פּעלצלעך און אין די מיט דזשעגעכץ באַשמירטע שטיוול געקומען צום
אויספּיר, אַז אָט דאָס גריינגפּעדערדיקע מענטשל, וואָס לאָזט אויף קיינעם
קיין אומטיידערל * נישט פאַלן, טויג נישט פאַר קיין רב. ער פלעגט ביי
אַלע זייערע ליוועראַנטישע סעודות זיצן ווי אַ נעכטיקער און קוים טועם
זיין אַ כזית פון די פעטע שטיקער פּאַסטראַמע ** און געריישטע עוג־מלך־
הבשנדיקע פיש. ער פלעגט זיך אויך קוים צורירן מיט די בלויע תענית־
ליפּן צום בעכער שוימיקן בעסאַראַבער ווין און שיכור ווערן אַפּנים נאָר
פון דער ברכה... און מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן פלעגט ער ברומען אַ ניגון
נאָר פאַר זיך. און זיין שטיל, פאַרכטיק כבקרתל פלעגט פאַרהילכט ווערן
פון זייערע רעשיקע פריילעכסן און האָפערדיקע וואָלאַכישע געזאַנגען.

...נאָוואָסעליצער ברייטבייניקע ליוועראַנטן, דזשאַמבישעס, מיט רויטע
וואַרגעס און בייזע קוקערס האָבן נאָך געהאַט אויף אים פאַריבל, וואָס
ער זאָגט זיך אָפּ פון זייערע שיינע רחשן און פדיונות. זיי האָבן עס אויס־
געטייטשט ווי אַ בייזן סימן, אַז זיי זענען אַזוי איינגעטונקען אין זינד, אַז
דאָס פרומע פּענדריקל האַלט, אַפּנים, אַז עס איז פאַר זיי קיין שום
תקומה נישטאָ. והראיה, ער רירט זיך נישט צו צו זייערע מטבעות, גלייך
עס וואָלט געווען חס־וחלילה געלט אַרויסגעגנבעט פון אַ צדקה־פּושקע.
האָבן זיי זיך אויף איינעם אַ יאָר־יאַריד זייערן, ווו עס זענען זיך צונויפ־
געקומען אַלע פאַרנעמסטע ליוועראַנטן מכל ארבע פינות מאָלדאָוויע, מישב

* שטויבעלע.
** צוגעפעפערט געבראָטן פלייש.

געווען און אים אַראָפּגעזעצט פון כסא־הרבנות און געמאַכט פאַר אַ שמש אין דער ליוועראַנטישער שול.

נאָר גיי פּרוּוו זיין אַ שמש ביי ליוועראַנטן, פערדהענדלער — און גאָט זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד — אויך... פערד־גנבים, אַז מען פאַרמאָגט אַזעלכע קליינע הענטלעך ווי ער און צו דערצו אַזאַ סאַמעט־ווייך קולכל פון אַ „תינוק בן יומו״... איז טאַקע געווען אַ גאָטס רחמנות צוצוקוקן ווי ער פלעגט אין די פּאַרכטיקע ימים־נוראים־טעג זיך אַרומ־שלייכן צווישן די דעמבענע יידן, זיי אויפמישן די מחזורים און זיי ווייזן, וואָס און ווען און ווי מען דאַרף זאָגן. און זיך בעטן רחמים ביי זיי, זיי זאָלן אַזוי נישט יעכצן ביי די געהויבענע תפילות ווי „אל עורך דין״ און „ונתנה תוקף״.

האָט געדאַרפט גראָד געשען, אַז איין מאָל יום־כיפור צו נעילה איז יאַנטשע אַרויף אויפן באַלעמער, אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין אויסגעדייוועט הענטל אין שולחן און מיט אַ קוויטשיק פאַלצעטעכל אויסגערופן:

— רבותי, חכמים ונבונים, אנשי ק״ק נאָוואָסעליץ... דער כביכול האָט תרעומות אויף אייך וואָס אייערע קולות זענען פול מיט גשמיות. ער קען נישט סובל זיין דערום, ס׳איז נישט פאַראַן אין זיי קיין ניצוץ פון קדושה... דען וויסן זייט דאָס, די שכינה האָט נעמלעך האָלט אַ קול דממה דקה... ווייל עס דערגייט צו איר דאָס וויספּען פון אַ גרעזעלע און דאָס פליסטערן פון אַ וואַסערל.

אַ רגע איז אַזוי שטיל געוואָרן אין מקום־קדוש, אַז מען האָט באַ־שיימפערלעך געהערט אויף דעם געפלאַטער פון אַ זומערפייגעלע. נאָר דערנאָך האָט זיינוול ברנש, דער מלך פון די ליוועראַנטן, דער וואָס האָט עובר געווען אויפן חרם דרבינו גרשון און אָנגעפלאָדיעט קינדער אין אַלע דערפער פון אַרום נאָוואָסעליץ, אַזאַ רעווע געטאָן, אַזש ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די ווענט האָבן זיך אַ וויג געטאָן.

— יידן, וואָס לאָזט איר זיך פירן ביי דער נאָז פון אָט דעם מעגע־געלע? אַ רוח אין זיין פליאַסקעדריגישן טאַטן אַריין!... זייט וויסן, אַז דער „האַרבוינע״ של עולם האָט ליב, אַז מען פרייט זיך. ער האָט אויך פיינט, אַז מען ברעכט פיסקעס און מען קאַוועטשעט.

...פון יענעם טאָג אָן איז יאַנטשע געוואָרן אויס שמש... פאַר חרפּה האָט ער זיך נישט געוויזן אין גאַס אַ גאַנץ האַלב יאָר. נאָר ווי באַוווסט, זענען יידן אַ פאָלק פון רחמנים בני רחמנים. דערוווסט זיך, אַז יאַנטשע און נעכע מיט זייערע קינדער גייען אויס פון הונגער, האָבן זיי אים צו־געשאַרט אַ נייע פּרנסה, דהיינו: ער זאָל פאַרזאָרגן דאָס שטעטל מיט חנוכה־ליכטלעך, הושענות, חרוסת, מרור און דעסגלייכן. און זיין ווייב נעכע זאָל אויספאַרטיקן פאַר די ווייבער פון שטעטל באַרקאָווער באָרשט. האָבן זיי עס ביידע אָנגענומען פאַר ליב, און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין לאַנגע יאָרן געהייסן יאַנטשע פון די חרוסת און זיין ווייב נעכע — די באָרשט־יידענע.

...מען האָט אָבער אַפּנים אין די הימלען גוזר געוועזן, אַז פון אים, פון יאַנטשע יקיר, זאָל זיך אָנהייבן ציילן דער שבט פון די נאָוואָסעליצער נאַראָנים. דאַרף זיך טרעפן גראָד אַזאַ אויסטערלישע טרעפונג... אין איי־נער אַ שפּעט־אָסיענדיקער נאַכט ווען יאַנטשע איז, ווי זיין שטייגער איז געווען, געגאַנגען פון קלויז אַהיים, דערפילט ער מיט אַ מאָל ווי עמעצער טרעט אים אָן אויף דער קאַפּאָטע און שלאָנדערט זיך אים נאָך טריט ביי טריט, שפּאַן נאָך שפּאַן...

אין איין אויגנבליק זענען טויזנטער מחשבות זרות אַדורכגעלאָפן זיין צעהיצטן מוח. איז ווער אַ שטייגער האָט זיך עס געקאָנט אין אַזאַ חשכות נעמען גיין נאָך אים? אַז בסך־הכל ווייסן אַפילו קינדער אין די וויגן, אַז ער, יאַנטשע, איז אַן איש תמים, טשעפּעט אַפילו קיין פליג נישט אויף דער וואַנט. און נישט בלויז יידן, נאָר אַפילו די אומות־העולם טראָגט ער שטענדיק אַנטקעגן אַ ברייטן שלום־עליכם. און כאור הבוקר, ווי נאָר ער עפנט די אויגן און ער זעצט זיך אַוועק אויף זיין פריזבע, דער פאַרהיל־טער אין דער פרימאָרגנדיקער לויכטעניש, זאָגט ער פרום: ״אַ גוט־מאָרגן דיר, וועלט!״

ווער מיר קלערן און וואָס מיר קלערן, אַז יענער, דער נישטגוטער, נישט געדאַכט זאָל ער ווערן, יאָגט שוואַלאָם נאָך אים, מיט אַזאַ האַרמי־דער, מיט אַזאַ ירגזון, אַז עס איז חיות נישט זיכער... דרייט ער, פאַר־שטייט זיך, יאַנטשע, אויף אַ טשעקאַוועסט אויס דעם קאָפּ און עס ווערט

אים נאָך פינצטערער אין די אויגן... אייסעך וואָס... איר זאָלט זאָגן מען זאָל עס זען אַ לעבעדיק נפש. נישט מער, דאָרטן אויבן פליוסקען זיך די שטערנדלעך אין דער בלויער הימל־שיסל און דאָ אונטן אויף דער זינ־דיקער ערד שויבערט אַן אָסיענדיק עצבותדיק ווינטל די נאַקעטעביימ־לעך פאַזע דעם וועג. פילט ער, יאָנטשע, אַז פון גרויס פחד איז דאָס בלוט אים פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן. זעט אויס, אַז די סטרא־אַחרא האָט זיך אָנגעזעצט אויף אים נישט אויף אַ קאַטאָוועס און לאָקערט אויף זיינע טריט. הייבט ער אָן, יאָנטשע, צו זאָגן די אַלע פסוקים און צירופים, וואָס זענען מסוגל צו פאַרטרייבן די טומאה... ער פאַרגייט אַזש צום זוהר, צו ר׳ משה קורדובירו, ר׳ יוסף קאַרו און צו די אַלע לאַנגפאַרגעסענע מקובלים. ער רופט אויף אַפילו זיין אור־אור־אור־זיידע, דעם מאינצער חכם עתיק ר׳ יעקב ב״ר אהרן יקיר, ער זאָל אים ביישטיין אין אָט דער גרויליקער שעה. נאָר עס העלפט נישט. עפּעס טאַקע נאָר ווי די ישיבה־של־מעלה האָט אָפּגעטאָן איר רחמים פון אים. דער צעהוליעטער כת לאָזט זיך ווילגיין אויף גאָר אַן אַנדערן אופן, ער שלעפּט אים שוין ממש ווי קורחן אין דער ערד אַריין...

איז הייבט ער אָן, יאָנטשע, גיך צו מישן די בלעטער פון זיין לעבן, ווי די פאַרגעלטע דפים פון אַן אַלט ספר — ער זוכט און נישטערט דאָרט עפּעס אַ פּגם, אַ זינד, פאַר וועלכער ער האָט פאַרדינט אָט דעם גרויסן עונש. און דערמאָנט זיך, אַז יאָ, עפּעס האָט ער איין מאָל אין אַ שמחת־תורה אויסגעטרונקען ביי זיינוול ברנש אַ גלעזעלע ווײַן... און דאָס איז אַפּנים געווען ייִן־נסך. און נאָך — פאַרשריַענע יאָרן זיינע — ער האָט זיך איין מאָל צו פיל פאַרקוקט אויף אַ ווייבעריש געקווייטלט יצר־הרעדיק שפּיצעלע פון אַ קלייד. אָט... אָט... אַ... אָט דאָס איז עס. פאַר אַלץ ווערט באַצאָלט. איז טראָגט ער זיך איצט ווי אַ וויכער, יאָנטשע... לויפט און פאַלט... און דער שד, רחמנא לצלן, פאַלט מיט אים און הייבט זיך אויף מיט אים און קנאַקט, און האַרמידערט עפּעס טאַקע גאָר ווי אַלע דיבוקים פון אַרבע פינות העולם זענען אַריין אין אים.

...שפּעטער האָט נעכע נישט אויפגעהערט צו דערציילן, ווי אַזוי איר יאָנטשע האָט אַזוי געהאַקט אין דער טיר, אַז זי האָט געמיינט, אַז דאָס

טאַראַמאַסעט אַ פּולק קאָזאַקן, אָדער וואַלד־גזלנים זענען זיי געקומען ראַבעווען.

אין יענער נאַכט האָט קיינער אין שטעטל נישט צוגעמאַכט קיין אויג. גאַנץ נאַוואָסעליץ האָט געראַטעוועט יאַנטשען. מען האָט געליאַפּעט אויף אים צעבערס וואַסער. מען האָט אים געשפּראָכן און פּירגעשפּראָכן. מען האָט געקאָכט שיסלען בליי. אַפילו זיינוול ברנש אַליין האָט גע־זאָגט תפילות פאַרן עמוד. און אַלע ווייבער האָבן אים אָפּגעשריִען.

ערשט פאַרטאָג, ווען נאַביט פעלדשער — דער מיטן אויערינגל אויפן רעכטן אויער — האָט אים אַריינגעלאָזט אַ גרין וואַסערל אין די אָדערן, איז ער געקומען צו זיך.

אויפגעעפנט די בלויע פייכטע אויגענעס זיינע און דערזען דעם עולם אַרום זיך, עס הייסט די דעמבענע יידן, פון וועלכע עס זעצט אַ ריח פון יוכטענע שטיוול און שאָפענע שמוישן, האָט יאַנטשע באַשלאָסן, אַז די זינדיקע וועלט האָט אויף אַ האָר זיך נישט געביטן. נו, האָט ער טאַקע קיין סך נישט געברייעט. און צוגעמאַכט פון ס׳ניי די אויגן, און ס׳איז אַוועק אַ חלשות, אַז די געוואַלדן אין שטעטל זענען געגאַנגען ביז צום זיבעטן הימל.

...דאַרף גראָד פּאַסירן, אַז בשעת הדחק האָט נאַביט פעלדשער גע־הייסן אים אויסטאָן, יאַנטשען, די אויבערשטע בגדים און דעמאָלט, פּלאי פּלאים, האָט נעכע, זיין ווייב, דערזען, אַז אויף זיין ליוסטריגענער קאַ־פּאָטע באַמבלט זיך אַ ריזיקע גרודע פּאַרטריקנטע בלאָטע, וואָס ער האָט זי שוין ווער ווייס וויפל וואָכן נישט אָפּגעדריוולט, און דעמאָלט איז געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט עס פאַרגעדענקט אויף אימער און אייביק און וואָס איז געוואָרן דער גורם פון אָט דעם צונאָמען, וואָס שלעפּט זיך נאָך די אַלע יקירלעך מדור לדור... דהיינו, ברגע האָט נעכע אַראָפּגעריסן פונעם שטערן דעם נאַסן האַנטעך מיטן געריבענעם רעטעך — אַ מין סגולה קעגן חלשות. צו ערשט אַ מאָדנעם קריי געטאָן און דערנאָך גענומען אַזוי לאַכן, אַז אויף איר קוקנדיק האָבן געלאַכט נישט נאָר די נאַוואָסעליצער בורמילעס און זייערע פּאַרקליאָס־טעטע ווייבער, וואָס האָבן אָנגעפילט די שטוב, נאָר אַפילו די ציִנערנע

לייכטער, דער אַלטער קאַמאָד מיט די צוויי לייבן און דער געשטשערבע־טער שפּיגל האָבן, מאָלט אייך, אויך ווי גענומען לאַכן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט אַזוי טוט זיך עס, ווי עס שרייבט זיך. ביים אָנהייב, אַז זי האָט געגעבן די יקיר׳קע דעם שלשלתדיקן קריי און דער־נאָך גענומען אַזוי משונהדיק לאַכן. האָבן זיך הן ביי די ווייבער, הן ביי די מענער פֿאַר שרעק אונטערגעהאַקט די הענט מיט די פּיס. דער איינ־ציקער, וואָס האָט נישט פֿאַרלוירן דעם קוראַזש, איז געווען זיינוול ברנש. בעוויל ער האָט תיכף אָפּגעבונדן דעם רויטן ליוועראַנטישן גאַרטל זיינעם פֿון די הויזן און ממזריש אַ ווונק געטאָן צו זיינע צוויי טרייע אונטערהעלפֿער, וועלוועלע טשערעדיניק און בערעלע פּאָטאָפּ, ווי ער זאָל וועלן זאָגן — יאָלדן, וואָס איר זענט, אַז די יידענע איז שוין אין גאַנצן אַרויס פֿון די האָלאָבליעס, מען דאַרף מיט איר קיין סך שהיות נישט מאַכן, זי בינדן און אָפּפֿירן אין משוגעים־הויז.

נאָר אַז נעכע האָט געגעבן אַ פֿאָכע מיט די ברייטע אַרבל פֿון איר לאַנגער קאָפּטע, ווי אַ גאַנדז מיט די פֿליגל, און אַ כאַפּ געטאָן די פֿאַר־בלאָטיקטע קאַפּאָטע אין די הענט, זי אויפֿגעהויבן העכער איבער איר קאָפּ און געוויזן אַלעמען פֿון וואַנען דאָס אומגליק קומט... האָט זיינוול ברנש קריק צונויפֿגעקאַטשעט דעם גאַרטל, זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן ליימענעם דיל און גענומען לאַכן, נאָר אַזוי ווי ער, זיינוול, קען.

„...אַזאַ מרעיש עולמדיק געלעכטער וועט מען אפֿשר נאָך הערן ווען משיח וועט קומען״ — האָט מען מיט יאָרן שפּעטער געזאָגט אין שטעטל.

דערנאָך האָט זיינוול אַ זעץ געטאָן מיט דער האַנט אין טיש און אַ הילך געטאָן: „צעגייט אייך, ליידאַקעס, אַהיים און הערט שוין אויף צו יאַכמערן, איר זעט דאָך, אַז יאָנטשע האָט פֿולע הויזן מיט ליים... ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דער אייגענער קאַפּאָטע. איז וואָס זשע האָט איר אויסגעסטאַרטשעט אַזעלכע קוקערס אויף מיר? אפֿשר רעד איך נישט צו דער זאַך, האַ? ס׳מיינט איר, ער ט׳שטאַרבן, האָט נישט קיין מורא, נאַראָנים שטאַרבן נישט אַזוי גיך. אַ נאַר לעבט אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט אים אַליין נמאס צו לעבן״.

פון דעמאָלט אָן האָט מען יאָנטשען געקרוינט מיט אַ שפּאָגל נייעם צונאָמען — יאָנטשע נאַר. די ערשטע צייט, אַז ער פלעגט שפּאַנען איבער די נאָוואָסעליצער געסלעך, און ווייסע חברה פלעגן אים נאָכלויפן און שרייען אויף קולי־קולות — אָט גייט דער נאַר! — פלעגט ער פאַר בושה זיך נישט וויסן ווו אהינצוטאָן. אָבער שפּעטער האָט ער שלום געמאַכט אויך מיט דעם גזר און באַטראַכט עס ווי אַ מין עונש פון זיין ליבן נאָמען. „אפשר — האָט ער געטראַכט — אפשר האָט ער געזינדיקט מיט דעם, וואָס ער האָט געלאָזט אַ גאַנצע קהילה זינקען אין תהום פון גשמיות און דערפאַר מוז ער אַזוי ביטער אָפּקומען".

און אין אַ צייט אַרום, אַז קליינוואַרג פלעגט אים באַגלייטן מיט דעם שיינעם צונאָמען ביז צו דעם איינגעהויקערטן שטיבל זיינעם, פלעגט ער גוטווייליק שמייכלען און זיך נאַר בעטן ביי זיי:

— קינדערלעך, צאַן־קדשים, טאַקע דאָס זעלבע. אָבער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. נאָר אַ ביסעלע שטילער. ווייל איר פאַר־הילכט מיר די אויערן.

...און טראַכטנדיק זעט אויס, אין זיין תמימות, אַז יידישע קינדער־לעך, וועלכע זענען רק אויסגעשטעלט אויף צרות און פורעניות, לאַכן אַזוי מיטן פולן האַרצן. האָט ער עס געהאַלטן פאַר אַ מין זכיה, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, אַזאַ שליחות צו דערפרייען קליין און גרויס, און ער פלעגט שוין, דער עלטער־זיידע מיינער, זיך פאַרגינען אַפילו אַ וויצל צו טאָן:

— רוף מיך נאַר און גיב מיר לעקעך!

# די לבנה קוקט דורך א בריל

אַ שבתדיקער זומערדיקער בייטאָג.

אַ זון אַ גרויסע, אַ קײַלעכדיקע, ווי אַ מאַמעליגע, כאָטש נעם און צעשנייד זי מיט אַ פֿאָדעם, שיט מיט פּריסיק. דאָס שטעטל, אַ פֿאַרמאָראַ־טשעטס, דרעמלט אין שאָטן פֿון די צעגרינטע ביימער און אין קילקייט פֿון די ברינעמער.

אַנו פּרווו זיך אויף אַ טשיקאַוועסט אַרויסלאָזן פֿונעם שטעטל אין וועג אַריין, ביסטו אַ פֿאַרפֿאַלענער. די זון גיט דיך אַ פּאַק אין פּעלד, אַ כמאַליע און אַ סמאַליע, און צעשמעלצט דיך, ווי אַ ליכט.

זעט אויס, אַז אַלע שפּירן עס, און דעריבער רירט מען זיך נישט פֿון די ערטער. ווער סע כאַפּט אַ דרעמל אין שטוב, און ווער סע דריכניעט צו אויף דער פּריזבע.

די, וואָס האָבן זיך שוין אויסגעטשוכעט פֿונעם שלאָף, רייבן זיך אויס איין אויג, דערנאָך דאָס צווייטע. מע קוקט זיך אַרום, מע קוקט איבער די פּלויטן און אַז מע זעט נישט קיינעם און מע הערט אַפֿילו נישט קיין פּיפּס, — גענעצט מען אויף ס׳ביי.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך הייבט מען זיך אויף פֿון די פּריזבעס, מע שפּאַרט זיך אָן אין אַ בוים, און מע רעדט זיך איבער איינער מיטן אַנדערן איבער די געדיכט־באַוואַקסענע שטאַכעטן.

...און ווידער שאַ־שטיל. ווו טוט מען זיך אַהין אין אַט דעם לאַנגן פּעכיקן שבתדיקן נאָכמיטאָג? עפּעס זעט אויס דאָס שטעטל אונדזערס איצטער, ווי אַן אַלטערטימלעכע פעסטונג פון מלך סאָביעסקיס צייטן, ווי אַ פאַרלאָזטע חורבה, שיר־שיר נישט ווי אַ מידבר.

...שיקט זיך, אַז מ׳עט טאַקע אַזוי לאָזן דאָס שטעטעלע אונדזערס, ס׳זאָל אויסגיין פון סקוטשנעקייט? עפּעס מוז דאָך געשען. אַ דונער, אַ בליץ. אפשר וועט באַלד אַ ליאַפּע טאָן אַ רעגן! אפשר וועט זיך אַ מלאך אַראָפּלאָזן פונעם הימל. אָדער גאָר אַ לאַפּיטוטניק וועט קומען צו רייטן אויף אַ ווינזלטיר. עפּעס מוז געשען.

און ווידער אַ מאָל און איבער אַ מאָל דאָס נעמלעכע. פונעם הימל שיט אַלץ מיט פּריסיק. אַלע באַשעפענישן זענען אַריינגעקראָכן אין זייערע באַהעלטענישן. וואָס דאַרפט איר מער? די משיח־פערדלעך זענען אויך אנטרונען געוואָרן.

מילא די גרויסע, ווי די גרויסע, נאָר אונדז, קליינוואַרג, איז ביטער וואָס ביטערער קאָן גאָרנישט זיין. אַזאַ ספּעקע*, אַזאַ ספּעקע! אַזש דאָס וואַסער אין טייכל איז אויסגעטריקנט און ס׳איז נישטאָ אַפילו ווו זיך אַ פּליוסקע צו טאָן!...

אוי, איז אַ גרויסער נעבעך אויף אונדז! מיר פויזען עפּעס טאַקע נאָר ווי די פּרעש אונטער די פּלויטן, פּאַזע די ווענט. און די זון, גאָטס סאַר־ווערין, און שרפּהרין**, סמאַליעט אונדז און טשמעליעט אונדז אָן רחמנות. די גרויסע שרייען אָן אויף אונדז, אַז מיר זאָלן זיך נישט אַרומשליאָנדערן פּוסטעפּאַס און מיר זאָלן כאָטש אויסשוועקן אונדזערע פאַרקליאָסטערטע מיילעכלעך מיט אַ בלעטל פּרק. נאָר מיר מאַכן זיך תמעוואַטע און זעצן זיך אַוועק אויף אַ מאָכיקן שטיין און וואַרטן און וואַרטן. עפּעס מוז דאָך פאַרלויפן, עפּעס מוז דאָך פאָרקומען, עפּעס מוז דאָך געשען.

און זע נאָר, טאַקע וווּנדער איבער וווּנדער! נישט אומזיסט האָט גע־וואַרט און געשמאַכט אַ שטעטל מיט קינדער. ס׳איז געשען, ס׳האָט זיך

* בראַנד.
** לייען: סאַרפּערין (וואָרטשפּיל).

געטראָפן, ס׳איז זיך פאַרלאָפן. איר פרעגט מיך וואָס? איר פרעגט מיך ווען? אָקאָרשט דעמאָלט, ווען די זון איז שוין געוואָרן פּאָמס־רויט — אַפּנים פאַר בושה וואָס זי האָט אונדז אַזוי אָפּגעכוימלט דעם שבתדיקן טאָג, איז די בשורה אַראָפּגעפאַלן, נאָר ווי אַ צייטיקער עפּל פונעם בוים. אפשר האָט זי אַראָפּגעבראַכט אַ פייערפויגל אָדער אַ ווינט. אָדער אפשר אונדזער גרויסע קלעמעניש און בענקעניש. אָדער אפשר גאָר האָט זיך דער האַרטנעקיקער בייזער יידישער גאָט ברוך הוא מרחם געווען אויף אונדז, קינדערלעך, זיינע הייליקע שעפעלעך. ס׳טויג אייך מעשיות? זי איז געקומען, און נאָך ווי אַזוי געקומען!

מאָלט אייך, צו ערשט האָט אַ שורשע געטאָן אַ בלאָט. און באַלד האָבן אַלע איבעריקע בלעטער פון די ביימער זיך אויפגעכאַפּט. דערנאָך האָט זיך אַ פייערדיקער וואָלקן אויפגעהויבן פון דער ערד ביז צום הימל. דאַן האָט אָנגעהויבן צו טאַראַמאָסען און האַרמידערן. און כרגע האָבן אַלע אַרויסגעפּראַלט פון די שטיבער — קליין און גרויס. און אַ נס, אַ גרויסער נס איז געשען.

...זאָל עס דער בעל־פנקס פאַרשרייבן לדורי־דורות. אַ צירק! אַ אמתער צירק איז אַראָפּגעקומען צו אונדז אין שטעטל!

אַ געזעמל! אַ גערודער! אַ האַרמידער! אַ טאַראַראַם! אַזש ס׳עקט זיך די וועלט. אַלע האָבן מיר זיך צונויפגענומען אין סאַמע מיט פונעם שטעטל. אַ ראָד! וואָס זאָג איך אַ ראָד? אַ גאַנצע מחנה!

אין סאַמע אויבנאָן זיצן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס.

אויף די מאַמישע פּאָדעלעקעס דאָס קליינוואַרג.

און צווישן קליינוואַרג און אונדזערע עלטערן האָבן זיך איינגעמאָס־טיעט אונדזערע זיידעס און באָבעס.

מיר, גמרא־ און רש״י־יינגלעך, וואָס האָבן שוין ברוך השם דערלעבט צו זען אַ שפּראָציקל פון אַ וואָנצע אויף דער ליפּ, האָבן אַרויפגעקלע־טערט אויף די ביימער.

און די מיידלעך, די אונטערוואַקסנדיקע, די, וואָס טראָגן שוין קלייד־לעך מיט גאַרטעלעך און באַהאַלטן אויס זייערע שטייפע בריסטלעך הינ־טער זייערע ציצענע קאָפּטעלעך, האָבן זיך געבעך נישט ווי אַהינצוטאָן.

זיך אויסזעצן אויף דער ערד פּאַסט ניט פֿאַר זיי, ווייל אָקאָרשט מע זעט נישט שטייען זיי שוין אין שידוכים. אַרויפקלעטערן, ווי מיר, אויף די ביימער, וועט מען זאָגן חס וחלילה, אַז זיי זענען פֿאַרשייטע, ווי מיר, יינג־לעך. דרייען זיי זיך אַרום אַהין און אַהער און געפֿינען זיך קיין אָרט נישט.

אוי, זענען זיי נאַריש! ווער קוקט זיך דען אום איצט אויף זיי, ווען אַרום אונדז איז אַזאַ וווּנדערוועלט!

פֿון דעם בלויען געצעלט, וואָס האָט זיך אויגנבליקלעך באַוויזן אין סאַמע מיטן גאַס, האָט זיך אַרויסגעשלייכט אַ גרינגפֿיסיק מיידל מיט אַ קליין פֿאַרטעכל, וואָס האָט אַן אויסגעהעפֿט בלימל און צוויי גרויסע קעשענעס, און טראָגן טראָגט דאָס מיידל גרינע אָקסלבענדער איבער אַ קורץ קליידל מיט אַ טוניקל.

סאַראַ טייער מיידל! מיט אַ פֿאַרשנורעוועט מיילעכל, ווי אַ גראָשעלע די גרייס. אויגן שוואַרצע, סמאַליענדיקע, אין וועלכע עס ברענען בענק־שאַפֿט־פֿייערלעך.

— זע נאָר, מען זעט ממש די ליטקעס! — כיכיקעט אין דער זשמעניע אַריין אונדזער שכן אַלטער קלאָץ. אַזוי האָט ער דווקא גערירשנט זייער אַ גרויסאַרטיקן פֿאַמיליע־נאָמען — מירמלשטיין, נאָר פֿון מירמלשטיין ווייסט מען דאָ נישט. דאָס שטעטל רופֿט אים אַלטער קלאָץ דערפֿאַר, ווייל ער איז זייער אַ צעיווירענער, אַ בערישער און אַלץ טוט ער פֿאַמעלעך.

— איבער אַזעלכע בעל־עבירהניצעס איז די הייליקע שטאָט ירושלים חרוב געוואָרן! — שאַמקעט אַ גרייז־גרויער ייד, וואָס האָט שוין פֿאַר־לוירן דעם חשבון פֿון זיינע אייניקלעך.

נאָכן מיידל פֿליִען אַרויס פֿון געצעלט אַ פּאָר פֿערד. אַלץ הייסט פֿערד. פֿערד פֿון פֿערדנלאַנד! ווייסע, ווי פֿינע *־מילך. מיט שיינע גע־קרויזטע גריוועס. אַזעלכע פֿערד האָט געקערט איינשפּאַנען אין זיין קאַרעטע אליהו הנביא, ווען ס'איז אים נמאס געוואָרן אַרומצוּוואַנדערן אויף אונדזער זינדיקער ערד און ער האָט זיך איינס־צוויי אַרויפגעכאַפּט אויפֿן הימל.

---

* שוימיקע.

און זע נאָר, זע אָקאָרשט, מע טוט נאָר אַ פינטל מיטן אויג, כאַפּט זי זיך אַרויף, דאָס מיידל מיטן קורצן קליידל, אויפן פערד און שוואָליאָם רעדלט זי זיך אַדורך דריי מאָל, האַלטנדיק אין איין האַנט אַ שווערד און אין דער צווייטער האַנט אַ פעכער.

— אַזאַ כלבטע! אַזאַ מאַרעוויכערקע! אַזאַ מוידיכע! — גאַפט מען פון אַלע זייטן.

נאָך איר רייסן אַרויס אַ פּאָר זשוואַווע יינגעלעך אויף שוואַרצע לאָשעקלעך,און סיי די יינגעלעך און סיי די לאָשעקלעך האָבן טרויעריקע אויגן נעבעך. די יינגעלעך וואָלטן זיך וועלן שפּילן, און די לאָשעקלעך? אוי, ווי ס׳ווילט זיך זיי פּאַשען אין גראָז!

אָבער דאָס איז ערשט נאָר אַ פאָרשפּיל.

ווייל אָט יאָוועט זיך אַרויס פון געצעלט אַ יונג מיט ביינער און אויף זיין רוקן טענצלט זיך אונטער אַ מאַלפּעלע, אַ קליינס, אַ ריירעוודיקס, נאָר עס זעט אויס צו זיין אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן.

דאָס מאַלפּעלע האַלט אין די לאַפּקעלעך אַ קליין אָפּן סידורל און לעקט מיטן צינגעלע די שורהלעך.

מע דאַרף פאַרשטיין, אַז ס׳איז אַ מין מאַלפּיש דאַווענען.

און דאָס יצר־הרעדיקע מיידל אינעם קורצן קליידל און מיט דעם פאַרטעכל, וואָס האָט אַן אויסגעהעפּט בלימל, פאַרשנורעוועט די ליפּעלעך און צעפּכינקעט * זיך מיט אַ נאַס תחינהדיק קולעכל:

מיינע געברידער און שוועסטערן,
כ׳בעט אינען ניט רודערן און וויטן,
דען די אָרעמע מאַלפּע
טוט צום הער גאָט ביטן...

— עפּעס דברט זי קוידערוועלש!

— זי יכולט זיך, די מויד, אויף אַלע לשונות!

— איר שפּילט זיך מיט איר? אַז יענע איז געווען נאָך אַ שאַנסאָנעטקע ביי איר מאַמען אין בויך.

---

* צעכליפּעט.

—וואָס איז דאָס שוין פאַר אַ מין ניימאָדיש וואָרט שאַנסאָנעטקע ?

— האַ ?... אַ פריילעכע, ווילט איר זאָגן ?

דאָס מאַלפעלע פרעפלט נאָך אַ ביסל מיט די לעפצעלעך און דערנאָך לייגט עס אַוועק דאָס סידורל אויפן יונגאַטשס פּלייצע. און אין איין אויגנבליק גיט עס אַ האָפּקע אויפן געקרויזטן קאָפּ פונעם מיידל אינעם קורצן קליידל, און מאָלט אייך, סע לאָזט איר אָפּ אַ קוש גלייך אין איר פּאַרביק בעקל.

— נו, איז ער נישט גערעכט, דער אויסלענדישער חכם, וואָס האָט געזאָגט, אַז מיר שטאַמען אַלע פון די מאַלפּעס... אין גאַנצן, אַלע קונצע־לעך פון אַ בשׂר־ודם.

— ווילט איר זאָגן, אַז אונדזער אורפאָטער אברהם קומט אויך אַרויס פון אַ מאַלפּע ? — בייזערט זיך דער הערער.

— און אַז טאָמער יאָ ? ט׳ער איינגעבן אויף מיר ? ס׳איז היינט שוין במילא אַלץ הפקר פּעטרישקע.

סאַראַ כישופדיק געצעלט ! ס׳איז דאָרט, זעט אויס, פאַראַן יענע מעצאָצעס. ווייל די צוויי יידן האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן צו ספּראַווען מיט אברהם אבינו, ווי סע באַווייזט זיך פון דאָרטן אַ ברייטפּלייציקער יונג מיט אַן אוירינגל אין רעכטן אויער, וואָס פירט אַ בער אויף אַ קייט.

קליינוואַרג הייבט אָן צו כליפּען. פאַר שרעק ציִען אויך אַריבער די ווייבער די טיכלעך איבער די אויגן. נאָר אַלטער קלאָץ צישעט איין אַלע־מען. דאָס שווערט ער זיך מיט כלערליי שבועות, אַז ווען ער האָט זיך אומגעקערט פונעם פעלד אַהיים, האָט ער געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, אַזוי זאָל ער דערלעבן צו זען משיחן, ווי דער בער האָט געשפּאַנט אויףביידע פיס מיט אַ שטעקן אין איין האַנט און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער געפירט דאָס מיידל מיטן קורצן קליידל געאָרעמט.

עפּעס גלייבט מען אים יאָ, עפּעס גלייבט מען אים נישט, נאָר מ׳האָט נישט קיין צייט איבערצופרעגן, ווייל איידער וואָס, איידער ווען, גיט דער יונגאַטש אַ קוש דעם קוועקזילבערדיקן מיידל אין איר קליין מיי־

לעכל, און פונעם קוש ווערט תיכף געבוירן אַ גרין שלענגל, וואָס קאָר־טשעט זיך אין דרייען.

— ס׳איז שוין דאָס רעכטע שלענגל, — קרעכצט יעמערלעך אַ יידע־נע, — ס׳קער זיך אָן מן הסתם אַ גלידשוועסטערקינדל מיט יענער שאַלק־האַפּטיקער שלאַנג, וואָס האָט אַראָפּגעפירט אונדזער מוטער חוה פונעם וועג.

אָבער קיינער הערט זי נישט. ווייל... פּופּטערנע * כאַפּט אויס דער בער ביים מאַלפּעכל דאָס סידורל און גיט עס אַ שליידער צום ברייט־פּלייציקן פאַרשוין מיטן אוירינגל אין רעכטן אויער. און יענער גיט עס אַ וואָרף צו דעם מיידל, דער בעל־עבירהניצע, און זי, די כלבטע, צוריק צום בער. און ער, דער בער, עפּנט אויף אַ מויל, ווי אַ טויער די גרייס, און שלינגט איין דאָס סידורל, ווי אַ האַלעשקע.

דערזעען, אַז דער בער האָט איינגעשלונגען דאָס סידורל, גייעןביידע יונגאַטשעס אַריין אין גרויס צאָרן און טוען אַ שליידער דאָס מיידל מיטן קורצן קליידל אויפן פאַרביקן טעפּיך און כאַפּן פון ערגעץ ווו אַרויס אַ זעג און נעמען זי זעגן.

— גוואלד, יידן, רחמנים בני רחמנים — יעכצט מער ווי אַלע באַבע די סאַרווערין, — וואָס שטייט איר עס ווי די סטאַטעקעס און קוקט צו, ווי די היצעלעס ווילן אומברענגען אַ יידיש קינד?

— פון וואַנען איז געדרונגען, אַז ס׳איז אַ יידיש קינד, איר זענט געווען אויף איר „ברית׳צע״?

איך האַלט עס נישט אויס. עס ווערט מיר הייס און קאַלט. איך שפּרינג אַראָפּ פונעם בוים און לאָז זיך ראַטעווען דאָס מיידל מיטן אויסגעהעפּטן בלימל. ערשט יענע גיט אַ שפּרינג אַדורכן רעמל פון דער זעג און גיט אַ צעפּאַליע די פאַרביקע אַרבל פון איר טוניקל, פון וועלכע עס פליִען אַרויס צוויי פעכלדיקע געשפּרענקלטע טייבעלעך.

אַזאַ הילולע האָט מען נאָך אין אונדזער שטעטל נישט געזען. איין יונגאַטש שפּילט אַ קאַדריל אויף אַ צעלאָמעטער קאַטערינקע. די פערד

---

* תיכף.

און דער בער האָבן זיך עס גאָר מיט אַ מאָל צעטאַנצט. דאָס מיידל און דאָס מאַלפּעלע דרייען זיך אויך אין אַ ווילדן ווירבער, און די טײַבעלעך קרײַזלען זיך איבער אירע צעלאָזענע האָר.

— באַהיט זאָל מען ווערן, אין אַ שבתדיקן טאָג אַזאַ געדוודע * — שמונצערט באַבע די סאַרוועריין מיט די ליפּן.

— פאַרלאָזט אײַך אויף אים, ער זיצט אויבן און פאַרשרייבט, וואָס מיר טוען דאָ אונטן. איר'ט „מירצעשעם" זען, אַז דאָס געלעכטער וועט אונדז אַרויס אויף דער נאָז.

— וואָסי, יידן טאָרן זיך ניט פרייען? מיר זענען חס וחלילה קיין מענטשן נישט?

— ווער זאָגט דען, אַז מיר זענען קיין מענטשן נישט? גאָר אַזוי איז שוין דער שיינער דרך העולם, אַז פאַר יעדן ביסל פרייד באַצאָלן מיר מיט ריקעס ** בלוט.

שאַ! ערשט איצט קומט די אמתע פאַרשטעלעניש. די מאַלפּע, דער בער, וואָס האָט געפירט געאָרעמט דאָס מיידל מיטן קורצן קליידל, און זי טאַקע אַליין, אַ צעפלאַמטע, אַ לויכטנדיקע, דאָס פערד לעבן איר און מיט דיביידע יוגאַטשעס נאָך איר, שפּאַנען אַרום צווישן עולם מיט גרויסע טעצלעך אין די הענט און מע קליאַנטשעט אויס וואָס סע לאָזט זיך.

די קולות זענען עפּעס ביי די מענער אָנגעדראָלן, פול מיט יום כיפּור־קרעכצעלעך. אויף דעם מיידלס קולכל איז אַ תחנונימדיקס, אַז סע לאָפּ־טשעט מיך אַזש ביים האַרץ, ווען כ'הער ווי זי זאָגט:

— ווער אַ געשענקע גיט,
דעם גאָט פון צער באַהיט.

— ס'איז נעבעך אַ קינד אַ יתומה, וויי דער מאַמען אירער! — באַוואַשט זיך אַ יידענע מיט טרערן.

---

* פאַרגרייזט פון גדולה. געמיינט שמחה.
** טייכן.

— וואָס שטייט איר ווי די גולמס און לאָזט זיך לאַנג בעטן, ווען מע דאַרף אַ מענטשן רעטן? — מוסרט מען זיך איינס דאָס אַנדערע.

ס׳איז גוט צו קוקן, ווי אויגנבליקלעך ווערן די טעצלעך פול מיט שטיקער קוגל, מאָן־פּלעצלעך, אָפּגעריבענע רומענישע לייעס, געפילטע פיש און פאַרשיידענע שבת־אויבסן.

דער יונגאָטש מיטן אוירינגל אין רעכטן אויער הירזשעט אַזש פאַר פרייד. ער וואַרפט דאָס מיידל מיטן קורצן קליידל אַ פּאָר שטיינדלעך אין פאַרטעכל, און זע נאָר זע, פון די שטיינדלעך ווערן בלויע בלימעלעך, און דערנאָך פון די בלימעלעך נאָך אַ מאָל שטיינדלעך, און די שטיינדלעך הייבן זיך אויף אין דער לופטן און ווערן מיט אַ מאָל טראָפּעלעך וואַסער. און אַזוי אַ מינוט, און צוויי מינוט, און דריי מינוט. פון שטיינדלעך ווערן בלימעלעך, טראָפּעלעך וואַסער... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר, חברה וואָס זיצן אויף דיביימער, כאַפּן זיך אויף פּיטש־נאַסע ווי די הינדעלעך,

עס ליאַפּעט אַ רעגן ווי מיט צעבערס.

איך יאָג אַהיים, און, לויפנדיק, כאַפּ איך אויף שפּליטערס פון עמעצנס רייד:

— זאָלט איר וויסן זיין, אַז דער אייבערשטער האָט אויך ליב, אַז ס׳איז פריילעך אויף דער ערד. אַ סימן — ט׳האָט ער אונדז געשיקט אַ רעגן...

*

— די לבנה קוקט דורך אַ בריל.

אַזוי זאָגט אַלע מאָל די מאַמע מיינע, ווען זי וויל, אַז איך זאָל ביי נאַכט זיצן אין שטוב און נישט וואַיעווען ביז שפּעט מיט די ווייסע־חברה־ניקעס פון שטעטל.

עס דאַרף הייסן, אַז די נאַכט איז אַ מוראדיק חשכותדיקע, אַז די פינצטערניש איז אַזוי געדיכט, אַז מע קאָן זי שניידן מיט אַ מעסער.

אַ מאָל זענען די מאַמעס ליפּן געווען רויטע און פרישע ווי די וויינ־פּערלעך, אָבער איצט זענען זיין שוין בלויע און פאַרוועלקטע. מיין מאַמעס

זאַפטיקע ליפּן זענען איצט ווי נאָר געגעבן געוואָרן אויף צו זאָגן קלאָגעוור־דיקע, האַרץ־נאָגנדיקע תפילות, און דעריבער קלינגען איצט די ווערטער אירע וועגן דער לבנה אַזוי טרויעריק, אַזוי האַרצקלעמענדיק.

...אַ טרויעריקע לבנה און אַ טרויעריקע שבת־נאַכטיקע מאַמע. אַ מאָל אין חדר האָב איך געלערנט, אַז די לבנה איז משה רבינו׳ס פּנים. איצט, פון זינט איך האָב שוין אַ שפּראָציקל פון אַ וואָנצע אויף דער ליפּ, און איך בחור זיך שוין, ווייס איך, אַז די לבנה איז נישט מער ווי אַ פּאַר־שטאַרטער אָנגעוואָלגער פון ערד, מיט וועלכער ס׳טוט אַ חסד גאָטס שרפה׳רין און סאַרווערין, די זון, און דעריבער בליאַסקעט זי ביי נאַכט — אַנטלייט אַ גמילות חסד ביי דער זון, אַ ביסל ליכט, און קאַיאַר קערט זי אים אום.

איז דעריבער קוקט זי איצט אַדורך אַ בריל, דערפאַר שיינט זי איצט אַזוי טריב, טרויעריק, זי, די אייביקע ליכט־בעטערין.

די לבנה פאַרגייט קיין מאָל נישט. די לבנה לעשט זיך אויס, ווי אַ זקנה. איי, ווי זי קער מקנא זיין דער זון! יענע גייט אויף און פאַרגייט אַזוי שאַרלאַך־רויט, אַזוי בלוטיק־פאַרביק.

אָבער פון זינט איך בין עלטער געוואָרן, קלעמט מיר דאָס האַרץ, ווען איך הער, ווי די מאַמע תחינהט ווי פאַר זיך אַליין: די זון פאַרגייט אין פלאַמען... אַלע פאַרגייען מיר אין פלאַמען... אַ גרעסער פלעמל, אַ קלענער פלעמל. אַלץ איינס ברענט מען אויס. און ווי דאָס מזל שפּילט צו — נאָך איינעם בלייבט אַ הרודעלע אַש און נאָכן צווייטן — אַ פּאָר פונקען אין הרודעלע אַש.

לויט מיין מאַמען קומט אויס: אַ טרויעריקע לבנה... אַ טרויעריקע זון... און נאָך מער אַ טרויעריקע וועלט...

אַנטלויף איך איצט פון מיין שבת־נאַכטיקער טריבער מאַמען. איך טראָג זיך ווי אַ וויכער. דאָס לויף איך אין איין אָטעם אין פעלד, הינטערן שטעטל, ווו ס׳נעכטיקן אין זייער ביידל די צירקלייט.

און דאָס פעלד איז זיך אַ פעלד. עס לעבט זיך מיט זיין לעבן. עס בלאָזט אַ ווינטעלע און דיביימער וויגן זייערע צווייגן, זייערע קרוינען. זיי וויגן אויך זייערע בלעטער און די בלעטער שורשען צו מאָל אַזוי

מונטערנדיק און צו מאָל אַזוי עצבותדיק. און די סטערטעס מיט פּאַפּ־שויעס גלימצערן אונטער דער בלייכער לבנה־שיין. עפּעס טאַקע נאָר ווי גאַנצע וועלדער מיט פּאַפּשויעס קלינגען מיט זייערע געל־געוואָרענע בלעטער.

איצט שפּאַן איך אַזוי שטיל מיט אַזעלכע סאַמעטענע טריט, ווי איך וואָלט אַריינגעשפּאַנט אין סאַמע האַרץ פון דער שטילקייט.

אוי, ווי שלווהדיק! כאַטש נעם און לייג אַוועק דיין ייִנגלש האַרץ אין סאַמע מיטן פעלד, עס זאָל איינזאַפּן אין זיך די לאַשטשענדיקע רו פון דער נאַכט.

...פונעםביידל קומט זי אַרויס, דאָס מיידל, וועלכע טראָגט אַ קליין פאַרטעכל, וואָס האָט אַן אויסגעהעפּט בלימל.

— וואָס וואָלטן זי, שיינער קנאַבע? — איז איר קליין יאָדערדיק מיילעכל פול מיט דייטשמערישע ווערטער.

ווען איך שעם זיך נישט, זאָג איך איר, אַז כ׳ווייס נישט, וואָס עס באַטייט דאָס וואָרט „קנאַבע". און אַז עס קומט מיר אויס, אַז סע קער זיך אָן מיט קנאָבל.

אָבער אַרום אונדז איז אַזאַ גרינע וווּנדערוועלט און איבער אונדז אַ הויכער הימל, וועלכער מינעט זיך, בייט אַלע מאָל זיינע קאָלירן. איי, איי, אַ הימל! אָט איז ער פּאָמס־רויט, און פאַר אַ נאָווינע צעליכטיקט ער זיך אַזאַ בלוי־ראָזעווער איבער אונדזערע קעפּ. און עמעץ שפּינט אונדז אַרום אַזוי שפּינוועביק־דין מיט קוים באַמערקבאַרע סאַמעטענע פעדעם. און עס קומט מיר גאָר אויס, אַז דאָס גרינגפּיסיקע נאַכטיקע ווינטל שפּילט אויס אויף זיי, אויף די פעדעם, ווי אויף גילדערנע סטרונעס אַזוי טרערנ־שטיל און אַזוי בענקשאַפטספאַרביק אַ ניגון, וועלכער דערמאָנט דעם טרילערדיקן געפּלויש פון פידלען.

די לופט איז פול מיט ניגון־געציטער. און דער אָוונט איז אַזאַ דינער, אַזאַ דורכזיכטיקער און אַ בלויער. שטיל אַרום, נאָר אין איין עק דאָרף בילן הינט און אין צווייטן עק האָנערט זיך גדלותדיק אַ האָן.

— פריילין, — פּאַליע איך אַרויס אין איין אָטעם אַ סאַמעטן וואָרט פון שמר׳ס אַ ראָמאַן, — פריילין, נעמען זי ביטע דיזע קליינע געשענקע,

— און איך לייג אַריין אין איר האַנט אַ בוימל־בולקעלע, אַ באַשפּרענקטס מיט מעלעך.

כראַמטשעט זי אין דער שטיל דאָס פאַרהאַרטעוועטע בוימל־בולקעלע, און וויינט. עס איז מיר זייער טשיקאַווע, וואָס גראַד זי, אַזאַ מוי־דיכע, וואָס גאָט און לייט גאַפן פון אירע קונצן, זי זאָל דאַרפן כליפּען און טרערן פאַרגיסן, ווי עפּעס אַ פאַרוואָרלאָזטע יתומה, ווען עס קומט מיר גאָר אויס, אַז זי וואָלט געדאַרפט ווי די פּרינצעסין פון מעשהלע זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ פערד און זיך טראָגן ווי אַ ווינטער.

נאָר די פערד, די פערד פון מעשהלע, האָבן זיך אויסגעראָסטיעט אין גראָז און פריכקען גאָר מיט די באָזלעכער, קענטיק, אַז זיי זענען אויך פאַרמאָרעט נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. און אַרום איז אַלץ שטיל. נאָר דאָס גראָז שורשעט, און וויפל מיין יונג־בחוריש אויג פאַרנעמט, זע איך, ווי דער הימל מינעט זיך אין מילי־מילאָסן קאָלירן. און די ערד, די יפת־תואר, חנדלט זיך צו אים און פאַרגייט זיך ממש פון גרויס נחת.

— אַז מע וויינט זיך אויס, ווערט גרינגער, — זאָגט אין דער שטיל מיין ביינאַכטיקע בת־מלכה.

גיי טרעף, אַז פון אַזאַ פּרינצעסיש מיילעכל וועלן אַרויסקומען אַזעל־כע היימישלעכע טריבע רייד.

פון גרויס חידוש פאַררייס איך אַזש דעם קאָפּ צום הימל, אין וועלכן עס פינקלען מילי־מיליאָסן שטערן. אַזאַ אויסגעקלאַרעוועטער הימל און אַזאַ לויכטנדיק מיידל און אַזעלכע גרויסע טרויעריקע טרערן, ווי באָבע־לעך, טריפן פון אירע וויִעס. פון גרויס קלעמעניש פּרוּוו איך זיך לינדערן איר צער מיט יענע ווייטע כישוף־שפּרוכן, מיט וועלכע מיין מאַמע פלעגט מיך איינגעמען, ווען איך פלעג זיך פאַרגיין אין אַ גרויס געוויין:

— פון דיינע טרערן, קינד, וועלן ווערן שטערן. שטערן זענען דאָך, קינד מיינס, טרערן, מענטשלעכע טרערן, וועלכע זענען פאַרשטאַרט געוואָרן...

אויפן הימל האָט זיך צעשיינט די גרויסע קיילעכדיקע לבנה. ביים אָנהייב איז זי געווען רויטלעך, ראָזלעך, און וואָס מער זי הייבט זיך אויף, ווערט זי געלער. אָט אַ לבנה, אַ שפּיצלאָפּטוערין! — טראַכט איך

מיר. — עפעס טאַקע נאָר ווי אומיסטן צעשיינט זי זיך פּונקט דעמאָלט, ווען מע דאַרף נישט. נעכיי וואָלט זי זיך באַהאַלטן איצטער, די יפהפיה, הינטער די וואָלקנס. גיי, אַז יענער האָט זיך גאָר פאַרגלוסט צו מאַכן אַ שפּאַציר אין דער לענג און אין דער ברייט איבער די הימלישע רחבותן.

— געוועז אַזאַ שיינער טאָג היינט, — פּרוּוו איך דאָס מיידל איינ־נעמען, — און איר זענט געווען אַזוי שיין, ווי דעם קעניג שלמהס גע־ליבטע, די מלכה שבא. אַזאַ טאָג וואָלט איך געגומען און אַריינגעלייגט אין אַ גילדערן שקעטעלע. ער זאָל קיין מאָל נישט פאַרגיין. ער זאָל בלייבן, ווי אַן אייביק געדעכעניש, — רעד איך, ווי איינער פון די העלדן פון מיין מאַמעס באַליבטע ראָמאַנען.

— נאַרישקייטן, — פליסטערט זי אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, — אַזוי איז פון עוויג און אימער. אויף דער נאַכט, אַז מיר גייען שלאָפן, לייגן מיר דעם איבערגעלעבטן טאָג צו קאָפּנס. אָבער אין דער פרי געפינען מיר אים שוין נישט אין ערגעץ, און עס קומט אויס, ליבער קנאַבע, אַז אַ גאַנץ לעבן זוכן מיר נאָר דעם נעכטיקן טאָג... פאַרשטאַנען?

צי איך האָב פאַרשטאַנען? עס ווערט מיר אַלץ אַזוי קלאָר, אַזש עס הייבט מיר אָן צו טונקלען אין די אויגן. ווייל וואָס זי דערזאָגט נישט, דערזאָגט שוין איר שמייכל, וועלכער איז פּונקט אַזוי טרויעריק, ווי אירע שיינע לענגלעכע ווִיעס, אין וועלכע עס נעסטן זיך טרערן.

איך דערפיל מיט אַ מאָל אַזאַ היץ, עלעהיי אַ גלוטיקער וויכער האָט מיך אַרומגעכאַפּט און בריט מיר דאָס לייב. און איך קוש אַראָפּ פון אירע ליפּן אָט די טריבע ניכטערע רייד.

— קושסט זיך צו געשווינדיק, מע דאַרף זיך קושן פּאַמעלעכער און הנאהדיקער, ווי אונדזער פּאָטער יעקב האָט זיך געקושט מיט דער מוטער רחל — איז זי שוין מיט מיר אויף דו.

איצט איז זי שוין אין מיינע אויגן נישט די קונצנמאַכערין געטרוד, ווי ס'האָט זי פאָרגעשטעלט ביי טאָג דער ווערגעלעץ מיטן אויריינגל אין רעכטן אויער. נאָר זי קוקט מיר אויס, ווי אַ געשמאַק שטעטלדיק מיידל, איינע פון די מיידלעך, וועלכע די מאַמעס צוואָגן אויס פרייטיק פאַר ליכטבענטשן און פאַרפלעכטן זייערע צעפּ מיט גרינע סטענגעס.

אָבער זי לאָזט מיך נישט לאַנג דאַכטן און טראַכטן. זי לייגט מיר אַריין אין מויל אַ ווערפעלע צוקער. איז כראָמטשען מיר שוין ביידע — זי די בוימל־בולקע, און איך דאָס ציגעלע צוקער. דערנאָך לערנט זי מיך זיך קושן, ווי יעקב האָט זיך געקושט מיט רחלען. גיי ווייס, וואָס זיס און געשמאַק הייסט! אויסגעריבן זיך די הויזן אין חדר, געכאַפּט פונעם רבין פּעטש, ווי האָלץ, און נישט געוווסט ביזן היינטיקן טאָג, אַז יעקב אבינו איז געווען אַזאַ מומחה אויף קושעניש.

איצט אָרט אונדז שוין ביידע נישט, וואָס ביי דער הימלישער יפה־פיה, ביי דער לבנה, פלאַמט אַזש דאָס פּנים פאַר בושה פון אונדזערע עבירות. אַ מצוה אויף איר, — טראַכט איך זיך, — זאָל זי נישט אַרומ־שליאָנדערן פּוסטעפּאַס איבערן הימל. — זאָל זי זיך אויסזוכן אַ באַ־שערטן, אַ שטערן און זיך מיט אים לאָזן ווילגיין. אַזוי פיל שטערן זענען פאַראַן אין הימל,און אַלע אַזעלכע עלנטע, אַלייניקע. און עס גייען מיר אויף מיט אַ מאָל מיין מאַמעס כליפּענדיקע רייד: ווער האָט געזאָגט, אַז אַליין איז די נשמה ריין?

די לבנה גינגאָלדיקט איבער באַרג און טאָל. און מיר וואַלוטשען זיך ביידע אין גראָז און שיטן פּריסיק. דערנאָך נעמען מיר זיך ביידע אָן פאַר די הענט און לויפן צום נאָענטן ברונעם טרינקן וואַסער. מיר האָבן זיך אַזוי פיל אָנגעקושט און אָנגעליובעט, דאַרף מען זיך לעשן.

— זאָג מיר נאָר, טייערע מיינע, ווי רופט מען דיך טאַקע אין אַן אמתן, ווען דו ביסט אָן די גלעקעלעך? — בין איך מיט אַ מאָל געוואָרן ווי האָפערדיקער ביי זיך.

— מיט די גלעקעלעך הייס איך גערטרודע, און אָן די גלעקעלעך הייס איך פּשוט און פּראָסט גיטעלע, — לאַכט זי מיר אַריין גלייך אין מיין צעכראַסטעטע העמד.

און אָקאָרשט מע זעט נישט, איז זי שוין לעבן ברונעם. אָט גיט זי אַ בייג דעם קרענעצע־זשוראַוול, און ער שטעלט זיך פּלוצעם אויף, ווי אַ שטאָרץ צום הימל. אַרום איז שאַ־שטיל, וואָלקנס, ווי ווייסע וואָל, שפּרייטן זיך איבער אונדזערע קעפּ. דאָס גראָז שאָרכעט, און מע הערט נאָר, ווי די מידע פערד פּריכקען מיט די נאָזלעכער.

— זע נאָר, וויפל שטערן אין ברונעם, — קוּשט זי מיר אַריין אירע ווערטער גלייך אין מויל.

— אוי־וואַ! טאַקע אַ סך שטערן, — קוּש איך איר אַריין די ווערטער צוריק אין מויל אַריין, — ווי קומען זיי אַהער?

— נאַריקו! — שוּיבערט זי מיט די האָר — עס זענען אַנטרונענע שטערן. דאָס האָט זיי גאָט געשטראָפט, ווייל ס׳האָט זיי געצויגן צו דער ערד. ס׳איז זיי געווען סקוטשנע אויפן הימל און ס׳האָט זיך זיי פאַרוואָלט אויף דער ערד. זיי האָבן געמיינט, אַז ביי אונדז איז פריילעכער. גיי ווייס דאָרטן אויבן, אַז דאָ אונטן איז אַזוי טרויעריק.

איך קוק אויף דער לבנה, מיר דאַכט, אַז זי איז געוואָרן שאַרלאַך־רויט. רויט, ווי דאָס בלוּט פון מיין האַרץ. שיקט זיך, אַז דאָס פלאַמט איר דאָס פּנים פאַר בושה פון אונדזערע ליבענישן.

ווי עס זאָל נישט זיין, נאָר אונדז האָט זי אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. מיר זעען זיךביידע ווי אויף דער דלאָניע. ביי גיטעלען איז דאָס אויסגע־האַפּטעטע פאַרטעכל מיט דעם בלימעלע פאַרריסן ביז איבער די קני׳עס. און ביי מיר איז דאָס רעקל צעכראַסטעט און אַ שטרוי, אַ קאַטאָוועסניצע, וואַיעוועט אַרום פראַנק־און־פריי איבער מיין לייב.

איז נעמען מיר זיך ביידע פאַר די הענט און שפּאַנען. עס ווילט זיך מיר מיט עפּעס אויספיינען פאַר גיטעלען, איר ווייזן, אַז איך בין אויך נישט פון די, וואָס צוויי פאַר אַ גראָשן. איז גיב איך ראַפּטום אַ בייג דעם קרענעצע־זשוראַוול, און ער שטעלט זיך אויף, ווי אַ שטאָרץ צום הימל. און אַרום איז שאַ־שטיל, נאָר ערגעץ ווו דרעליעוועט אַדורך די שטיל־קייט דער קלינג־קלאַנג פון אַ קאָסע. דאָס קאָסעט גראָז אַ טרייבער פון אַ טאַבון פערד, וועלכע פּאַשען זיך אויף דער ביינאַכטיקער לאָנקע. ער פאָכעט מיט דער קאָסע גיך און געשווינדיק, און די שאַרף אירע פינקלט אָקעגן דער בלייכער לבנה, אַזוי אַז סע דוכט זיך מיר, אַז אין איינעם מיטן גראָז קאָסעט ער אויך אָפּ אַ פּאָר בלייכע לבנה־שטראַלן.

איך פאַרבייס די ליפּן און גיב נאָך דעם זשוראַוול. דער עמער פאַלט אַראָפּ מיט אַ רעש אין טיפן ברונעם אַריין. סע הערט זיך נאָר אַ פּליוסקען, ווי די נאַכט און דאָס וואַסער אינעם ברונעם זאָלן זיך האָבן דערפרייט

איינס מיטן אַנדערן און ביידע זאָלן זיך עס נעמען שפּילן דאָרטן מיטן עמער. נאָך איין שלעפּ דעם שווערן זשוראַוול אויף צוריק, און עס רוקט זיך מיר אַרויף גאַנץ פּאַמעלעך און מיושבדיק אַ שטילער פולער עמער. איז שטעל איך מיר אַוועק דעם מיוחס מיינעם אויפן ראַנד פון ברונעם און ווער גאָר מיט אים אַ גאַנצער שמעלקע. דערנאָך גיב איך בפירוש אַ נייג דעם קאָפּ צו אים, קלעפּ זיך צו מיט די ליפּן צום קאַלטן האַלץ זיינעם און... גול... גול! און עס ווערט מיר ליכטיקער אין די אויגן. אויף אַזוי פיל ליכטיק, אַז איך פאַרכלינע מיך אַזש פון נחת.אַלץ הייסט זיך פאַרכלינען! מאַלט אייך, אַז איך נעם גיטעלעס געקרויזטן קאָפּ צווישן די האַרטע דלאָניעס מיינע און נייג אים אָן צום עמער וואַסער און שעפּ־טשע פרום, ווי דער תנכישער יעקב האָט געשעפּטשעט צו דער שענסטער פון אונדזערע אמהות — רחל:

—טרינק, טייערע גיטעלע מיינע! טרינק, ליבסטע מיינע, און לעש דיין דאָרשט.

אוי, וואָלט איך וועלן, אַז זי זאָל מיר טאַקע דאָ זאָגן, אַז דער פלאַם פון איר ליבע איז אַזוי גרויס, אַז קיין שום וואַסער אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד אים צו לעשן. נאָר זי שוויגט עפּעס, מיין גיטעלע, מיט אַזאַ טיפער טרויעריקער שווייגעניש.

און ערשט נאָך דעם ווי זי טרינקט זיך אָן מיט אַ סך וואַסער, גיט זי עפּעס אַזוי אַ זאָג ווי פאַר זיך אַליין, גלייך ווי זי וואָלט ריידן נאָר צו דער נאַכט:

— ווען צוויי געליבטע טרינקען פון איין עמער וואַסער, ווערט דאָס וואַסער זיסער. עס איז געבענטשט וואַסער. און אַז מע גיסט עס אויס אויף דער ערד, ווערט די ערד באַפרוכפּערט. און אַלע געוויקסן, וואָס שפּראָצן אַרויס פון איר, זענען דופּטיקע, ווייל זיי האָבן דעם גערוך פון ליבע, איז גיס זשע אויס דאָס וואַסער אויף דער ערד, זעלמעלע, — איז איר קול איצט אַזוי בענקשאַפטספאַרביק ווי אַ ניגון.

איך פאָלג זי און טו אַזוי, ווי זי באַפעלט מיר, און גיס אויס דעם עמער וואַסער... און אין דער שטילקייט פון דעם אַרום גיט עס אַ פליוכע און מע הערט, דוכט זיך. אַ מינוט שפּעטער דאָס אָפּרינען פונעם וואַסער

אויף דער ערד. דאָס פרישע וואַסער טרעפט זיך אין בלאָטקעלע פון אַרום דעם ברונעם מיטן פריִערדיקן עלטערן וואַסער, און כ׳הער באַשיימפּער־לעך פון אונטער מיינע טריט, ווי סע זאָל פאַרקומען אַ שמועס: „וואָס הערט זיך אין דער היים?..." דאָס פרעגט ביי דעם נאָר וואָס אַרויסגע־פליוכעטן וואַסער די בלאָטיקע נעץ, וואָס איז אויך אַמאָל געווען ברונעם־וואַסער.

נאָר איך האָב שוין צוריק אַראָפּגעלאָזט דעם עמער, דעם געבעגטשטן עמער, פון וועלכן ס׳האָבן אָקאָרשט־אָ געטרונקען צוויי פאַרליבטע. זאָל ער דערציילן דאָרט אין ברונעם, וואָס פאַר אַ גליק ס׳איז אים אויסגעפאַלן.

איך קוק אויף דער בלאָטיקער נעץ, און עס ווערט מיר מיט אַ מאָל אַזוי טרויעריק. שיקט זיך, אַז מאָרגן אין דער צייט וועט שוין דאָ נישט פאַרבלייבן קיין שום סליד פון אונדזער ליבע? שיקט זיך טאַקע, אַז אַזוי איז שוין, ווי גיטעלע זאָגט: פון עוויג און אימער... אויף דער נאַכט, אַז מיר גייען שלאָפן, לייגן מיר דעם איבערגעלעבטן טאָג צו קאָפּנס, אָבער אין דער פרי געפינען מיר אים שוין נישט אין ערגעץ. און עס קומט אויס, אַז אַ גאַנץ לעבן זוכן מיר נאָר די נעכטיקע טעג און די נעכטיקע נעכט. און אַלע פאַרגייען מיר אין פלאַמען. אַ גרעסער פלעמל, אַ קלענער פלעמל, אַלץ איינס ברענט מען אויס, און ווי דאָס מזל שפּילט צו. נאָך איינעם בלייבט נאָר אַ הרודעלע אַש. און נאָכן צווייטן — אַ פּאָר פונקען אין הרודעלע אַש.

איך זאָג נישט גאָרנישט. איך שווייג אַזוי מיט אַזאַ טיפער שווייגע־ניש, איך קוק נאָר אויף גיטעלען, און עס קומט מיר אויס, אַז אָט די זומער־דיקע נאַכט האָט מיר אויסגעשפּינט אַ כלה פון זיידענע לבנה־פעדעם. און אין די אויגן ווערט מיר מילדער און ליכטיקער.

און איי איז דאָס אַ פאַרשייטע לבנה! איך ווייס נישט, צי פון קנאה, צי פון גרויס נחת האָט זי זיך אַזש מטריח געווען פון אירע הימלישע הויכקייטן צו דעם סטויג, אויף וועלכן מיר זיצן ביידע אַזעלכע פאַרשלו־מערטע. און זי באַהעלט און באַזילבערט אונדז.

דער סטויג היי איז אַ פרישער, אַן ערשט אָפּגעקאָסיעטער, און ער איז אַזאַ געווירצלדיקער, אַזש די ריחות זיינע צעבויטן אונדז גאָרנישט

אויף קאַטאָוועס. זעט אויס, אַפּנים פון גרויס פרייד, וואָס די לבנה איז אַזאַ נאָענטע שמעלקעכע מיט אונדז און איבער נאַכט האָט זי אונדז אַזוי שיין אויסגעשדכנט, ווערט מיר אַזוי גוט, אַז כ׳הייב אָן פון ס׳גיי קושן מיין גיטעלען. כ׳לעבן, איך ווייס שוין נישט, וואָס איך קוש. די הענט אירע, אָדער די שטרויעלעך אין אירע האָר, אָדער גאָר די שפּורן פון דער נאַכט אויף אירע באַקן. כ׳ווייס נאָר, כ׳האָב מיך אַזוי פאַרכלינעט, אַז איך הייב אַזש אָן צו זינגען. אמת, ס׳איז נישט קיין ניימאָדיש ליד. אָבער אַ ליד איז עס. איין קלייניקייט: ס׳האָט עס נאָך געזונגען מיין באָבע אין אירע יונגע מיידלשע יאָרן:

די לבנה מיט די שטערן
האָבן אונדז געטאָן צו הערן,
ווען מיר האָבן זיך ביידע פאַרליבט.

מיין גיטעלע גיט אַ שמאָרע מיט איר פאַרריסן נעזל. קענטיק, אַז זי איז נישט צופרידן. און טאַקע באַלד זאָגט זי מיר שוין מוסר, גאָרנישט ווי קיין כלה, נאָר ממש ווי אַן אייגן ווייב.

ערשטנס, זאָגט זי, וואָלט אַזאַ קנאַבע ווי איך געמעגט פאַרפאַסן אַליין אַ ליד, ווייל פונקט ווי אַ בוים צו אַ בוים איז נישט גלייך, אַזוי איז אַ ליבע צו אַ ליבע נישט ענלעך. לויט איר קומט אויס, אַז יעטוועדע ליבע געבירט זיך איר געזאַנג, און אַז די ליבעס פאַרגייען, נאָר די לידער בלייבן. פריילעכע צי טרויעריקע לידער, נאָר זיי בלייבן. די לידער איידלען אויס די ליבע, פון אַ ליד באַקומט זי פליגל, די ליבע, זי רייסט זיך אָפּ פון דער ערד און פליט אין די הימלען אַריין.

און צווייטנס, צווייטנס, האָט מיין ליד, וואָס איך זינג, — זאָגט זי, — זייער אַ שלעכטן סוף:

הלואי וואָלסטו זיך געוועזן
די פיס אויסגעבראָכן —
איידער ביסט געקומען צו מיר אין שטוב.

גיט זי מיט אַזאַ אָפּשוילעכער מינע אַ דערלאַנג אָט די קללהוואַטע שורות, גלייך זי וואָלט זיך איבערגעגעסן מיט אַ שלעכט מאכל.

זי כליפּעט אין דער שטיל פאַראיבלדיק:

— זע נאָר, זע, — זאָגט זי, — אַזוינע שיינע, האַרצרירנדיקע לידער זענען פֿאַראַן אין דער וועלט, דאַרף אַזאַ בלײַענדיקער יונג, ווי דו, גאָר אָנקומען צו אַזאַ פֿלאַקסיוו * ליד, וואָס פּאַסט גאָר פֿאַר אַ שלימיסטן בחור.

איך וויל זי איינגעמען און קאָן נישט. עס פֿאַרפּעלט מיר אי לופֿט, אי לשון. איך פֿאַרדעכעט זיך אַזש פֿון קלעמעניש, עפּעס שמייכל איך תמעוואָטע, מיט אַזאַ מין צעגאָסענעם ליימעוואַטן שמייכל — אַ נישט־אַהיניקן און נישט־אַהעריקן.

גיי וויס, — דרעליעוועט מיר אַ געדאַנק, — אַז מיט אַ טענדעווע־רענדעדיק ליד קאָן מען צונישט מאַכן די שיינקייט פֿון אַזאַ נאַכט. ערשט איצט גיב איך מיר אָפּ אַ רעכענונג, וואָס פֿאַר אַ פּיסנע שפּראַך, סאַראַ מין אויסגעצערט לשון האָט מיין מישטיינסגעזאָגט ליד. — פֿליעוועס, — קנייפּ איך אויס פֿון זיך שטיקער נשמה, — גולם איינער. ס'איז זיך ווי אַ שייער שטרוי נאָכן דרעשן...

און עפּעס כאַפּט מיך אַרום אַזאַ געליימטע שטאַרעניש, גלייך ווי די חענט און פֿיס זענען נישט מיינע.

— זע נאָר, זעלמעלע, מע גייט! — גיט מיין גיטעלע אַ שפּרינג אויף און גלייכט זיך אויס איר פֿאַרשאַרט פֿאַרטעכל מיט אויסגעהאָפּטענעם בלימל.

די געליימטע שטאַרעניש מיינע ווערט מיט אַ מאָל אַנטרונען. איך פֿאַררייס דעם קאָפּ, וויש אויס מיט אַ טראָפּעלע טוי די פֿאַרמורזעטע אויגן מיינע און איך דערפֿיל, אַז אָט־אָט ווער איך פֿאַרוואַנדלט אין אַ סטויפּ זאַלץ, ווי לוט דעם שיכורס וויַיב.

יאָ, איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דער, וואָס שפּאַנט נישט געאיילט, איז אַלטער קלאָץ. איך דערקען אים לויט זיינע קלאָפּטערטריט. לעבן אים גייט מיין מאַמע, עפּעס שלעפּט זי זיך, וואָלט איך זאָגן, מיט פֿאַר־וויינטע טריט, ווי מע גייט נאָך אַ לויה.

---

* וויינענדיק.

איצט באַמערק איך, אַז אַלטער קלאָץ איז מיר גאָר פאַרפּוצט. ער האָט זיך אַזש אויסגעסטראָיעט אין שבתדיקן סורדוט. דאָס האָט ער געוואָלט זיין, אפנים, אָנזיכטיקער.

הינטער זיי שפּאַנען אָנגעדרודלטע, צע׳כעס׳טע די ציר־קאַטשעס, עס הייסט דער יונג מיטן אוירינגל אין רעכטן אויער און דער ווערגעלעץ, וואָס ביי טאָג איז ער אַ בער און ביי נאַכט ווערט ער צוריק אַ מענטש.

— נו, איטע, כ׳האָב אייך געזאָגט, אַז ביי אַ קינד און ביי אַ נאַר שטייט אין די נבואה. איר זעט, מיר זענען מיט אייך געקומען צום סאַמע סטיס. ס׳איז שוין באַלד נאָך אַלעמען, — רעדט אַלטער מיט אַ געשפּרענקלט קול און די גראָווע וואָנצעס זיינע שמייכלען, ווי ער וואָלט זיך באַלעקט פון זיינע אייגענע רייד.

— יאָ, איינעם דאַכט זיך, אַז ביים אַנדערן לייכט זיך, מע עפנט אויף די טיר, איז פונקט ווי ביי מיר, — קרעכצט אונטער די מאַמע.

ערשט איצט דערזע איך, אַז זיי טראָגן אין די הענט לאַמטערנדלעך, עלעהיי חדר־קינדער אין די גרויסע ווינטערדיקע פאַרטאָגן צי אין די זינקענדיקע אָסיען־נעכט. טאַקע פונקט אַזעלכע קאַבאַקלעך מיט פענצטערלעך, פון וועלכע עס קוקט אַרויס אַן עלנט ליכטל.

מיין מאַמע פאַרלאָזט זיך קיין מאָל נישט אויף דער לבנה. זי ווייסט, אַז די לבנה קוקט דורך אַ בריל.

יאָ, מיין מאַמע איז שוין באַלד גערעכט, אַ פענעצל לבנה, ווי אַ ריפּטל פון אַ נישט אויסגעצייטיקטער דיניע, בלייכט זיך אויף די הימלישע רחבותן. און איר מאַט ליכט, פאַלט אויף אונדזערע בלייכע פּנימער.

— נו — גיט זיך אַלטער קלאָץ גוטברודעריש אַ לאָז צו מיר. — איך זע, זעלמעלע, אַז מיר האַלטן שוין מיט דיר אויף אַ לאַד. מע דאַרף שוין אַפילו נישט האָבן קיין חופּה־דרענגלעך, דו האָסט זיך שוין געספּראַוועט קיין עין־הרע אָן חופּה־שטאַנגען.

— רעדן זי ביטע אַ ביסל געשייטער. דען מיר זענען נישט קיין צוויי פאַרשייטע, נייערט צוויי פאַרליבטע, — פלאַמט דאָס אויסגעהאַפּטענע בלימעלע פון גיטעלעס פאַרטעכל אַקעגן דער שיין. און נאָר אין איר פּנים איז נישטאָ קיין טראָפּן בלוט.

— וואָס דברט זי, די מויד? — רעדט אַלטער צוגעלעגערט, ווי ער וואָלט געהאַט אַ פול מויל מיט וואַטע.

— זי זאָגט, אַז אייערע רייד זענען צו פאַרהאַלענע און איר פאַר־שוועכט מיט זיי זייערע ליבע־ערלעבניסן.

— ליבע! שמיבע!... נאַט אייך אַ צינערנעם גראָשן פאַר אַלע ליבעס, — שיפּעט אַלטערס קול, ווי אַ נאַס העלצל, — ווייסט איר וואָס, איטע, אַז איך רעד פונעם וועג, קומט איר אַרויס מיט אַ בעסער לשון, אפשר וועט איר זיי צוטרעפן.

איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַיי מיין מאַמע איז אַזאַ באַרעמהאַר־ציקע, זי לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַזוי פיל אַכפּערניש אויפן סטויג היי, גלייך ווי זי וואָלט געקניט אויפן מזבח פון דער ליבע. זי שפּרייט אויס אירע מאָגערע פאַרהאָרעוועטע הענט אויף גיטעלעס קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט זי וועלן בענטשן. די מאַמע שמועסט איין גיטעלען, אַז זי זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן וואָס ס'איז זיך גראָד אַזוי פאַרלאָפן. „זי זעט נישט, — זאָגט די מאַמע מיינע, — קיין שום היידנישעס אין דעם. יאָ, — תחינהט די מאַמע, — די ליבע האָט זיך אירע אירטומס. אָבער אַפילו זיי, די איר־טומס אירע, סע הייסט די ליבע־טעותן זענען אויך זיסע״.

איצטער האָט זיך גראָד פאַרגלוסט אַ לייכטמוטיקן פויגל אַריינצו־טרילן זיין ליד צווישן מיין מאַמעס רייד. אַ רגע הערט זיך מיין מאַמע צו צו דעם צוויטשערן פונעם פויגל. עס מוז זיין אַ פאַרשפּעטיקטער נאַכטיגאַל, ווייל ער צוויטשערט אַזוי זיס, אַז מיר אַלע זעקס הערן אים פאַרגאַפטע. סע הייסט, דער אין שבתדיקן ־ורדוט פאַרפּוצטער אַלטער קלאָץ, דער בחור מיטן אויערינגל אין רעכטן אויער, דער ווערגעלעץ חצי־בער, חצי־מענטש, מיין בלייכע מאַמע, גיטעלע און איך.

אַ ווינטל שויבערט מיין מאַמעס גראָווע האָר. מיט די מאָגערע הענט, אויסגעשטרעקטע צום הימל, ווי אין אַ תפילה קוקט זי מיר אויס ווי אַ פאַרצייטיקע פּריסטערין...

— אדרבא ואדרבא, — שמועסט מיין מאַמע איין גיטעלען, — אונדז גייט נישט אָן אַפילו, פון וועלכער משפחה דו שטאַמסט און ווער זענען דיינע טאַטע־מאַמע. מיר נעמען דיך אַזוי ווי דו שטייסט און גייסט. מיר

זענען אויך אָרעמע מענטשן, זענען מיר. מיר פאַרמאָגן אונדזער אייגנס אַ האַלבע דעסיאַטינע ערד. און דו וועסט מיט אונדז אין איינעם אַקערן און יעטן אונדזער פעלד. און אונדזער ברויט וועט זיין דיין ברויט, און אונדזער געצעלט וועט זיין דיין געצעלט.

— ניין, — ענטפערט ער, דער ווערגעלעץ, — זי איז אַ יתומה, אַ קיילע־מאַמע מיט אַ פאַרטרערט קול צו כלהס צד, ס׳הייסט צום יונג מיטן אויריננגל אין רעכטן אויער און צום ווערגעלעץ, וואָס איז חצי־בער, חצי־מענטש.

— ניין, ענטפערט ער, דער ווערגעלעץ, — זי איז אַ יתומה, אַ קיילע־כיקע יתומה. נישט קיין טאַטע, נישט קיין מאַמע, נישט קיין ברודער, נישט קיין שוועסטער, נאָר איך קער איר אָן אַ גליד־גלידשוועסטערקינדל, אַ מין פינפטע ראָד אין זעקסטן וואָגן, — שמייכלט ער אַ טרויעריקער.

— איז זיך עס אַודאי גוט. איז זיך עס טאַקע אַ מיצווה־זיווג. ווי זאָגט מען עס ביי לייטן, — שעפטשעט מיין מאַמע.

זיצט זי אַזוי, די מאַמע מיינע, אויף דעם סטויג היי און קוקט אויף דער לאַנקע מיט פייכטע אויגן. איז וואָס טראַכט זי, אַשטייגער, איצט, די מוטער מיינע? זי קער טראַכטן: די זעלבע לאַנקע און, דוכט זיך, אַפילו דער זעלביקער זומער און דער הימל און דאָס דאָרף. זי איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, איז דאָס דאָרף געווען אַ דאָרף און די לאַנקע אַ לאַנקע. וויפל פאָרלעך האָבן שפּאַצירט און זיך געהאָלובעט אויף דער לאַנקע ביז איר, און וויפל וועלן דאָס נעמלעכע טון נאָך איר. און שפּעטער, אַז מע ווערט עלטער, קוויקט מען זיך נאָר מיט די דערמאָנע־נישן... דאָס זענען די פינגער, די הענט, מיט וועלכע כ׳האָב דיך אָרומ־גענומען, און דאָס איז דאָס מויל, מיט וועלכן כ׳האָב דיך געקושט?...

— נו, ס׳איז שוין די העכסטע צייט, אַז דאָס מיידל זאָל זאָגן איר וואָרט, — איז שוין אַלטער קלאָץ אַ ביסל אומגעדולדיק, — ווי שטייט געשריבן ביי אונדז אין די הייליקע ספרים: תשאלו את הנערה. פרעגט די בתולה.

נאָר גיטעלע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער פייכטער ערד און שווייגט מיט אַ טריבער שווייגעניש. זי איז אַזוי פאַרטיפט אין איר׳ע מחשבות, אַז זי פילט נישט, ווי דאָס ווינטל לאָזט זיך ווילגיין: נישט

גענוג, וואָס ער שפּילט זיך מיט די ווייבערישע טיכלעך, פֿאַרווילט זיך אים נאָך צו פֿאַרשאַרן זייערע קליידלעך, און גיי רוף אים קנאַקניסל.

— נו, גיטל־תחיה, גיי שוין אַרויס מיט לשון, — רוגזט זיך אַלטער, — זינט איך לעב, האָב איך נישט באַגעגנט אַזאַ מרה־שחורהניצע, זאָלסט זאָגן, זי זאָל אַ שמייכל טאָן. גלייך ווי מע וואָלט זי אָפּגעגאָסן מיט אַן אַסיענדיקן צעבער.

און ווידער אַ מאָל שטיל אַרום. מען הערט נאָר דאָס שורשען פֿון די בלעטער און דאָס צווירקעריי פֿון די פֿייגל.

— איטע — שטייט אַלטער צו צו דער מאַמען, — זעסטאָך, אַז ס׳איז אַרויסגעוואָרפֿענע רייד. דו רעדסט צום ווינט, רעדסטו. יענער גייט אין איין אויער אַריין און דורכן צווייטן אויער אַרויס.

— פֿון דעסט וועגן צווישן איין אויער און צווייטן בלייבט דאָך עפּעס אין קאָפּ, בלייבט דאָך עפּעס אין האַרץ, — מורמלט די מאַמע.

— מיר קומט אויס, אַז מיר ווילן משדך זיין היסין מיט סטריסין. אַז יענע איז אַ גאַנצע צענצעמיענציע ביי זיך. און חוץ דעם, האָב איך מיר אַ ירושה פֿון פֿאַרצייטן, אַז אַן אשה טאָר מען ניט צו פֿיל לאַשטשען, אַנישט ווערט זי קאַליע.

אָבער די מאַמע הערט אים נישט. די מאַמע זעצט זיך צו לעבן גיטע־לען און טוליעט זיך צו צו איר. די מאַמע רעדט אַריין אין איר שטיל, דין־דין, ווי אויף קאַיאַריש לשון. און צו מיינע אויערן דערגייען נאָר ווייכע, צערטלענדיקע אָפּקלאַנגען פֿון אירע רייד: אַז דאָס מענטשלעכע לעבן איז קורץ ווי אַן אויגנבליק. אָט איז מען דאָ און אָט איז מען נישטאָ. און אַז מע דאַרף זיך איילן... אוי, ווי מע דאַרף זיך איילן! ווייל עס פֿאַלן אַראָפּ די יאָרן ווי בלעטער פֿון אַ בוים. גוט וואָלט געווען, — העשעט שוין די מאַמע מיינע, — ווען מע קען דאָס לעבן איבערניצעווען ווי אַ מלבוש מיטן צעריסענעם אַראָפּ און מיטן גאַנצן אַרויף. נאָר גיי... נאָר גיי... אַז אַלץ, וואָס ווערט מיט אַזוי פֿיל מי און טרערן פֿאַרזייט, ווערט פֿאַרוויִט און פֿאַרגייט. — און פֿאַרענדיקן פֿאַרענדיקט זי, די מאַמע מיינע, — אַז דאָס מענטשלעכע גליק איז נאָר אַ חלום. איז דעריבער דאַרף מען

אַריינכאַפּן, ווייל שפּעטער הערט מען נישט אויף צו זוכן די אַנטלאָפֿענע טעג און נעכט, וועלכע זענען שוין אויף אייביק אַוועק...

— וואָס שטייסטו ווי אַ למך! — גיט זיך אַלטער אַ לאָז צו מיר, נאָר מיך דורס צו זיין. — די מאַמע דיינע האָט שוין אָפּגעזאָגט אַ גאַנצע תחינה, און ער שטייט גאָר ווי אַן אויסגעמאָלקענער: אַז דו האָסט זיך געקענט אָנטישען אַ גאַנצן נאַכט, איז באַוויז איצט, אַז ביסט אַ מאנצ־פּאַרשוין.

און צו דער מאַמען:

— וואָס רעדסטו, איטע, מיט איר אויף שיריק־מיריק־לשון? דו זאָג איר בעסער, אַז זי איז שוין אַ מיידל ראוי לחופּה און אַז אַזאַ פּאַרטיע וועט זי אַזוי גיך נישט געפינען.

און צו גיטעלען:

— איך זע, אַז דו ביסט פון די האָנאָריסטע, זע איך, דו האָסט פאַרריסן דאָס קורנאָסע נעזל דיינס ביז צו די שטערן. איז זיי וויסן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל און קלאָפּ דיר עס גוט אַריין אין קאָפּ. אַז אַ בחור איז ווי אַ גלאָז, אַ שווענק און ווידער ריין. אַ מיידל איז אָבער אַ זיידן טיכל, אַ ריר — בלייבט אַ פלעק.

איך פּרוּוו עפּעס זאָגן גיטעלען. איך רוים איר איין אַ סוד אין אויער, זי זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן פון אַלטערס זלידנע רייד. אָבער זי שטייט אַזאַ טרויעריקע מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, גלייך ווי עס וואָלט געהאָגלט אויף איר. דאָס אויסגעהאָפּטענע בלימל אויפן פּאַרטעכל איז ווי פאַרוועלקט געוואָרן. זי שטייט אַ בלייכע, אַ פאַרקלעמטע, אַ צעבאָרש־טענע *, און זי דערמאָנט מיר איצטער אין דער חומשדיקער מוטער חוה, ווען מ׳האָט זי אַרויסגעטריבן פון גן־עדן.

— נאַרישקייטן, — גיט זי זיך מיט אַ מאָל אַ לאָז צו אַלטערן, — נאַרישקייטן, ווי קאָן עס אַ מענטש אין אייערע יאָרן רעדן אַזעלכע קינ־דערייען? שיקט זיך, אַז איר שעמט זיך פאַר קיינעם נישט.

---

* אַ צעשויבערטע.

— הו־האַ... גאָרנישט קיין שפּעטנע בעל־דרשנטע. כ׳לעבן, דער דובנער מגיד דאַרף הייצן ביי איר אין אויוון, — כיכיקעט אַלטער.

— ווי זאָל איך אייך זאָגן אַזוי, אַז איר זאָלט נישט אַוועקגיין געקריוודעטע און פאַרשעמטע פון דאַנען, — לייגט זי אַוועק, גיטעלע, איר האַנט אויף מיין מאַמעס איינגעפאַלענע אַקסלען, — אָט נעמט אַ ווערעמל, קריכט עס, סע לעבט אין דער פינצטערניש צענדליקער יאָרן, און גאָרנישט. עס מיינט אויך, אַז סע לעבט. און אָט אַ שמעטערלינגל, האָפּקעט עס אַרום אַזאַ זוניקס פון בלום צו בלום. און ווי עס הוהאַוועט אַזוי פריילעך מיט די צאַרטע סאַמעטענע פליגעלעך, און לעבט בסך־הכל איין מעת לעת... איז וואָס זשע קומט מיר, וואָס איך וויל מיר זיין אַ שמעטערלינגל און פליִען פון שטעטל צו שטעטל? טוט אַ טראַכט — אַזוי פיל אָרעמע און טרויעריקע שטעטלעך זענען פאַראַן ביי אונדז. איז דאָך אַ מצווה זיי צו ברענגען כאָטש אַ ביסעלע פרייד.

— קומט אויס, איטע, אַז זי, דאָס שיר נישט געוואָרענע שנורל דיינס, איז אַ מין בעל־שמ׳סקע אייניקל. אַ גאַנצע שרה בת טובים, טוט עבירות און קוויקט זיך מיט זיי, ווי מיט מצוות. אויב אַזוי, איז פּטור אַן עסק. במילא, אַ געניטע ליבע איז קיין ליבע נישט, — גלייכט זיך אויס אַלטער קלאַץ און טרייסלט אָפּ די שטרויעלעך פון זיין שבתדיקן סורדוט.

דער ווערגעלעץ און דער יונג מיטן אוירינגל אין רעכטן אויער הייבן אַן ראַשיק צו פאַדען אַרום זייער צירקישן רעמאַנענט. איינער שמירט די רעדער פונעם שאַראַבאַן, אַ צווייטער שאַרעוועט די פערד, וועלכע פריכקען און הירזשען. גיטעלע פאָרעט זיך אַרום די טייבעלעך. דאָס גרייטן זיי זיך אַלע אין וועג.

— נו, פאָרט געזונט און קומט געזונט, און אומעטום זאָלט איר באַגליקן און אַלעמען מיט פרייד דערקוויקן, — כליפּעט די מאַמע.

די מאַמע און אַלטער שפּאַנען פאַמעלעך מיט מידע טריט, און איך שטיי אויף אַ גרין באַטויעט בערגל און קוק צום צירקישן שאַראַבאַן, צו מיין ביינאַכטיק חלום־ביידל, וואָס האָט זיך אָקאָרשט געלאָזט אין וועג. אין דער לופטן פלאַטערן נאָך, ווי נאַכטפּייגל, גיטעלעס הענט — דאָס געזעגנט זי זיך אָפּ פון דער ווייטנס.

עפּעס ריידן זיך איבער די מאַמע מיט אַלטערן. נאָר דער וועג, דער חכם, שווייגט. ער שווייגט, ווי זיין מאַמע — די אַלטע קלוגע ערד. וויפל מענטשן זענען שוין אין דעם וועג געגאַנגען, און וויפל וועלן נאָך גיין! נאָר ער שווייגט, דער וועג. אפשר שווייגט ער פון גרויס פרייד, וואָס סע לאַשטשען אים מענטשישע טריט, וואָס סע פּאַסעווען און צעגרודעווען אים רעדער פון שווערגעוויכטיקע שאַראַבאַנעס און פורן? און אפשר שווייגט ער פון גאָר גרויסן טרויער, מחמת די טריט, וועלכע לאַשטשען אים, וועלן פאַרגיין און זיך אויסלעשן? נאָר ער, דער פּראָסטער דאָרפי־שער וועג, מיט זיינע שיפּועים און היגלען, וועט אַלץ לעבן און איבער־לעבן.

...און איך וועל שוין פון היינט אָן און ווייטער, אַז איך וועל מיך גיין לייגן שלאָפן, לייגן צו קאָפּנס די שבתדיקע נאַכט, און אין דער פרי וועל איך זי שוין נישט געפינען און וועל שוין, ווי מיין גיטעלע פלעגט זאָגן, זוכן די נעכטיקע טעג און נעכט.

אָבער איינס ווייס איך שוין איצט אויף זיכער. אַז איך וועל פאַרגיין, וועט נאָך מיר בלייבן נישט נאָר אַ הרודעלע אַש, נאָר אויך אַ פלעמל, זאָל זיין אַ קליין פלעמעלע, אַ פּיצינקס, אָבער לייכטן וועט עס.

# א בשורה־טובה

אַ שפּראָץ אויפן טאָג האָט מען גענומען שטאַרק קלאַפּן צו אונדז אין דער טיר. אַלץ הייסט קלאַפּן! סע האָבן געקלימפּערט די פענצטער, סע האָבן געהודיעט טירן, סע האָבן זיך געוויגט די אַלטמאָדישע שאַפע, די סקריפּנדיקע קאַנאַפּע, די פיר בענקלעך און דאָס הינקנדיקע טישל. מיט איין וואָרט, עס איז געוועזן הימל עפן זיך! איך און מיין שוועסטערל רבקה זענען אַראָפּ פונעם בעט באָרוועסע, אין די הוילע סטענדלעך. פאַר שרעק זענען מיר ביידע אַרונטערגעקראָכן אונטערן בעט און „בענייביי״ געכאַפּט אַ ליש* אין דער צאַרגע**. אָבער אַז דאָס בעט האָט אויך גע־נומען מאַכן קאָזשעלקעס, האָבן מיר אַרומגעכאַפּט די מאַמע מיט אונדזערע פאַרבלאָטע הענטלעך און זיך אַזוי איינגעגנורעט אין איר, אַז קיין שום כוח אין דער וועלט וואָלט נישט געוועזן אומשטאַנד אונדז אָפּצורייסן.

און די מאַמע? די מאַמע איז געוואָרן רויט און טויט און אַלערליי קאָלערן. די מאַמע האָט זיך גענומען צו ערשט אויסטענהן מיט איר גאָט ברוך־הוא, אַזוי ווי מע טענהט זיך אויס מיט אַ לעבעדיקן מענטשן: — הלמאי און פאַר וואָס און פאַר ווען האָט ער זיך אָנגעזעצט אויף אַזאַ בידנער יידענע ווי זי, מיט צוויי קליינע פּיצלעך קינדער?! נאָר דערנאָך, אַז דאָס סטיקען איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אַזוי, אַז סע האָט זיך געדוכט, אַז אָט אַ ליאַדע רגע פאַלן איין די ווענט און מיר וועלן

---

* אַ קלאַפּ.

** זייט פון בעט.

בלייבן חס־וחלילה, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט זי זיך געמאַכט האַרץ, אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך דעם רויטן אונטערראָק און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר מיטן אימפּעט פון אַ לייבעכע, מורמלענדיק, בשעת־מעשה:

— גאָטעניו! נאָר מיט רחמנות, פאָטער אין הימל, שרעק מיך, נאָר שטראָף מיך נישט!

מיטן רבונו־של־עולם האָט זיך די מאַמע אירן אָן אייגענעם ווייבעריש חשבון, זי דינגט זיך מיט אים, אַמפּערט זיך מיט אים, בייזערט זיך אויף אים, נאָר סע העלפט איר ווי אַ טויטן באַנקעס. זי פּועלט במילא ביי אים גאָרנישט. „פאַרקערט, לעצטנס — זאָגט זי — האָט זיך זיין גאַנצער צאָרן אויסגעגאָסן אויף איר. עפּעס נאָר, ווי זי וואָלט מלידה ומבטן געהאַט אַ פּאַטענט אויף צרות".

יאָ, צרות, יסורים, פּלאָגענישן און אומגליקן זענען געוואָרן איר טעגלעך ברויט. עס האָט זיך שוין ביי איר אַפילו אויסגעאַרבעט אַזאַ מין ווערטל, וואָס איז ווי אָנגעמאָסטן צו אונדזער רימל:

— האָסט אַ קליינעם אומגליק, האַלט דיך ביי אים, ווייל סע קאָן צו יעדער צייט אונטערקומען אַ גרעסערער.

אַזוי זאָגט די מאַמע מיינע, און מאַכט בשעת־מעשה אַזאַ משונה־דיקע מינע, אַז איך ווייס נישט, צי זי וויינט, צי זי לאַכט.

איך בין איין מאָל געוועזן אַ בעלן צו דערוויסן זיך ביי דער מאַמען, וועלכער איז דער אונטערשיד צווישן אַ קליינעם און גרויסן אומגליק. זעט אויס, אַז עס איז איר, אַפּנים, געווען דעמאָלט גוט אָנגעזאָליעט אויפן האַרצן, מחמת זי האָט מיר צו אַלעם ערשטן געגעבן אַ „פיינעם" גאָב, דהיינו: אַז אַזאַ פּיסקליאַט ווי איך דאַרף נישט האָבן קיין אַלטן קאָפּ אויף זיך, און נישט שטופּן די נאָז אַהין ווו מען דאַרף נישט. אָבער, אַז זי האָט דערזעען טרערן ביי מיר אין די אויגן, האָט זי מיך אָוועקגעזעצט אַקעגן זיך אויף אַ בענקעלע, מעשה גרויסער, און געזאָגט מיט אַ „מאָראַ־לישער" שטים:

— מיין קינד, דוכט מיר, שלמה המלך האָט געזאָגט, מרבה דעת מרבה מכאוב, סע הייסט, וואָס מער מע ווייסט און מע פאַרשטייט, אַלץ ביטערער איז אויפן האַרצן, און אַלץ שווערער איז דאָס לעבן.

זיך געכאַפּט אָבער, אַז איר צוהערער איז בסך־הכל גרויס ווי אַ גענעץ, און אַז זי איז אַוועק אין דער סאַמער טונקלסטער, פילאָזאָפיע, האָט זי מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן און אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט, גלייך ווי זי וואָלט זיך וועלן אָפּטשעפּען פון מיר אַ זאָג געטאָן:

— ווי זאָל איך דיר זאָגן, מיין קינד? אַז סע איז נישטאָ קיין ברויט און מען עסט נאָר מאַמעליגע, הייסט עס אַ קליינער אומגליק; זעסטו, טאָמער חלילה, איז שוין קיין מאַמעליגע אויך נישטאָ, איז שוין דער אומ־גליק אַ טשוטעלע גרעסער.

— ווּעלכער־זשע, מאַמע, איז דער גאָר גרויסער אומגליק, פאַר וועלכן דו האָסט אַזוי מורא? — קוק איך דער מאַמען גלייך אין אירע טרויעריקע אויגן אַריין.

— אוי, פרעג שוין בעסער נישט, מיין קינד. די שעה זאָל נישט זיין, מע זאָל עס גאָר מיטן מויל נישט אַרויסרעדן — און פינצטערע כמאַרעס האָבן אָנגעיאָגט אויף איר פּנים.

איצט, אין אָט דער קאַיאָריקער שעה, ווען גאָט אַליין איז נאָך גע־שלאָפן, האָט די מאַמע אינעם רויטן אונטעררעק און מיטן שטעקן אין דער האַנט אויסגעזען אין מיינע אויגן ווי יעל אשת חבר הקיני פונעם תנ״ך, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויף סיסראן דעם שר פון כנען. מיט אַזאַ קוראַזש און מיט אַזאַ גבורה, ווי מיין מאַמעס, איז מיר דורכגעלאָפן אַ מחשבה, קאָן מען דעם גרעסטן אומגליק אַוועקלייגן.

עס האָט אימהדיק אַ קרעכץ געטאָן די אייזערנע פרענטע. (שטענדיק, ווען די מאַמע רוקט אַריין און רוקט אַרויס די פרענטע, גיט מיר עפּעס ווי אַ ריס אין האַרצן) און אַדורך דער צעפּראַלטער טיר איז אַריין אַ קרירהדיקער ווינט, און עפּעס ווי רייטנדיק אויף אים, ווי אַ מאַרעווויכער, אַ צעשויבערטער ייד. דאָס היטל איז ביי אים געשטאַנען אויפן שפּיץ קאָפּ, איין אויג זיינס האָט געקוקט קיין צפון, דאָס צווייטע קיין דרום, און אין גאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ לאַפּיטוטניק, עפּעס נאָר ווי אַ קאָטער, וואָס איז ערשט פון דער זויערמילך אַרויס. דערזען אונדז, צעשראָקענע, אויסגעבלייכטע, מיט דער נשמה אויף דער שפּיץ נאָז, איז ער אַרויפ־

געשפּרונגען אויף אַ בענקל און זיך אַ צעזינגען געטאָן. מיט עפּעס זייער אַ משונהדיקער פֿאַרכריפּעטער געמבע אויף קולי־קולות.

לאַכט, קינדערלעך, לאַכט,
כ׳האָב אייך אַ גוטע בשורה געבראַכט.
דער קייסער ניקאָלאַי
האָט זיך אָנגעגעסן מיט מאַלאַי,
האָט אים געכאַפּט דער מאָגן,
האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן!...

— הערש! גאָט איז מיט דיר, ביסט ביי אַלע געדאַנקען?! — האָט די מאַמע אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט — ווי איז מיר, דו קענסט אונדז, חלילה, ברענגען אויפֿן פֿייער, דו רעדסט דאָך, מיינע שונאים, קעגן מלכות!

— פּייף דיר אַריין אין מלכות, איטע! אויס מלך און אויס מלכה! היינט איז דיר שוין בעסער פֿון זיי! זיי זענען שוין אויף געהאַקטע צרות און מיר וועלן, אם ירצה השם, לעבן און לאַכן! — האָט אַרויסגעפּאַליעט הערש דאָמבראָוויצער.

— און קיין סך ישועות נישט מאַכן! — האָט אים אונטערגעכאַפּט די מאַמע צום גראַם!

— בייס דיר אָפּ די צונג, נאַרישע יידענע, וואָס דו ביסט! דו ווייסט נישט, ווער עס האָט דיך פֿאַרשלייערט — איז הערש אויסער זיך. — נעכטן צוויי ביי נאַכט האָט רויזן דער אַפּטייקער באַקומען אַ טעלעגראַמע פֿונעם קעשעניעווער „ראַבאָטשי סאָוויעט״, ער זאָל מאָרגן צונויפֿנעמען קינד און קייט, מאָלדאַוואַנער און יידן, רוסן און אוקראַיִנער און זאָל מאַכן אַ מאַניפֿעסט. טאַקע מיט רויטע פֿענער און מיט רעדעס, אַז הימל און ערד זאָלן זיך פֿרייען!

איך קוק אויף מיין מאַמען, זי איז נישט צו דערקענען. עפּעס איז זי אין איין מינוט ווי יינגער געוואָרן. מיט אַ מאָל כאַפּט זי זיך, אַז זי שטייט אין הוילן אונטערראָק. עפֿנט זי אויף די שאַפֿע, נעמט אין דער גיך פֿון דאָרט עפּעס אַרויס, לויפֿט אַריין אין קיך, און עס יאַוועט זיך אַריין אַ נייע מאַמע, אַ פֿריילעכע, אַ יום־טובדיקע, אַן אָנגעטוענע אין אַ רויט סאַ־

מעטן קליידל מיט זילבערנע פליטערלעך. פלוצעם כאַפּט זי אַ פלעדערוויש און הייבט אָן אָפּקערן דעם שטויב פון די בענקלעך. פון ערגעץ אַ פּאַר־רוקטן אַלמער שלעפּט זי אַרויס אַ טישטעך מיט בלויע פרענדזעלעך, שפּרייט עס אויס אויפן טיש און שטעלט אַוועק אַ פלעשל ווישניק, וואָס זי האָט עס באַהאַלטן בחדרי־חדרים אויף דעם טאָג, ווען דער טאַטע וועט זיך בשלום אומקערן פון דער מלחמה. ווישט אויס פיר פּיצינקע גלעזלעך־פינגערהיטן — און גיסט זיי אָן פול, פול מיט אָן אויג.

— הערשעניו, לובעניו, האַרצעניו, דושעניו, פון דיין מויל אין גאָטס אויערן... נעם מיר נישט אַרויס דאָס חיות און זאָג נאָר, כ׳בעט דיך, איז עס נישט דיינע אַ בבא־מעשה, עפּעס אַ מין פ אַ נ ט אַ ז י ע ?...

דאָס וואָרט פאַנטאַזיע זאָגט זי אַרויס, מיין שטאָלטנע מאַמע, אַזוי איידל און שיין, גלייך עס וואָלט איר אַראָפּגעפאַלן אַ דופּטיק בלימעלע פון די ליפּן. די מאַמע האָט זייער ליב אָט די שיינע געקווייטלטע ווער־טער: פאַנטאַזיע, ליבע, געדיכט, פּאָעט... אמת, נישט שטענדיק פּאַסט זי זיי צו ווו מען דאַרף. אָבער זי רעדט זיי אַרויס מיט אַזוי פיל האַרץ און חן, אַז מען זעט באַשיימפּערלעך, אַז זי האָט האָלט דאָס וואָרט, און שפּילט זיך מיט דעם ווי אַ קינד מיט פּאַטשערקעס. עפּעס ווי זי וואָלט גאָר גע־פילט, די גוטע מאַמע מיינע, דעם דופט פון וואָרט און אָפּגערוט אין זיין ליכט און שאָטן. אָט די ווייכע, באַנגע ווערטער, געטונקענע אין זון־ליכט און אין הימל־בלוי זעגען ווי שטילע, שלווהדיקע אינדזלען אין דעם ברויז־זיק־קאָכיקן ים פון איר שווער לעבן.

פון הערש דאָמבראָוויצער האָלט מיין מאַמע אָן עולם ומלואו. נאָך מיט אַ פופצן יאָר צוריק, ווען מיין טאַטע, האָט זי נאָר אַראָפּגעבראַכט קיין פּערליץ און זי איז געווען — ווי לייטן זאָגן — שיין און פריש ווי אַ רויז, ממש בלוט און מילך, פלעגט זי מיט הערשן — וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קאַוואַליער, אַ „טשעקאָיעקל״, באַשיינען אַלע התונות און שמחות. זי האָט ליב געהאַט, ווען הערש פלעגט זיך פאַר איר אַזוי ווויליונגעריש, צירלעך־מאַנירלעך אַ פאַרנייג טאָן און דערנאָך מאַכנדיק אַ כפול־שמונהדיקן רעווערענס פאַרן האָכגעשעצטן פובליקום, פלעגט ער זיך צעציקלען אין גראַמען:

זאָפאָרט מיינע דאַמען אונד הערן,
וועט איר לאַכן מיט טרערן...
אונד דעריבער, האָך און וויוואַט, און ביטע
דען עס זינגט די איטע פון דער ליטע...

און כאָטש מיין מאַמע האָט געשטאַמט פון די בראשיתדיק־געדיכטע בעסאַראַבער קאָדרעס *, און האָט אַפילו נישט געוווּסט, ווו די ליטע שפּאַרט ערגעץ אָן, האָט איר נישט נאָר נישט געאַרט, נאָר פאַרקערט, עס האָט איר בפירוש הנאה געטאָן, וואָס צוליב שיינקייט וועגן און כדי דעם עולם משמח צו זיין, גראַמט ער, דער מזיק, דער לץ, איטע מיט ליטע.

— נישטאָ, זון מיינער, קיין גרעסערע מצווה אויף דער וועלט — האָט זי מיך מדריך געווען מיט יאָרן שפּעטער — ווי צו ברענגען פרייד פאַר קינד און קייט. פון זינט איך בין געקומען צו מיין שׂכל, ווייס איך, קינד מיינס, אַז די וועלט האָט ליב אַ שמייכל. אַ סימן, אַפילו אין אונדזע־רע הייליקע ספרים שטייט געשריבן, אַז ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, איז דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אַ שמייכל און ערשט דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן כי טוב.

איצט איז זי געשטאַנען פאַר הערשן, מיט די מאָגערע הענט פאַר־לייגט אויפן האַרצן, אַזוי ווי די העלדינס פון אירע באַליבטע ראָמאַנען, און ווייל די שעה איז געווען אַזאַ פייערלעכע, אַזאַ דערהויבענע, האָט זי גענומען רעדן אויף יידיש־טייטש:

— איז זאָגסט, שפּריכסט דו וואַרהאַפּטיק, הערש, מיין ענגעל, עס איז ניכט קיין טראַום ?...

— זאָ וואַר איך לעב, מיין ליבכען, ווי דאָס איז ניכט קיין טראַום און ניכט קיין זענזוכט, אַזוי זאָל מיקאָלקע באַקומען די געלע־זוכט — איז הערשן מיט אַ מאָל ווי ענג געוואָרן אין די ראַמען פון די דייטשמערישע ווערטער און ער איז אַריבער אויף פּראָסט יידיש — ווי ער ליגט טיף אין דער אַדמה ווי קורח. אַזוי זאָלן, איטע קרוין, זיין ישועות און נחמות

* געדיכטע וועלדער.

אויף דיר און אויף מיר, און אויף אַלע געפּלאָגטע און געיאָגטע בשׂר־ודמס. — זאָג, מיין קינד, אמן און... גיי קאָכן וואַרמעס!...

שוין לאַנג אַזאַ פרייד ביי אונדז אין שטוב נישט געווען. מיר טרינקען זיסע טיי און פאַרבייסן מיט בייגעלעך מיט מאָן. די בייגעלעך זענען האַרטע, קוויטשען זיי צווישן די ציינער. לאַכן מיר און די מאַמע לאַכט אויך מיט אונדז. און זי זאָגט אונדז צו, אַז אם ירצה השם, אַז דער טאַטע וועט קומען אַהיים, וועלן מיר עסן אייערקיכלעך. צי מיר וועלן יאָ עסן, צי מיר וועלן נישט עסן אייערקיכלעך ווייס איך נישט, נאָר דערווייל טוט מיר זייער הנאה, וואָס די מאַמע שמייכלט. אַז זי שמייכלט ווערט זי יינגער און שענער.

דערנאָך האָט זיך די מאַמע פאַרשלייערט אין אַ פאַרביקער קאָסינקע, גענומען רייבן דעם דיל, און מיר מיט רבקהלען געגעבן צוויי פלעדער־ווישן אין די הענט, מיר זאָלן אָפּקערן דעם פאָרעך פון די ווענט, פונעם מעבל.

— איצטער — זאָגט די מאַמע — אַז ניקאָלאַשקע האָט געכאַפּט די מפּלה, וועט זיך די מלחמה ענדיקן און דער טאַטע וועט אם־ירצה־השם קומען אַהיים. דאַרף ער טרעפן אַ ריינע שטוב, אַ ציכטיקע.

— פון דיין מויל, מאַמעניו, אין גאָטס אויערן! — האַלט איר אונטער פרום מיין שוועסטערל רבקהלע און פאַרשנורעוועט פאָרכטיק די ליפּעלעך ווי אַ גרויסע, ווישנדיק זיך בשעת מעשה דאָס קורנאָסע נעזל אירס, וואָס איז איינגעטונקען אין שטויב.

— רבקהלע, ברענג אַהער דאָס גרויסע בענקל, און דו, יאַנקעלע, דאָס קליינע בענקעלע — קאָמאַנדעוועט פריילעך מיט אונדז די מאַמע.

סע איז אַ זיסער באַפעל און מיר טוען בפירוש ווי די מאַמע הייסט. די מאַמע שטעלט אַוועק דאָס קליינע בענקעלע אויפן גרויסן בענקל און הייסט אונדז ביידע צוהאַלטן די פיסלעך פונעם גרויסן בענקל. דערנאָך שטעלט זי זיך אויפן בענקעלע, האַלטנדיק אין איין האַנט אַ העמערל און אין דער צווייטער אַן אָפּצווענגע. — מיר — איך און רבקהלע — ציִען זיך אויס אין אונדזער גאַנצער לענג אויפן דיל און מיר פאַררייסן

די קעפּלעך צו איר. אָ! אָ! די מאַמע איז איצט נישט דאָס וואָס תמיד. זי זעט אויס, ווי אַ קאָמאַנדיר פאַר אַן אַנטשיידענעם אַטאַק. זי איז אַזוי ערנסט, וויכטיק און צונויפגענומען, גלייך ווי די געשיכטע אַליין וואָלט איצט אַ קוק געטאָן אויף איר!

זאָגט אייך וואָס איר ווילט, נאָר אַז מען לעבט, דערלעבט מען! הערט און געדענקט! די מאַמע נעמט אַראָפּ פון דער וואַנט דעם קייסער ניקאָ־לאַיס פּאָרטרעט. עס הוקעט דאָס העמערל... עס קרעכצט די אָפּצווענגע... עס בונטעווען זיך די צוועקעלעך... אַ קליינינקייט! אַזוי פיל יאָרן האָט געהאָנגען מיט אַזוי פיל חשיבות און פּאַרכט אַ מלך אַדיר אויף דער וואַנט און מיט אַ מאָל אין אַ ליאַדע מיטוואָך נעמט אַ יידענע, אַ פּראָסטע בייגל־פּאַרקויפערין, און איז אים מטריח... שלעפּט אים אַראָפּ פון דער וואַנט, ווי עפּעס אַ לאַ־יוצלח... וויל ער נישט... בונטעוועט ער זיך... עס שיט זיך דער שטויב און פּאַרפּראָשעוועט אונדז די אייגעלעך... עס שיטן זיך דרויבעלעך קאַלך... עס קוויטשען די צוועקלעך און עס יאָגט אין אַ וויסטער בהלה אַ גאַנצע מחנה וואַנצן.

דער מאַמעס בלייך פּנים באַדעקט זיך מיט רויטע פלאַמען.

— זע נאָר ווי אויף אַ טשעקאַוועסט, ווי זיי האָבן זיך עס אויסגע־זוכט אַ נעסט אויף צו פּלאָדיען — קוקט זי עפּעס אַראָפּ ווי פּאַרשעמט צו אונדז — סאַמע אונטערן מלכס נאָז... אַזוי איז עס שוין פון תמיד, אומריינקייט קריכט צו אומריינקייט.

פון האַלטן אַזוי פעסט פּאַרקרעמפּעוועט די פינגער אַרום דעם בענקל זענען אונדז אַזש פּאַרטערפּעט געוואָרן די הענט. ביי רבקהלען אויפן שפּיץ נעזל בלעזלען זיך עטלעכע טראָפּעלעך שוויס. ביי מיר פיל איך אויך, אַז עס איז מיר שטאַרק פריילעך אונטערן נעזל. נאָר אָפּווישן זיך, אַזאַסי! מיר קאָנען נישט און מיר טאָרן נישט. ניקאָלאַי לאָזט נישט. דאָס איז שוין, אַפּנים, זיין לעצטער באַפעל, וועלכן מיר מוזן אויספילן באהבה.

די מאַמע, אַ צעלויכטענע, אַ פריילעכע, גיט אונדז אַראָפּ דאָס העמ־ערל, נאָכהער די אָפּצווענגע. דערנאָך גיט זיך אַ הוידע דאָס בענקל און די מאַמע מיטן „ברוגזן מחותן" אין דער האַנט — אַזוי רופט זי אים איצט אָן גאַנץ היימישלעך — איז שוין מיט אים אויפן דיל.

ערשט איצט באַטראַכטן מיר אים אַלע דריי פון דער נאָענט, שוין נישט ווי קיין קייסער, נאָר ווי אַ פּשוטן בשר־ודם. דוכט זיך, וואָס, אַזוי אַ מענטש ווי אַלע מענטשן. עס איז אַפילו נישט צו גלייבן, אַז פון איין עק לאַנד ביז צום צווייטן האָט מען געציטערט פאַר זייער דעך. די מאַמע קוקט אויף אים מיט טרויעריקע, פייכטע אויגן.

— ער האָט אייך, קינדערלעך, צוגענומען דעם טאַטן פון דער שטוב — כליפּעט זי אין דער שטיל און וואַרגט זיך מיט די טרערן.

ביים וואָרט טאַטע וויינען מיר שוין אַלע דריי, ווייל מיר ווייסן נישט, צי איצט אין דער מינוט, ווען מיר ברענגען אַרויס זיין נאָמען אויף די ליפּן, איז ער נאָך אַ לעבעדיקער צווישן די לעבעדיקע. ווייסט דאָך אַ גאַנצע וועלט, אַז אויף דער מלחמה פאַלן מענטשן ווי פליגן.

— מאַמע, מאַמע, הערסט, מאַמע — רייסט איבער מיין שוועסטער רבקהלע די טרויעריקע מחשבות אונדזערע — ניקאָלאַי איז טאַטש אויף טאַטש, ווי מען שניידט איבער אַן עפּל, גערעטן אין אַפּאַנקען דעם קוימענ־קערער!

— ער איז נישט ווערט צו טראָגן אַפּאַנקעס נאָמען, ווערט ער די כפּרה פאַר אים. יענער איז אַ געפּלאָגטער און אַ לייטישער מענטש — איז דער מאַמעס קול טערפּקע און ווייטיקט.

וואָס־זשע פאָרט, פרעגט זיך, טוט מען מיט ניקאָלאַיען? צערייסן אים? עפּעס לייגן זיך די פינגער נישט. די מורא האָט זיך, אַפּנים, גוט איינגעגעסן אין די ביינער. טראַכט זי, די מאַמע, און טראַכט, גלייך דאָס וואָלט געווען איצט די גרעסטע דאגה אירע און מיר העלפן איר מיט טראַכטן. און מיט אַ מאָל, אַן דעם, זי זאָל אויסרעדן אַ וואָרט, לויפט זי אַרויס אין דרויסן, אין איין שאַלעכל, און ברענגט אַריין דעם לייטער אין שטוב, און שטעלט אים צו צום בוידעמטירל. דערנאָך כאַפּט זי העני־דום־פּענדום ניקאָלאַיען, — גלייך ווי איך וואָלט מורא געהאַט — לאַכט זי — אַז עמיצער וועט אויסכאַפּן די "שיינע מציאה" ביי מיר — און לאָזט זיך מיט אים אויפן בוידעם אַרויף.

...ערשט דאָ עפנט זיך די טיר און עס שטעלט זיך אַריין אין שטוב משה באַלאַבירער, אַן אַלטער בחור, אַ לאַנגער ווי אַ דראַגונער, וואָס

שפּאַרט ממש אונטער מיטן קאָפּ די סטעליע. משה באַלאַבירער איז אַ פֿאַר־זעסענער בחור. אין אונדזער שטעטל זאָגט מען, אַז משה איז אַמאָל געווען אַ יונג אַ קראַסאַוויעץ און אַ גאַנצער פֿילאָסאָף. ער פֿלעגט אַפֿילו שרייבן שירים אין די „פּרחים". און בסך־הכל איז ער געווען נישט מער ווי אַ שרער. ער פֿלעגט גאָלן און שערן. נאָר דאָס איז שוין געווען אַן אַרבעט, אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן אַזעלכע געבענטשטע הענט. וואָס דאַרפֿט איר מער, אַז דער בעלצער איספּראַווניק פֿלעגט פֿאָרן קיין קעשעניעוו צום גובערנאַטאָר אויפֿן ראַפּאָרט, פֿלעגט ער בכבודו ובעצמו זיך מטריח זיין אין אונדזער שטעטעלע פֿערליץ און זיך קומען שערן צו אונדזער משהן. הקיצור, וואָס טויג אייך אַ סך ברייען: דאָס איז געווען אַ שערער בחסד עליון, דער בעסטער אויף דער ליניע אונגען—קעשעניעוו.

פֿאַרמאָגט האָט משה נאָך אַ מעלה, וואָס איז געווען מיט גאָלד גלייך. אַנדערע חברה פֿון זיין פֿאַך, בשעת דער אַרבעט, דרעשן פּוסטע חכמות אָדער צימבלען אויף אַ פֿאַרזשאַווערטער באַלאַלייקע אַלטע, פֿאַרשימלטע לידער פֿון מלך סאָביעסקיס צייטן. נישט אַזאַ איז געווען אונדזער משה. ער פֿלעגט „דעקלאַמירן"... די מאַמע דערציילט, אַז ער פֿלעגט אָפּזאָגן די שענסטע געדיכטן פֿון זשאַרגאָן אויף אויסנווייניק און אַפֿילו נישט אַ פֿינטל טאָן מיטן אויג. דער אַפּטייקער רויזן פֿלעגט עס אָנרופֿן איידל, מיט אַ מין סאַמעטענעם נאָמען, פֿאָעזיע, נאָר קליינשטעטלדיקע נישט־פֿאַרגי־נערס פֿלעגן זאָגן, אַז עס איז „שטראָם־גראָם מאָך מיר אַ לעטניק". גיי וויס, אַז פֿון אָט דער שיינער דעקלאַמאַציע וועט זיך נעמען זיין אומגליק.

— ע... עע... — קרעכצט די מאַמע — אין חכם בחכמתו, ווען אַ מענטש זאָל וויסן, פֿון וואַנען זיין אומגליק קומט, וואָלט ער איינגעלייגט וועלטן און נישט אַרומגעגאַנגען אַ גאַנץ לעבן אין דער פֿינצטער.

טרעפֿט אַ מעשה, משה ווערט פֿאַרבעטן צו אַ יידישן פּאָסעסאָר, ער זאָל אונטערשערן זיין טאָכטער. געווען אַ מאָדערן מיידל, וואָס פֿלעגט טראָגן קליידלעך שאַנטעקלער און לייענען פֿראַנצויזישע ראָמאַנען. און דערצו אַ יפֿת־תואר. געזען אַזאַ געמעל פֿאַר זיינע אויגן, איז משהן שיר נישט אַרויסגעפֿאַלן דאָס שערל פֿון די הענט. אָבער ער איז געקומען צו זיך און איר אָפּגעזאָגט אַ שטיקל „נאַדסאָן" און זי האָט גענומען ציטערן

ווי אין אַ קדחת. לאָזט זיך אויס, אַז פּאָעזיע איז אַזאַ מין חולאת, וואָס איז נאָך געפּערלעכער ווי אַ פיבער: סע ווערט פון אים הייס און קאַלט.

קורץ, דאָס מיידל האָט זיך פאַרליבט אין שרעער איבער די אויערן. אַזאַ פאַרקאָכעניש האָט די וועלט נאָך נישט געזען. אין אַ פראָסטן מיט־וואָך פאָרט צו דעם פּאָסעסאָרס קאַרעטע צו דער שרעריי. און זי, די יפת־תואר, שפּרינגט אַראָפּ פון דער בריטשקע מיט דער פלינקייט און מיטן אימפּעט פון אַן אינד, און שטעטל קוקט פאַרגאַפט ווי משה באַלאַביי־רער פאַרמאַכט די שרעריי, גלייך ווי עס וואָלט געווען שבת נאָכן קוגל, טוט זיך אָן אין אַ פאַלטנדל מיט אונטערגעהאַקטע פּאָלעס, דאָס טשאַקנ־דיקע קאַפּעלושל אויפן קאָפּ, מיט דעם שיינעם כליסטעקל אין האַנט און לאָזט זיך אַוועק מיט דעם פּאָסעסאָרס טעכטערל — לאָרע האָט זי גע־הייסן — אויף דער טאָלעקע.

זי אים — נאַדסאָן, ער איר — ענגעל. זי אים — מיין מלאך, ער איר — מיין גן־עדן־רויז. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט ביז וואַנען דער פּאָסעסאָר האָט זיך דערוווּסט פון דעם ראָמאַן, געשיקט רופן משהן און אים געזאָגט, אַז ער גיט אים כּך־וכך, ער זאָל זיך צונויפנעמען מיטן גאַנצן הכל־בכּל און עוקר זיין פון פערליץ. איז דאָך משה אַן עקשן און די צונג איז ביי אים נישט אין קימפּעט. שטעלט ער זיך מן־הסתם איינס אויף איינס מיטן פּאָסעסאָר, דערציילט אים וועגן די גרויסע שיינע ליבעס פון אַבשלום און שולמית, פון ראָמעאָ און דזשוליעטאַ, ערשט יענער זאָגט, אַז מיט קיין חן־קוקעלעך, שיינע רייד און שטראַם־גראַם נעמט מען אים נישט... און רעדט מיט משהן דברים קשים וועגן סיביר. שיקט אים רופן צום רב. און אַז סע העלפט נישט — טרעפט אין איינער אַן אָסיענדיקער נאַכט, ווען די פינצטערניש איז געווען אַזוי געדיכט, אַז מען האָט זי געקאָנט שניידן מיט אַ מעסער — משה גייט פון באַן אַהיים און שלעגער פאַלן אים איבער, אָנגעטאָן אים אַ זאַק אויפן קאָפּ, און פאַרשלעפּט אים אונטער דער בריק און אָפּגעטאָן אים אַ מיאוסע זאַך... וואָס גרויסע מיידן אויס צו רעדן וועגן דעם אין דער אָנוועזנהייט פון קליינוואַרג, און קינדער פאַרציטקעוועט מען, אַז מען הערט דאָס זיי ברענגען עס אַרויס אויף די ליפּן...

— געווען אַ משה, אַזאַ שיינער, ליכטיקער, שטאַלטנער משה, און איצט מעג ער שוין הייסן אַפילו חיה־טריינע, סע איז אים שוין אַלץ איינס — אַזוי האָבן אים באַקלאָגט די יידענעס פונעם שטעטל.

פון דעמאָלט אָן איז משה געוואָרן פינצטערער ווי אַ סוף־אָסיענדיקע נאַכט. אַ שענערן פון אים לייגט מען אין דער ערד אַריין.

...ער האָט אַראָפּגענומען די שילד מיט די צוויי שיינע פייערפייגל, וואָס פלעגן האַלטן שערן צווישן זייערע פליגל. אַ סוף איז געקומען צו די שיינע געדיכטע פון זשאַרגאָן און די האַרצרייסנדיקע מאָראַלישע ראָמאַנסן, וואָס האָבן געקאָנט רירן אַפילו אַ שטיין. פאַרלאָזט האָט משה אונדזער שטעטל און אַ קיילעכיק יאָר געפּראַוועט גלות אין אַ דאָרפישן מאַנאַסטיר. געשוירן קאָלטענעוואַטע מאָנאַכישע בערד, און פאַרכעוואַטע גלחישע קעפּ. נאָר וויפל קאָן אַ ייד וויאַנען אין אַן עיפּושדיקן מאָנאַסטיר צווישן פאַרשניאָשקעטע מאָנאַכן און סרחהנדיקע גלחטעס?

אומגעקערט האָט ער זיך אין שטעטל נאָך ווינסטער ווי ער איז געווען. אַ גרויער, אַ פאַרוואַקסענער און מיט אַ ווילד פייערל אין די אויגן. גערעדט האָט ער מיט אַ פאַרלעגערט פרעמד קול. און געשוירן האָט ער שוין אין אַ קויטיק ווינקל פון דער באָד געבראָכטע יידן און די קינדערלעך פון דער מאַהאַלאַ. פון מענטשן האָט ער געוויכט ווי פון אַ פעסט. און ג׳ע־שלאָנדערט זיך איבער די פעלדער ווי אַ נישטגוטער. אַ גאַנץ שטעטל האָט אים באַיאָמערט און שניידער־מיידלעך מיט ווייכע הערצער און מיט גאָט אין די אויגן האָבן פאַרפאַסט וועגן אים אַ ליד, וועלכער עס זינגען עס ביז היינט צו טאָג אין מיין שטעטל די פּאָר יידענעס, וואָס זענען געבליבן ווי אַ זכר־לחורבן.

די איינציקע שטוב, וווּ משה פלעגט נאָך אַריינגיין, איז געווען אונ־דזערע. די מאַמע פלעגט אים דערקוויקן דאָס אויסגעהוילטע האַרץ זיינס מיט אַ ביסל געקעכץ און נאָך מער מיט אַ גוט וואָרט. זי פלעגט אים אויסוואַשן אַ פּאָרל גרעט, אויספּרעסן די מאַנישקע און פאַרטרייבן די ווייסע חברה, וואָס פלעגן אים נאָכגיין פוסטריט, באַשטעקן מיט בערעלעך און זינגען:

משה־קוישע, מאַך אַ ברית, —
צען קאָפּיקעס אַן אָקע פּיש.

וואָס אַ יאָר איז משה געוואָרן בייזער און האַרטער... די גרויסע שוואַרצע אויגן זיינע האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פעך און יעדעס וואָרט זיינס איז געווען ביטער־סם, ווי מיט אַ צומיש פון גאַל.

— ווי טאַסקעט איר, איטע, דאָס פאַרדריפּעטע מלכותל אַזש אויפן בוידעם אַרויף? וואַרפט אים בעסער אַרויס אויפן מיסט, ווי עס טוען אַלע גוטע פרומע לייט — קריכט ביי משהן אַרויס אַ זויערער שמייכל אויף די ליפּן.

— איך וויל, אַז עס זאָל בלייבן אַ געדעכעניש לדורות. אַז מיינע קינדער און קינדס־קינדער, ווען סע וועט זיך זיי פאַרגלוסטן, זאָלן זיי אים אָנקוקן און זאָלן זען מיט זייערע אייגענע אויגן וואָס פאַר אַ המן מיר האָבן זוכה געווען צו פּטרן.

— וואָס־זשע, איר מיינט, אַפּנים, אַז סע איז שוין דער לעצטער המן? — שטשירעט משה מיט זיינע פאַרגעלטע ציין.

— יאָ, דער לעצטער, נישט דער לעצטער, נאָר ווען מען פּטרט אַ המן, דאַרף מען זיך פרייען. און חוץ דעם האָבן מיר אַ גרויסן גאָט און איך האָב בטחון, אַז אויב נישט מיינע קינדער וועלן זוכה זיין דערצו, וועלן מיינע קינדס־קינדער דערלעבן די מפּלה אויך פון דעם לעצטן המן.

— אַז איר וועט נעמען שלעפּן אַלע המנס אויפן בוידעם, וועלן אייך אַלעביידעמער פון דער וועלט נישט סטייען — כיכיקעט דער באַלאַבירער.

— איר זענט אַ פאַרקערטער קאָפּ — גיט די מאַמע אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי זי וואָלט זיך וועלן פּטרן פון אַ זלידנער פליג. — לאָזט מיך געמאַך און פאַרשטערט מיר, אַבעטעך, נישט די שמחה. — שטעלט די מאַמע פעסט דעם פוס אויפן ערשטן שטאַפּל, נאָכטעלעבענדיק נאָך זיך דעם אַלמעכטיקן מלך פון ראַסייע.

אין חדר גיי איך מיר אַ פריילעכער, אַ זינגענדיק־טאַנצנדיקער. די מאַמע האָט מיר אָנגעטשעפּעט אויפן לעצל אַ רויט דזשימדזשיקל פון פּאָמס, שפּיגל איך מיך אין דרינען און סע איז מיר גוט. פאַר גרויס שמחה

האַפּקע איך אויף איין פוס און גיב אַ טעלעמעץ אין דער ערד אַריין און כאַפּ אַ ביטערן ליש. עס פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ און עס פאַרגייען מיר זאַפּערעס * אין די פינגער און איך הוקע אויף זיי. אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך געוויינט, אָבער איצטער לויף איך ווייטער און זינג מיר אונטער:

אָרעם און רייך אַלע גלייך

חד־גדיא!...

אין חדר איז הימל עפּן זיך! דער רבי מיינער, הערץ, איז אַש להבה. ער זאָגט, „אַז די רעוואָלוציע איז אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן באָמען, און אַז זי וועט אים ברעכן פון ברויט".

— אַ שיין פּנים — היצט זיך דער רבי — האָט דאָס געשעפּט, אַז דאָס זעמלמעל פון דער וועלט, מענטשן פירשטלעכע מיט אָפּענע קעפּ און קלאָרע מוחות, זאָלן ווערן הייצערס אין באָד און די כאַפּ־לאַפּ־חברותא פון קרעפּל־געסל זאָל אָנפירן מיט מלכות. סע איז נישט געהערט און נישט געזען געוואָרן, און סע וועט נישט זיין — טרייסט זיך דער רבי און לאָזט דערווייל אויס דעם כעס צו אונדז און צו מעניע דער רביצין, וואָס זיצט אַ פאַרוויינטע ביי דער טרינעשקע און קאָכט אַ באָרקעווע באָרשט.

— גלייך ווי צען רוחות זענען היינט אַריין אין אים, אין מיין שיין מאַנדלבייגעלע — כליפּעט די רביצין. — וואָס זשע, רויטער גזלן (דער רבי הערץ איז אַ רויטער), בין איך שולדיק, וואָס דיין שיינער מלך, אַ ווייטיק אים אין האַרצן, איז געוואָרן אויס קאַפּעליוש־מאַכער? אדרבא, ווען מען פרעגט ביי מיר, וואָלט איך געזאָגט. אַז ער וואָלט געמעגט באַצייטנס אויסגערונען ווערן ביי זיין מאַמען דער כאָנטע אין בויך, אָדער לכל־הפּחות אָנלייגן מיטן קאָפּ נאָך פריִער מיט צען יאָר!

דער רבי טופּעט מיט די פיס און איז זי גרייט דורס צו זיין. ער שעלט זי מיט טויטע קללות, הלמאַי אַזאַ לעקישעוואַטע יידענע ווי זי, אַ פאַרזשאַווערטע, רוקט דעות אין מלכות... און... נעכאַי וואָלט זי — לאָזט ער אַראָפּ אַ פּאָר טענער — פון אַזאַ פעט רינדערן שטיקל פלייש,

---

* שטעכענישן.

וואָס ער האָט היינט אַזוי שווער באַקומען, געקאָכט אַ יויך מיט פאַסאָ־ליעס און נישט קיין פּאָניעש בייזווונדער!

שימעלע קיטראָסער רוימט מיר איין אַ סוד אין אויער, אַז דער רבי איז היינט אַזוי שטאַרק בייז, ווייל ערשט אָ איז געווען רויזן דער אַפּטיי־קער און אים באַפוילן, אַז מאָרגן זאָל ער נישט קנעלן, נאָר נעמען אַלע קינדער און גיין מיט זיי אויף דער מאַניפעסטאַציע און אַרויסהענגען אַ רויט פענדל אויפן חדר.

— מיינע תחתונים וועל איך אַרויסהענגען און נישט קיין פענדל

— דערציילט מיר שימעלע, האָט געזאָגט דער רבי, ווען דער אַפּטייקער איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר. — איך וועל מיר אָנטוען דעם אַלטן נאַקעט און נייעם באָרוועס און רייטנדיק אויף אַ קאָטער, וועל איך מיך אַרויסלאָזן אויף זייער שיינער "מעניפעסטאַציע", נישט געדאַכט זאָל זי ווערן.

דער רבי האָט, אַפּנים, געלעכערטע אויערן, ווייל ווי נאָר שימעלע ענדיקט מיר אַריינשושקען דעם עק סוד אין אויער אַריין, שטרעקט ער אויס זיין באַהאָריקטע האַנט און פאַרפאָרט אים מיט אַלע פינף פינגער אין דער רעכטער באַק אַריין.

— שימעלע גנב — רעדט דער רבי מיט אַ שמן־זיתדיקער שטימע, גלייך סע וואָלט גאָרנישט געשען. — זאָלסט טון טאָן וויסן זיין, פון היינט אָן און ווייטער, אַז דו ווילסט דערמאָנען מיין נאָמען, זאָלסטו כאָטש פּריִער אויסשווענקען דיין טריפהן מויל.

דערזען, אַז שימעלע ווערט נישט איבעראַשט נישט פונעם פּאַטש און נישט פון דעם „מאָראַלעכץ", נאָר פאַרקערט, אין זיינע אייגעלעך טאַנצן אַרום שפּאָטישע שדימלעך, גייט דער רבי אַרויס פון די כלים:

— סע איז עפּעס היינט נאָר אַ מין וויסטע בעזהאַלאָוויע * אויף זיי. קוק עס נאָר אָן, דאָס ממזרוקל, אַ גאַנצן זומער גייט זיך עס באָדן, סע זאָל כאָטש איין מאָל דערטרונקען ווערן. — און איידער דער רבי אוס־פּעיעט צו לייגן די האַנט אויפן קאָנטשיק, איז שוין שימעלע פון יענער

* אָן אַ קאָפּ.

זייט שוועל, פון וואַנען ער שטעלט אַרויס דעם רבין אַזאַ לאַנגן לעקער, אַזש מיר אַלע קינדער גאַפן פון וואַנען האָט זיך גענומען צו שימעלען אַזאַ לאַנגע צונג...

אונדזער שימעלע איז אַ מאַלאָדיעץ. ער באַוויזט וואָס ער קען. ער באַגנוגנט זיך נישט נאָר מיטן לעקער, נאָר ער שרייט אויס מיט אַ פּריש, יונג קולעכל, ווי דער געקריי פון אַ צעבויטעט האָנדל:

— רבי, מיר אַלע האָבן אייך טיף טייער אין דער ערד!

אין חדר ווערט חושך, טאַקע עפּעס נאָר ווי אַ וואָלקנבראָך. דער רבי מיט אַ פּנים ווי אַ מחבל לאָזט זיך מיטן קאַנטשיק אין איין האַנט און מיטן גאַרטל פון די הויזן אין דער צווייטער האַנט נאָך שימעלען און קערט איבער די טרינעשקע מיטן באַרקעווע באַרשט. מעניע די רביצין קוקט מיט אויגן פאַרלאָפּענע מיט בלוט אויף דעם אויסגעגאָסענעם באַרשט, אויף דעם פּאָמס־רויטן בעריק, וואָס וואַלגערט זיך אונטערן טיש און אויף דעם שטיקל פליש, וואָס איז שוין ביים ראַבן קאָטער אין מויל. און רייסט זיך פאַר ווייטיק די האָר פונעם קאָפּ.

מיר, תלמידים, זעען אַז עס איז „עק וועלט״, איז פאַר שרעק רוקן מיר אַריין די נעזער אין חומש און זענען מעביר די סדרה אויף קולי־קולות, כדי צו פאַרשרייען דאָס אומגליק. העכער פון אַלע שרייט אונדז איבער דעם שענקערס זונדל, דאָדי קלימעוווצקי, וועלכן דער רבי האָט געקריינט מיט אַ צונאָמען „דאָדי קאַשע מיט מילך״, ווייל ער איז אי טשיפּעליאַווע, אי אַ פאַנפאַטער און דערצו האָט ער נאָך אַ חסרון — אייביק קאַפּעט אים פון דער נאָז.

— וילך — יעכצט דאָדי — איז געגאַנגען... עשו־עשו... לצוד — צו כאַפּן... צידה — אַ כאַפּונג...

דערזען, אַז ער איז געבליבן אָן אַנבייסן און אַז מעניע זיין ווייב איז שוין באַלד פאַרביי, גיט דער רבי אומגעריכט אַ שמייכל און רופט זיך אָן צו אונדז מיט אַ גמרא־ניגון:

— הערט־זשע, קינדערלעך, בנים פושעים ומורדים, אַזוי ווי מיר האָבן שוין, ברוך־השם, אַ רעוואָלוציע איבער גאַנץ ראַסייע... און מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס, וואָלט געווען אַ יושר, איר זאָלט אַלע

אַרויסלייגן אויפן טיש די איבערבייסנס און אָנבייסנס, וואָס מען האָט אייך מיטגעגעבן פון דער היים, וועלן מיר אין איינעם פּראַווען די סעודה.

דערזען, אַז דער רבי שמייכלט, ווערט מיר פריילעכער אויפן האַרצן און איך לייג ארויס דער ערשטער אויפן טיש מיינע צוויי שטיקלעך ברויט אָנגעשמירט מיט פּאַווידלע. דאָדי קאַשע מיט מילך ברענגט צו טראָגן אַ קיישעלע מיט דריי פּופּיקלעך און אייעלעך פון הינדלעך. אברהמלע מרדכי־בערס טראָגט צוויי פּיידעס ברויט מיט רעטעך מיט שמאַלץ. בערל יאָסל בעקערס — אַ האַלב טוץ פּלעצלעך מיט מאָן...

איך קוק צום רבין און זע, אַז ער טייעט אָן:

— ס'עט זיין — זאָגט ער — אם ירצה השם, אַ סעודה כיד המלך...

מער פון אַלע קווועלט ער אָן פון יאַנקל ליאַטקער, אַ לאַנגער ווער־געלעץ, אַ חתן־בחור, וואָס מחמת זיין שווערן קאָפּ איז ער מיט אונדז, קליינע יינגלעך, אין איין כיתה. יענער האָט אָוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ פלעשעלע בראָנפן און, מעשה גרויסער, ווענדט ער זיך צום רבין מיט אַ פּאַניבראַטיש שמייכעלע:

— טרינקט, ר' הערץ טראַכטענברויט, און עסט אייך נישט אָפּ דאָס האַרץ און האָט די רעוואָלוציע טיף אין דער אדמה.

ווונדער איבער ווונדער...

אין אַ ווינטערדיקן פּראָסטיקן טאָג זאָל שיינען אַזאַ לויכטנדיקע זון.

— אָפּנים, דעם רבונו של עולם געפעלט אויך די רעוואָלוציע — זאָגט מיין מאַמע. — והראיה, שטענדיק אין דער צייט שנייעט און ווייעט און איצט אין סאַמע שבט אַזאַ לויכטעניש.

איך זע באַשיימפּערלעך, אַז מיין מאַמע ווערט יינגער פון מינוט צו מינוט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין גרויסן פאַרטאָג, אָפּגעוואַשן די דילן, געשייערט, געוואַשן און געריבן און פריילעך אונדז געמונטערט:

— העלפט מיר, קינדערלעך, אויספּוצן דעם דלות...

דערנאָך האָט זי אונדז אָנגעטאָן די יום־טובדיקע מלבושימלעך, מיין רבקהלען פאַרפלאָכטן רויטע סטענגעלעך אין די בלאָנדע צעפּעלעך, מיר אָנגעטשעפּעט אַ באַנטיקל אויפן לעצל און זיך אַליין אָנגעשפּיליעט אַ פּאַפּירענע רויטע רויז אויף איר שוואַרץ סאַמעטענעם קאָפּטל. זי האָט

אונדז אויך אָנגעלייגט פולע קעשענעס מיט סעכערלעך און צוקערקאַנדל, ווי אַ זאַך מאַכט זיך — טאָמער הייבט אונדז אָן צו נאָגן אונטערן לעפעלע. אונדז אָנגענומען פאַר די הענטלעך און אין דרייען זענען מיר אַוועק מקבל־פּנים זיין די רעוואָלוציע.

...סע איז פריילעך היינט אין אונדזער שטעטל פערליץ, דער אַפּטייקער רויזן, דער דאָקטער נאָסאָלסקי און משה אהרן שוסטער מושטירן דעם עולם. די ערשטע צוויי רעדן אײדל אויף רוסיש און בעטן זיך ממש תחנונים ביים צעפריילעכטן, צעהאָוועטן המון:

— טאָוואַרישטשי, ניע נאַרושאַיטיע פּאָריאַדאָק... ניע וויכאָדיטיע איז ריאַדאָוו! (חברים, שטערט נישט די אָרדענונג און גייט נישט אַרויס פון די רייען!...)

„טאָוואַרישטש" דאָס איז אַ מין ניי וואָרט, וואָס מיר הערן עס צום ערשטן מאָל. סע איז אַ מחיהדיק, געשמאַק וואָרט, וואָס שמעקט מיט זון און מיט מאָן־פלעצלעך. און אַז מען הערט עס, ווערט מען ביי זיך געהויבענער און אָנגעלייגטער.

דאַקעגן משה־אהרן שוסטער, וועלכער איז אויסגעקאָכט מיטן גאַנצן שטעטל, און קען אַלע פון קליין ביז גרויס, מאַכט עס פּראָסטער, אויפן היימישן שטייגער. אַלע מאָל צעלאָזט ער זיך אויף זיין קוויטשיק קולעכל:

— ווילדע צאַפּעס, וואָס איר זענט. וואָס זבורדעט איר אַזוי?! — און פון צייט צו צייט, אַז ער זעט אַז סע העלפט נישט מיט גוטן פאָרט ער אַריין אַ מאָל דעם, אַ מאָל יענעם, מיט די פינף פינגער.

ער איז היינט אַ מיוחס, משה־אהרן, סע איז זיין טאָג. מיט אַ פּאָר חדשים קריק האָט ער אין שול, בין מנחה למעריב, געזאָגט אויף דער רוסישער מלכה אַלעקסאַנדראָ פיאָדאָראָווגאַ, אַז זי איז אַ כאָנטע בת זונה. נו, פאַרשטייט זיך, אַז וועגט האָבן אויערן און מע האָט אָפּגעטראָגן דאָרט ווו מען דאַרף. און אין אַ וואָך אַרום האָט מען אים מטריח געווען אין דער „ישיבה של מעלה".

אַריבער אַ פערטל יאָר — זאָגט מען ביי אונדז אין שטעטל — האָט ער זיך געלייטערט אין „חד־גדיא", געגעסן קדחת אויפן זייגער און געכאַפּט פּעטש ווי האָלץ.

— נאַטשאַלסטווע — דערציילט משה־אהרן — האָט געוואָלט ביי אים דערגיין, צו וועלכער „מאַסט" ער געהערט, צי ער איז אַן עסער, אַן איס־קראָוויעץ אָדער אַ מענשעוויק ?... האָט ער אויסגעבטלט צו זיי אַלע חלומות און זיי געזאָגט, די שמענדריקעס מיט די עפּאָלעטן, אַז צייט ער לעבט אויף דער וויסטער וועלט, האָט ער פון אַזעלכע פּעכפּייגל נישט געהערט און אַז בסך־הכל קען ער זיך קוים חתמענען אויף „רישעש", און פרעגט אים בחרם צי זיין פאַמיליע־נאָמען ענדיקט זיך מיט אַ טוויאָרדי זנאַק, צי מיט אַ מיאַכקי זנאַק, ווייסט ער נישט.

אָבער נאַטשאַלסטווע האָט אַ וויסטע טבע — זיי האָבן ליב צו וויסן „פון וואַנען די פּיס וואַקסן"... זי מוז דערגיין אַן עק. מעג זי אַפילו זען, אַז איר שפּילט מיטן לעבן... האָט אים דעריבער דער גלאַוונער פון זיי — ווערט נישט מיד צו דערציילן משה־אהרן — אַ גרויסער טשין, כמעט אַ גענעראַל, געגעבן אים אַ פּאַרפּאַר סאַמע אונטער דער גאָמבע אַזש סע האָבן אים אָנגעהויבן צו קלינגען די ציין אין מויל.

פאַרשטייט זיך, אַז משה־אהרן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, אַזוי ווי אַ נאַסער האָן און אָפּגעחלשט גוטע צוואַנציק מינוט. די גאַנצע צייט, וויפל סע האָט געדויערט דאָס חלשות, האָט אים איין קלינגל גע־שפּריצט מיט וואַסער און צוויי האָבן אים צענומען דאָס מויל און אַריינ־געגאָסן ראָם.

— איך, דאַרפט איר וויסן — זאָגט משה־אהרן — בין אַ גרויסער מייסטער אויף חלשות... מיין מאַמע, עליה השלום, פלעגט זאָגן אויף מיר, אַז איך האָב נאָך געחלשט ביי איר אין בויך... אַ סימן, אַלע ניין חדשים, ביז וואַנען איך בין אויף דער וועלט געקומען, פלעגט זי חלשן דריי מאָל אין טאָג. איך קען אויך חלשן אַזוי פיל וויפל איך וויל און וויפל מען דאַרף. נאָר, ערשטנס, איז מיר געוועזן אַ גאָטס־רחמנות אויף די אדונים... זאָגט אַליין, וויפל קאָן מען זיי מוטשען, און צווייטנס, איז מיר געקומען אויפן זינען מיינער אַ קרוב, וואָס האָט, מאָלט אייך, אויף אַ קאַטאָוועס גענומען חלשן, און אין מיצקע דרינען, איינס־צוויי, געגעבן אַ שטאַרב...

ווען דער שוסטער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערפילט, אַז פון איין זייט איז ער פּיטש נאַס, כאָטש נעם און דריי אים אויס, און פון דער

צווייטער זייט איז אים וואַרעם אין אַלע אברים, אַזש סע גלוסט זיך אים טאַנצן, ווי אין פּסוק שטייט געשריבן — יין משׂמח לב אנוש.

דער „כמעט גענעראַל" האָט אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז פיס, דערנאָך אים אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייך בענקל, און אַ רעד געטאָן צו אים סאַמעטן ווייך, אַזוי ווי אַן אייגענער טאַטע:

— דו זעסט כאַטש, גאָספּאָדין טאַלעסמאַן, וואָס דו האָסט געמאַכט פון זיך און פון אונדז?... דו ווייסט, אַז איבער דיר האָב איך נאָך היינט קיין טראָפּן קאַווע נישט געהאַט אין מיין מויל? איז וואָס זשע ווילסטו, טאַלעסמאַן, אַז מיר זאָלן טאַקע ביידע אַזוי אָפּפּאַסטן דעם גאַנצן טאָג? אפשר וואָלט שוין פאַרט געווען אַ יושר, זאָלסט שוין אַ מאָל אַרויס מיט דיבורים?!...

משה־אהרן איז בטבע אַן איש רך לבֿ, אַ ווייכהאַרציקער, האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט ווי אַ מין רחמנות אויפן גענעראַל. אַזאַ שיינער מאַן, אַזאַ פּירנעמענער גרענדע, מיט גילדערנע עפּאָלעטן און ער זאָל אַזוי ביטער הונגערן איבער אים. האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ כוח, אַרויסגעשלעפּט דאָס ביסל רוסיש, וואָס איז געלעגן ערגעץ פאַרשטעקט, דער גוטער יאָר ווייסט וווּ, און צו אים אַזוי געזאָגט:

— וואַשע ווּיסאָקאָ בלאַגאָראָדיע, איך שווער ביי גאָט, און ביי מיינע פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע, אַז איך האָב אויף איר, אויף דער „יעיאָ וועליטשעסטוואָ", געזאָגט איין קלייניקייט, אַז זי איז נישט פאַר קיינעם געדאַכט, געכאַפּט אין דער... מעשה... פאָימאַניע וו סקאַזקיע... און גלייב זשע מיר, איך זאָל אַזוי זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער און אַ מאַן מיין ווייב, וואָס ווייגט זיך אויס די אויגן נאָך מיר, אַז איך וואָלט דאָס אויך נישט געווען געזאָגט, ווען איך טרעף נישט אין שול אַריין — הלוואי וואָלט איך מיר געווען אויסגעבראָכן הענט און פיס — פּינקטלעך צו אַ רייכן יאָרצייט, און כאָפּ נישט קיין איבעריק ביסל בראָנפן, פאַר דער עלית הנשמה.

אָבער נאַטשאַלסטווע, בלייבט נאַטשאַלסטווע... מלכות האָט ליב צו וויסן, ווי אַזוי, וואָס און ווען... משה־אהרן האָט גערעדט און די קלענערע אחשתרנימלעך, די פּיסאַרן, האָבן געשריבן. אַ וואַלד מיט פּאַפּיר האָט מען

פֿאַרשריבן. ווי אַזוי ער הייסט, און זיינע טאַטע־מאַמע, ווייב און קינדער, און זיין שווער און שוויגער האָבן געהייסן... וואָס דאַרפֿט איר מער, אַפֿילו אַזאַ קלייניקייט האָט זיי אויך אינטערעסירט — צי האָט ער געגומען זיין רחלען פֿאַ ליובווי, צי דורך אַ שדכן?

— עסן — דערציילט ער — האָט מען אים געגעבן נאָר מילכיקס... פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט קיין פּוטערבולקעס, און אַפֿילו נישט קיין קעז און נישט קיין פּוטער און נישט קיין מילך, נאָר שוואַרץ ברויט מיט זויערמילך... באָרשט האָט ער נישט געגעסן און וועט נישט עסן, כאָטש גיט אים אַ באָרשט מיט גאָלד. ער האָט זיך פֿון אים אָפּגעזאָגט פֿונעם ערשטן טאָג אָן.

— וואַשע וויסאָקא בלאַגאָראָדיע — האָט ער געמאָלדן דעם גענע־ראַל — איר זאָלט נישט האָבן קיין פֿאַריבל אויף מיר, נאָר אייערע באָרשטן וויל איך נישט עסן, כאָטש זיי שמעקן גוט, זיי האָבן אייער טעם. ווייל איך בין אַן עלטערער מענטש, און ווי אַלע עלטערע יידן אַ „וויערושי טשעלאָוויעק״... און וואָס איז צו גאָט, איז צו גאָט, און וואָס איז צו לייט, איז צו לייט... — אַזוי האָט ער געזאָגט. ווייל אים, משה־אהרנען, דאַרפֿט איר וויסן, דאַרף מען די צונג נישט פּיקן, און ער קאָן זיך צו יעדער צייט זיין שטעטל אַליין באַשטיין.

והראיה, ביי די ווערטער האָט דער „כמעט גענעראַל״ זיך אַרויסגעגומען דאָס זיידענע שמעקנדיקע טיכעלע זיינס, זיך אויסגעווישט די אויגן און אַ זאָג געטאָ: „סלאַוואַ באָגו, וואָס אין ראַסייע זענען נאָך פֿאַראַנען „נאַבאָזשנע מענטשן״, ווייל אונדזער איינציקע „נאַדיעזשדע״ איז גאָט און דער קייסער״.

ערשט נאָך אַלע גענעראַלסקע טרערן און שיינע רייד, און דער פֿיינער באַנעמונג, האָט מען אים אַריינגעזעצט צוריק אין אָסטראָג, שוין נישט איינעם אַליין אין דעם עיפּושדיקן לאָך, וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „חדר מיוחד״, נאָר אין אַ גרעסערער באַגרעבעניש, אין איינעם מיט אַנדערע קראַמאַלניקעס אַלטע און יונגע.

— פֿון זייערע מיילער — דערציילט משה־אהרן — האָט זיך געשיט פּריסעק, אַזש מורעשקעס האָבן אים אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן לייב.

און ער האָט געפילט, אַז אויב ער וועט נאָך לאַנג זיצן צווישן זיי, איז טאָמער איז ער נאָך נישט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער, וועט ער מן הסתם ווערן.

זיי האָבן אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט לייגן קיין פייגעלעך אין בוזעם, ווייל צי ער וויל יאָ, צי ער וויל נישט, נאָר אַ „מורד במלכות" הייסט ער און ער וועט שוין אם־ירצה־השם פאָרן קיין סיביר אָן אַ בילעט.

...און אַז משה־אהרן האָט זיך מיט מזל אומגעקערט פון קעשעניעוו אַהיים, איז אים דאָס גאַנצע שטעטל געגאַנגען מקבל־פנים זיין. און ווי נאָר ער איז אַראָפּ פונעם וואַגאָן, האָט ער באַוויזן אָפּצוגעבן צוויי באַפעלן:

ערשטנס — זאָל מען זיך פון היינט אָן און ווייטער נישט דערוועגן צו רופן אים משה־אהרן שמש, ווייל איצט ווייסט מען שוין ברוך־השם פון איין עק בעסאַראַביע ביז צום צווייטן, וואָס פאַראַ געראָי ער איז און וויפל פעטש ער האָט געכאַפּט פון דער סאַמאָדערזשאַוויע. און אויב אַזאַ שטאָט ווי קעשעניעוו האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, איז דאָס פאַרדריפּעטע שטעטל פערליץ אויך נישט קראַנק צו האָבן פאַר אים כאָטש אַ ביסל דרך־ארץ.

צווייטנס — האָט ער אָוועקגערופן זיין ווייב רחלען אין אַ זייט און האָט איר אָנגעזאָגט דמים בראשה, אַז סע זאָל איר נישט איינפאַלן צו חלשן דאָ אויפן וואָקזאַל, ווייל סע פאַסט נישט פאַר אַזאַ מענטשן ווי ער, וואָס האָט זיך געשלאָגן מיט מלכות, אַז זיין ווייב זאָל מאַכן קודרישע* שטיק. מהיכא־תיתי, אין דער היים, קען זי חלשן וויפל איר האַרץ גלוסט, אָבער דאָ? אַזאַסי!

...היינט איז ער דער ערשטער מחותן אויף דער מאַניפעסטאַציע, אַ מין אונטערפירער אירער. עפּעס האָט ער ערגעץ פון אַ בוידעם אַרויס־געשלעפּט אַן אַלטע, פאַרזשאַווערטע, צעבויגענע שווערד און זי אָנגע־האָנגען ביים גאַרטל. דעם רעכטן אַרבל האָט ער אַרומגעוויקלט מיט אַ רויט צעקנייטשט בענדל. און סע קומט אים איצטער צו אַ שטיק געזונט,

---

* קאָקעטישע.

וואָס אַ גאַנץ שטעטל רופט אים שוין נישט משה־אהרן שמש, און נישט משה־אהרן פאַרך, און אַפילו נישט משה־אהרן שוסטער, נאָר משה־אהרן דער מיליציאָנער.

איין זאַך איז אים יאָ אַ ביסל פריקרע: פון מאָל צו מאָל גיט זיך אַ יאַוועט רחל מיט זייערע אַכט קינדערלעך און שטעלט זיך אַוועק הינטער זיינע פּלייצעס מיט די הענט פידבאָקעם און צעגייט זיך פאַר נחת:

— נו, יידן, וואָס זאָגט איר אויף מיין גליק?... אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ שיינער אוריאַדניק ער איז! היינט ווי עס פּאַסט אים די סאַבליע, גלייך ער איז געבוירן געוואָרן מיט איר!

— בהמה וואָס דו ביסט! בייס דיר אָפּ אַ האַלבע צונג — צינדט זיך אָן משה־אהרן — וואָס פאַר אַן אוריאַדניק בין איך דיר, ימח שמו וזכרו?!...

— מיליציאָנער זאָג, רחל, אַז גאָט האָט דיר שוין יאָ געהאָלפן, אַז דיין מאַן איז אַזאַ מליץ־יושר פאַר כל ישראל, ביים רבונו־של־עולם און ביים נייעם מלכות, — שטעלט אַריין דאָבע די סאַרוועריןן.

דערפילט, אַז די יידענע נעמט אים „אויפן זיכער", ווערט משה־אהרן אויסער זיך, און גיט שוין אַ גאָב דער סאַרוועריןן, אַריינגעמענדיק אין איין וועגס אַלע באַיאָרטע יידענעס:

— אַלטע, פאַרוויאַנעטע ווייבער האָבן דאָ נישט וואָס צו זוכן... אייער אָרט איז ביים אויוון אָדער אין מושב־זקנים.

דער עולם קייכט, רייסט קישקעס פון געלעכטער:

— וואָס זאָגט איר עפּעס אויף אונדזער משה־אהרנען... אַן אמתער מושל בקיפה.

— ע־ע־ע, ער וועט נאָך באַווייזן וואָס ער קען...

אייניקע געבן אים נאָך אונטער כעך *:

— קאָמאַנדעווע, משה־אהרן טאַטע, סע פּאַסט דיר!...

— לערן זיי בלק, ברודערצע, לאָזן זיי פילן דעם טעם פון האָבן אַ יידישן קייסער איבער זיך!

* קוראַזש.

אין עטלעכע שעה אַרום מאַרשירן שוין מענער, ווייבער און קינדער, צו צען אין אַ ריי, איבער די גאַסן פון שטעטל מיט רויטע פענער אין די הענט. די זון האָט צעשמאָלצן דעם שניי, איז כוואַטשען מענערישע שטיוואַלעס אין דער געדיכטער קלעפּיקער בלאָטע. ווייבער מיט לאַנגע, פאַרשפּריצטע קליידלעך, שרייען אָן אויף די קינדער, וואָס זענען פאַר־ניערעט * פון קאָפּ ביז פיס, אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען פון דאַנען. נאָר קליינוואַרג רירט זיך נישט פון אָרט. מע זינגט און מע גייט. מען גייט און מע זינגט. מע הערט גאָרנישט אויף צו זינגען.

סע איז שיין צו קוקן ווי אין אַ פּשוטן מיטוואָך האָבן טאַטעס און מאַמעס, און עלטערע יוסטע יידן און בכבודיקע יידענעס, אָוועקגעלייגט אַלע עסקים אין אַ זייט, זיך פאַרפּוצט אין יום־טובדיקע קליידער און אַרויס אין גאַס און זיך גענומען זינגען.

איז וואָס זשע זינגט מען? מע זינגט אַ שפּאָגל ניי ליד, מיט אַ ווייַ־בערישן נאָמען „מאַרסיליעזע” הייסט עס. פון וואַנען די „מאַרסיליעזע” האָט זיך גענומען ווייסט מען נישט פּינקטלעך. אייניקע זאָגן, מע האָט זי אַראָפּגעבראַכט פון פראַנציע, און אַנדערע זאָגן אַז פון נאָך ווייטער, אַזש פון ”ריעדעזשענעירא”... איז אַ טייל זינגען עס מיט אַ צעבראָכענעם כל־נדרי־ניגון און גאָר אַנדערע ווי אַ מין האָפּקענדיקן וואָלעכל.

— אַבעיטעכנו, אפשר וואָלט שוין געווען כדאי זיך אַ ביסל צוצוזעצן. שוין... מע איז שוין געווען ביים בית־עולם, אָנגעזאָגט די גוטע בשורה די טויטע... מע איז שוין געווען ביים טייך, דערפרייט די פיש... איז וויפל אַשטייגער איז דער שיעור צו גיין?... אַזוי איז ביי אַלע רעוואָלוציעס. פריִער דאַרף מען אָפּגיין און דערנאָך רוט מען שוין אָפּ... אפשר גייט מען גאָר אַקעגן משיחן... משיחן, וואָס איז נאָך נישט געקומען צו קריכן... איז ביז וואַנען וועט מען פאָרט גיין? ביזקל ווען?... שאַט... שאַט... מע שמועסט, אַז מע גייט גאָר אין דאָרף אַריין אין קלויסטער... צוליב וואָס? צוליב ווען?... צום אַלעם ערשטן איבערבעטן די געטער צווישן זיך... זאָלן מאָלדאַוואַנעס און יידן זען, אַז סע איז נישטאָ „קיין מיין גאָט

---

* פאַרשמירט.

און קיין דיין גאָט״... איין וועלט, איין פאָלק, איין גאָט און איין הימל און איין ערד... — אַזוי שמועסט דער עולם צווישן זיך...

מיין מאַמע איז אַזוי פאַרמאָרעט, אַז זי שלעפּט שוין קוים די פיס.

איך קוק אויף איר בלייך פּנים און אויף איר פאַרברודיקט קליידל, און סע טוט מיר וויי דאָס האַרץ פאַר איר. קיין סימן שוין נישט פון די גילדערנע פליטערלעך, גלייך ווי סע איז גאָר קיין מאָל קיין יום־טובדיק מלבוש נישט געווען. די מאַמע זאָגט, אַז זי וואָלט גערן געגאַנגען אַהיים, נאָר זי האַלט די מאַניפעסטאַציע פאַר אַ מין מצווה־זאַך. — אפשר, אין דעם זכות — זאָגט זי — וועט זיך דער טאַטע אין גיכן אומקערן אין זיין שטוב, צו זיין ווייב און צו זיינע קינדער.

הערש דאָמבראָוויצער שפּאַנט מיט אונדז אין איין ריי, מיט אַלע זיינע זיבן קינדערלעך. לכבוד דער מאַניפעסטאַציע האָט ער זיך אָנגעטאָן אין זיין יום־טובדיקן אויבערציִער, און אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ ווינער קאַפּעליוש — ענלעך אויף אַ ראָנדל — וואָס שווער און שוויגער האָבן אים נאָך געקויפט אַ מתנה חתנווייז צו דער חתונה.

— גאָטעניו, הלוואי כאָטש צוויי מאָל אין דער וואָך אַזאַ בייז ווונדער — כיכיקעט הערש — וואָלט איך מיר איינגעשפּאָרט דריי ברויט אַ טאָג.

— הערשל, פאַר וואָס האָסטו נישט מיטגענומען דיין צירלען אויף אויף דער מאַניפעסטאַציע, זאָל זי אויך האָבן אַ ביסל פאַרגעניגן ? — פרעגט אים די מאַמע.

— זאָל זי זיצן אין דער היים, איטע — לאַכט הערש — און היטן די שטוב. ווייל צווישן יאָ און ניין... קאָנען מיר די בורזשויען אָפּטאָרען* די ציג...

...עפּעס אַלע שיטן פעך און שוועבל אויף די בורזשויעס, נאָר ווער די בורזשויעס זענען ווייס איך נישט. עס קומט מיר פאָר, אַז דאָס זענען אַזעלכע ווילדע מענטשן, וואָס פרעסן אָרעמעלייט און קליינע קינדער...

...סע איז שוין אַ גרויסער פאַרנאַכט, ווען מען גייט אַריין אין הויף פונעם קלויסטער. דער אַלטער גלח קאָנדריאַקע שליסט אויף מיט אַ

* צונעמען.

גרויסן פאַרזשאַווערטן שליסל די שווערע קלויסטער־טירן. דאָס פּנים איז אים בלייך ווי די באָרד. ער פינטלט מיט זיינע וואַסערדיקע אויגן און ציטערט ווי אַן אָסיענדיקער בלאַט.

משה־אהרן שטעלט זיך אַרויף אויף אַ בענקל און פּאַכעט מיטביידע הענט. ער ציטקעוועט דעם עולם, און לערנט אים ווי ער זאָל זיך פירן אין גוייִשן „מקום־קדוש". דאָס פאַרזשאַווערטע שווערדל הוידעט זיך אַהין און אַהער און דאָס רויטע מיליציאָנערישע בענדל זיינס האָט זיך אים אַראָפּגערוקט אַזש ביז צו דער דלאָניע. ער איז איינגעטונקען פון קאָפּ ביז פיס אין בלאָטע און דאָס מאָגערע פּנים זיינס איז שוואַרץ ווי די ערד.

— אָט אַזוי — טראַכט איך מיר — האָט געקענט אויסזען משה רבינו, ווען ער האָט אַרויסגעפירט די יידן פון מצרים...

הערש דאָמבראָוויצער האָט מיט אַ שיינער מלכותדיקער מינע, עפּעס טאַקע נאָר ווי פון אַ נגיד, פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון זיין פאַרשמירטן איבערציִער, אויסגעטאָן די פאַרבלאָטיקטע ציזשעמקעס אויף דער שוועל און ממזריש אַ שמוכע געטאָן צו די אַרומיקע:

— איר מערלאַנעס * וואָס איר זענט, קוקט און פּיקעט. דוכט זיך וואָס, אויך נישט געוואַקסן אין אַ פּאַליי. נאָר, אַ דאַנק דעם ס'לעבט אייביק, פירן קען מען זיך. מען ווייסט יאַקאָש ווי איין און ווי אויס.

די מערלאַנעס, סע הייסט דער איבעריקער עולם, ווינקען זיך איבער מיט פילבאַדייטנדיקע רמזים, לאמור אַזוי צו זאָגן:

— אַ נישט מיינט ער עס ערנסט, דער מאַרעוויכער. סע האָט זיך אים פּשוט פאַרגלוסט אַ שפּיל צו טאָן טעאַטער. איז לאָז ער זיך שפּילן געזינטערהייט. אַז ס'איז אים ניחא, איז אונדז נעכאַי. נישקשה, דער עשיִישער גאָט ט'אים מוחל זיין, ער איז נישט אַזאַ בייזער ווי דער יידישער. ער ט'עם אַרונטערנעמען אונטערן מאַניפעסט!

מיר דוכט זיך, איר זאָלט אויספאָרן די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז צום צווייטן, וועט איר נישט געפינען נאָך אַזאַ מענטש ווי אונדזער הערש. איך האָב אים ליב. אַ טייערער מענטש, אַ זיסער מענטש, אַ גאָל־

* גראָבע יונגען (מאָלדאַוואַניזם).

דענער. נישט אומזיסט זאָגט די מאַמע, אויף איין שאָל אים, אויף דער צווייטער שאָל גאָלד. אומעטום פּילט ער זיך היימיש ווי ביי זיך אין דער היים... אַ סימן, אָט שפּאַנט ער אַרום אין די הוילע זאָקן איבערן קלויסטער און באַטראַכט אַלע איקאָנעס. ס'אַ פאַרגעניגן צו קוקן ווי אַלע מאָל נעמט ער אָן אַן אַנדער הייליקן ביי דער באָרד און באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אַן עכטער מבין אַ ווילקענער.

— הערש — טאָרעט אים משה־אהרן — קריך נישט צום יויזלס מאַמע אין בוזעם אַריין... פאַרגעס נישט, אַז זי איז אַ גאָטעכע...

— האָ'נישט קיין מורא, כ'על ביי איר גאָרנישט אויסכאַפּן... ווען מען גיט איר אַ גוטן טרעסע, וואָלט פון איר אַ שיין ביסל עבירות אַרויס־געפאַלן...

ביי די ווערטער לאַכן אַלע אַזוי הויך און אַזוי שטאַרק, אַז עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דער באַלקן האָט זיך אַ וויג געטאָן, און אַז אַפילו די גוייִשע מלאכים קאַטשען זיך אויך פאַר געלעכטער.

דאָ צינדט זיך אָן אונדזער משה־אהרן שוין נאָך אַ מאָל ווי אַ שוועבעלע:

— אַ רוח אין אייער געפּגרטן טאַטן!... וויפל מאָל קאָן מען אייך זאָגן, אַז אַ רעוואָלוציע האָט פיינט, אַז מען לאַכט אַ סך און מע וויינט אַ סך... און ביי זיי — גאָרנישט, אָדער מען שטייט ווי די סטאַטעקעס, אָדער מען הירזשעט ווי די פערד... אין מיצקע־דרינען אַ געלענדער אויף זיי!

איך קוק אויף משה־אהרנען און זע, אַז ס'איז אויף אים אַ גאָטס רחמנות. עפּעס איז ער גאָרנישט צום דערקענען. מען זעט באַשיימפּער־לעך, אַז ער פאַלט אַרויס פון די כוחות. אַ קלייניקייט האָט ער זיך עס היינט אָנגעהאָרעוועט. און אַפּנים דערפאַר האָט זיך דער עולם עפּעס טאַקע נאָר ווי אַרויסגעגליטשט זיך אים פון אונטער די הענט. קיינער הערט אים נישט.

...אונדזער הערש שטייט נישט איין אויף קיין אָרט. אָט איז ער שוין געוואָרן אַ גאַנצער שמעלקע מיט כריסטאָסן. ער באַקוקט אים פון קאָפּ ביז די פיס, רוקט אַריין די לאַנגע נאָז זיינע אין זיין בלייך אָפּגעצערט

פנים. עפעס טאַקע נאָר ווי ער וואָלט אים וועלן באַשמעקן פון אַלע זייטן, ער זאָל פילן וואָס פאַר אַ טעם און ריח ער האָט.

— ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגן, איטע — דרייט ער אויס דעם קאָפּ צו מיין מאַמען — כ׳לעבן, ס׳יויזל איז אַ פלאָכע מענטשל. אומזיסט טרייבערט מען אים אַזוי...

— שפּילסטעך מיט יידישע מיילער — האַלט אים אונטער אַברהמלע קאָוועל.

— סע איז נישט קיין חריפות, ער איז זיך אַן אונדזעריקער. טאָמער האָבן אים די אומות העולם געמאַכט פאַר אַ גאָט — נעמט אויך אַ וואָרט אין מויל דער שטענדיק שווייגנדיקער און פאַרכמורעטער וועלוול רימער, וועמען מען האָט ביי אונדז אין שטעטל, דערפאַר וואָס ער שווייגט אַ סך, געקרוינט מיט אַ צונאָמען וועלוול מאַרלאַ.

— דאָס פלאָכע מענטשל דיינס, הערשעניו טאַטע, האָט אונדז גע־קאָסט רבי־געלט — רוגזט זיך די מאַמע און פון איר׳ע רייד פיל איך אַרויס, אַז זי האָט פאַריבל אויף אים וואָס ער חנדל׳ט זיך, ווי זי זאָגט, סיי צו אַ מלאך, סיי צו אַ גלח...

איך קוק אויפן יויזל און זע, אַז ס׳איז אַזאַ באַנומענס, אַזאַ קוואַרס און דאַרס, אַז קוים די נשמה האַלט זיך אין דרינען. איך דערמאָן מיך, ווי סע שטייט נעבעך עלנט אַליין, ביי דער קערניצע, ווו סע הייבט זיך אָן דאָס דאָרף. סע שטייט מיטן הוילן קעפּל, אַ באָרוועס און נאַקעטס, ווי די מאַמע האָט עס געהאַט, און רעגנס ליאַפּען אויף דעם, און זאַווערוכעס פאַרווייען עס און ווינטן שמייסן עס. און סע איז מיר אַ גאָטס רחמנות אויף אים.

— טאָוואַרישטשי! — הער איך נאָך אַ מאָל דאָס נייע באַטעמטע וואָרט, פון וועלכן סע ווערט מיר וואַרעם איז אַלע מיינע גלידער — זאָל אַ ביסל שטילער זיין, דער דאָקטער נאָסאַלסקי וועט זאָגן אַ רעטש.

דאָקטער נאָסאַלסקי אין אַ קורץ געפּאַקט מענטשל. זומער און ווינ־טער, אָסיען און וועסנע טראָגט ער אַן אָפּגעקראָכן קיטשמעלע און אַן אָפּגעריבן פּאַלטנדל. ער איז שוין נעבעך דרייסיק יאָר אַן אַלמן. זיין ווייבל זאָגט מען — איז געווען אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערקע, נאָך אַ

גרעסערע פון אים, און אונטערוועגנס אין אַן עטאַפּ איז זי פאַרפרוירן געוואָרן, ווי איז איר מאַמען, אין אַ ווייטן סימבירער וואַלד. און אַט וואָס הייסט אַ געטרייער איבערגעגעבענער מאַן. זינט דעמאָלט האָט ער נישט חתונה געהאַט. ער אַליין — זאָגט מען ביי אונדז אין שטעטל — האָט נישט אַזוי פיל האָר אין קאָפּ וויפל חדשים און יאָרן ער איז אָפּגעזעסן אין די אָסטראָגן. אַ לייטישער מענטש, אָט דער נאָסאָלסקי. וואָלט ער נישט געווען קיין רוס, וואָלט ער מן הסתם געווען אַ צדיק ביי יידן... — טראַכט איך מיר. — מענטשן דערציילן, אַז מען איז אים אַ מאָל געקומען אַרעסטירן ווען ער איז געווען ביי אַ געווינערין, וואָס איז געגאַנגען שווער צום קינד. האָט ער זיך אָפּגעבעטן ביים אוריאַדניק, מען זאָל אויסוואַרטן ביז ער וועט אָפּנעמען דאָס עופהלע. זענען די קלינגלעך געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אויף די בענקלעך אין קיך און אים געהיטן די נשמה... צי פון מידקייט, צי אָפּנים פון דעם שיינעם ביסל בראָנפן, וואָס זיי האָבן געגומען, זענען זיי אַרום האַלבער נאַכט אַנטשלאָפן געוואָרן. קאַיאָר, ווען דאָס קינד איז שוין געווען פון דער זייט, האָט ער אויפגעוועקט זיינע היטערס און זיי געזאָגט: — נו, איצטער קאָנען מיר שוין גיין.

ווען ער האָט זיך אין אַ פיר יאָר אַרום אומגעקערט אין אונדזער שטעטל, און מען האָט אים געפרעגט, פאַר וואָס האָט ער אין יענעם פאַרטאָג נישט עוקר געווען און זיך געלאָזט פירן ווי אַ קאַלב צו דער שחיטה, האָט ער געענטפערט:

— מען טאָר קיינעם נישט אָפּנאַרן, אַפילו דעם שונא, ווייל אַ צווייט מאָל, וועט דיר אַ גוטער פריינד אויך אויפהערן צו גלייבן.

...אונדזער דאָקטער הייבט אָן צו רעדן און פאַרדעכעט זיך. לייטן זאָגן, אַז ער איז אַ יאַדעשליוועך און קאָן יעדע מינוט געבן דעם קגויט, אַזוי ווי ער שטייט און גייט. איז אים טאַקע נעבעך דערפאַר אַזוי שווער איצט. עס פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ, ווען איך זע ווי דאָס געלבלעכע פנים זיינס באַדעקט זיך מיט רויטע פלעקן, די גרויסע בלויע אויגן זיינע הייבן אָן צו טרערן, די הענט ציטערן ביי אים און דאָס בענקל הוידעט זיך אונטער אים.

— וואָס שטייט איר ווי די לעימעכעס ?!... — איר זעט דאָך, אַז דער מענטש לעבט איבער — קאָמאַנדעוועט משה־אהרן — האַלט אים אונטער, ווייל באַלד פאַלט ער פון די פיס!

משה־אהרן, אברהמעלע קאָוועל און פעדקע דער מילנער כאַפּן אים אונטער ביי די אָרעמס, עפּעס טאַקע נאָר ווי ער וואָלט געווען אַ כהן גדול, דער דאָקטער אונדזערער. ער פאָכעט זיך מיטן טיכעלע און רעדט רוסיש אַזוי שיין און אַזוי פּליסיק, אַז עס גייט טאַקע, קיין עין־הרע, ביי אים ווי אַ מזמור... עס זאָל אים נאָר קיין בייז אויג נישט שאַטן, דעם טייערן דאָקטער אונדזערן. לאַנג לעבן זאָל ער אונדז.

די מאַמע רוקט אַרויף דאָס טיכל איבער די אויערן, כדי זי זאָל בעסער הערן. הערש דאָמבראָוויצער פאָכעט זיך, מאַכנדיק דערביי אַ שיינע גרויס־שטאָטישע מינע, מיטן ווינער קאַפּעליוש זיינעם. און איך ווייס נישט, צי עס איז אים אַזוי הייס פון דער פאַרדומפּענער, שווערער לופט, צי פון די קאָכיקע רייד. מיך האָט מען פאַרקעוועטשט ערגעץ אין אַ ווינקל. שטעל איך מיך אַלע מאָל אויף די שפּיץ פינגער, כדי איך זאָל מיט די אייגענע אויגן זען דעם רוסישן צדיק. נאָר זען זע איך אַ פייג און סע דערגייען צו מיר די סאַמע קלינגנדיקע רייד, מיט די שאַרפע שפּיציקע ריישן סאַמאָדיערזשאַוויע... רעוואָלוציע... בורזשואַזיע...

— דאַנקען השם־יתברך — טראַכט איר מיר — וואָס מיר זענען נישט קיין בורזשויעס... מען מאַכט היינט פון זיי אָריען, קאָריען*... כ׳לעבן עס איז זיי נישטאָ מיט וואָס מקנא צו זיין...

— מאַמע! מאַמע! — דערביווע איך מיך קוים צו איר און טאָרע זי ביים קליידל — וואָס זאָגט דער דאָקטער?

— ווען סע זאָל, קינד מיינס, אַ פערטל מקוים ווערן פון דעם, וואָס ער וויל און וואָס ער איז אונדז מבטיח — ווישט זיך די מאַמע די אויגן — וואָלטן מיר ביז ימי־המשיח געווען פאַרזיכערט מיט אַ לאַנג, געזונט, שיין און גליקלעך לעבן.

---

* פוך און פּראַך.

זע נאָר, ווונדער איבער ווונדער!... דער עולם האָט נאָך נישט אויס־פּייעט רעכט צו צעקייען דאָקטער באַסאַלסקיס שיינעם רעטש, ווי ס׳האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן גלחישן באַלעמער משה באַלאַבירער. און זעט נאָר זעט, אויף אַ טשעקאַוועסט, ווי הויך ער איז. ער דערגרייכט ממש מיטן קאָפּ ביז צו דער סטעליע! אַזוי, מן הסתם — טראַכט איך מיר — האָט געקערט אויסזען עוג מלך הבשן... נאָר עס איז נישט צום פאַר־גלייכן! יענער איז אַוודאי געווען גרעבער און געזונטער! שפּילסטעך מיט אַזאַ גבר! אַ נישט וואָלטן אַלע פעלקער פון דער וועלט נישט געווען געציטערט פאַר זיין דעך!

— שאַט, מורי ורבותי, זאָל אַ ביסל שטילער זיין, איך וועל מרבה דרשה זיין — הייבט אָן משה באַלאַבירער זיין רעדע מיט אַ שטיל פאָרכ־טיק קול... השמש יצא מחופתו, די זון איז אַרויס פון אונטער איר חופה — קלינגט זיין קול ווייכער און באַנגער, אַזוי ווי די טרילילי פון אַ סאָלאָווייי — ומלא זיוו כל הארץ, און זי האָט איינגעהילט — טייטשט ער — מיט איר ליכט דאָס גאַנצע לאַנד.

ער איז אַ מאַדים אונדזער משה באַלאַבירער. אַפילו דאָ אין קלויסטער רעדט ער אויך מיט שיינע מליצות אַזוי ווי אַמאָל אין זיינע יונגע בלי־ענ־דיקע יאָרן. ער רעדט, און די אויגן זיינע זענען געווענדט צו די גוייִשע מלאכים, וועלכע באַצירן די סטעליע. גלייך ווי ער וואָלט וועלן, אַז גאָט זאָל אים אויך הערן.

— מזל־טוב אייך אַלע! — שרייט אויס משה — מזל־טוב פאַר היינט, און דער עיקר מזל־טוב פאַר מאָרגן — ווערט משהס קול מיט אַ מאָל יעמערלעך ווי געבאָדן אין טרערן.

— מיט מזל זאָלסטו לעבן, משה־טאַטע — וויטעט זיך הערש דאָמב־ראָוויצער — אַ גליק האָט אים געטראָפן! אַ שניי מיט אַ רעגן, די באָבע וועט זיך לייגן...

...איך זע, אַז מיין מאַמע איז אויסער זיך פאַר כעס. זי טרעט אָן הערשן אויפן פוס, אַפּנים מיט אַזאַ גרימצאָרן, אַזש יענער שפּרינגט אַזש אונטער, און שרייט אים אַריין אין סאַמע אויער אַריין:

— אַ חכמה איז אַ גילדן רענדל, בורמילע וואָס דו ביסט, און אַז מען צעבייט עס אַ מאָל, ווי מען דאַרף און ווי מען דאַרף נישט, ווערט דערפון אַ צינערנער טאָלער.

כאָטש משה רעדט אויף יידיש, דאָך פאַרשטיי איך כמעט קיין איין וואָרט נישט. ער רעדט אַפּנים זייער טיף, ווי עס פלעגן רעדן אונדזערע גרויסע חכמים און נביאים. אָבער דאָס קול זיינס האָט אַלע טעמים, און אַ ים מיט טענער. אָט קלינגט עס הויך, ווי מע וואָלט גערעדט פון סאַמע העכסטן באַרג, און אָט איז עס נידעריק־פאַרדומפן, גלייך ווי ס׳וואָלט געקומען פון אַ הייל אַרויס. אָט איז עס סאַמעטן ווייך, ווי מיין מאַמעס קוש און אָט איז עס צאַרנדיק־האַרט ווי אירע אַנגעדראָלענע פאַרהאַרע־ווּעטע הענט.

...איך קוק אויף דער מאַמען און זע, אַז זי באַגיסט זיך מיט טרערן. אוי, ציפּט מיר דאָס האַרץ. ווען די מאַמע וויינט, דוכט זיך מיר אויס, אַז סע לעשט זיך אויס די זון! און איך בלייב איינער אַליין הענגען צווישן הימל און ערד, איבער אַ חשכותדיקן אָפּגרונט.

אויף הערש לאָזט אַ טרער, און קענטיק פון נישט געוווינהייט צו וויינען, מאַכט ער עפּעס אַזאַ קרומע מינע מיטן מויל, גלייך ווי ער וואָלט טאַקע אויף אַן אמתן ברעכן פּיסקעס. (אַזוי זאָגט מיר דער רבי שטענדיק ווען איך צעוויין מיך).

און אַז משה ענדיקט רעדן איז אין קלויסטער, ווי אויפן ווייבערישן גאָרן אין שול בשעת דעם ונתנה תוקף זאָגן. אַלע האָבן פאַרוויינטע אויגן. עס דוכט זיך מיר אויס, אַז דאָס יויזל איז אויך פאַרוויינט. וואָס איז דער חידוש, אַז דאָקטער נאָסאָלסקי, אַ מענטש, וואָס קען אפשר זיבן שפּראַכן, און איז אויסגעוועזן אַ וועלט, גייט צו צו אונדזער משהן, נעמט אים אַרום און הייבט אים אָן קושן. וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו סענדערל דער געלער, דער גרעסטער אויסוווּרף פונעם שטעטל, אַפילו ער ווישט זיך די אויגן מיט אַ גרויסער, זיידענער, געגנבעטער פאַטשיילע.

דאָבע די סאַרוועריז, אויף וועלכער מיין מאַמע זאָגט, אַז זי איז אַ יידענע אַ שאַלעמעטעכע, גייט אַרום פון איינעם צום צווייטן און ווינטשט אַלעמען פרום, מיט אַ געבראָכן קול:

— מען זאָל שוין האָבן אָפּגעקומען מיט די טרערן, טאַטע זיסער!

...ווען מיר קערן זיך אום פונעם דאָרף אַהיים איז שוין זעט אויס שטאָק נאַכט. קיין סימן איז שוין נישט געבליבן פון דער זון. אַ זאַוויע־רוכע, אַ בייזע, אַ צעיושעטע וואָיעט איבער די פעלדער און פאַרפּראָשעט אונדז די אויגן, דאָס פּנים.

— די באַבע יעוודאָקיע גיט שוין קאָרטן — זאָגט די מאַמע ווי פאַר זיך.

די גרויסע, ווי די גרויסע, נאָר אויף אונדז, קינדערלעך, איז באמת אַ גאָטס רחמנות — מיר שלעפּן קוים די מידע פיסלעך. מיר הוכקען אין אונדזערע פאַרפרוירענע הענטלעך. מיין רבקהלע וויינט אויף אַ קול.

די מאַמע טישעט זי איין, אַז באַלד וועט קומען די וועסנע, און מיט דער וועסנע דער טאַטע און מיטן טאַטן דאָס גליק.

הערשל דאָמבראָוויצער גייט און טעגצלט זיך אונטער. ער רייבט זיך פריילעך די הענט און שרייט איבער די זאַוויערוכע: — ווייסע חברה! סע לעקט און ברענט. ער טרייבט אונטער זיינע קינדערלעך, וואָס לויפן פאָרויס פאַר אים, עלעהיי אַ פאַסטעך זיינע שעפעלעך בשעת אַ שטורעם.

מיט אַ מאָל ווערט ער אַנטרונען, עפּעס טאָקע נאָר ווי קורח פון דער סדרה. ער האָט זיך אויסגעגליטשט און אַריינגעפאַלן אין אַ ריפּע און מיר אַלע שלעפּן אים ביי די הענט. ער שעלט זיך מיט די סאַמע ערגסטע קללות, און אַפילו די קללות זיינע האָבן אַלע זיבן טעמים, ווייל זיי זענען אַלע אין גראַמען!

— וועמען שעלסטו אַזוי שיין, הערשעניו זון? — פּיל איך, ווי די מאַמע מיינע נעמט אים „אויפן זיכער".

— די בורזשויעס, איטע קרוין! — דוכט מיר, אַז נישט ער ענטפערט, נאָר זיין ווינער קאַפּעליוש, וואָס סטאַרטשעט אַרויס פונעם גרוב...

...אַז מיר קומען אַריין אין שטוב איז אַזאַ קרירה, אַז סע דוכט זיך מיר, אַז די שיינע חנעוודיקע כלה מיט דער גאַליאַנדע (דאָס איז מיין

מאַמע מיידלווייז) וואָס קוקט אַראָפּ פונעם פּאָרטרעט, איז אויך פאַר־פרוירן געוואָרן. די מאַמע ברענגט אַריין אַ ברעם האָלץ און הייצט איין אין הרובע. די נאַסע שייטלעך בלעזלען זיך, שיפּען, כליפּען, און די עטלעכע טרוקענע שפּענדלעך טרעשטשען.

די מאַמע זיצט אויפן הינקנדיקן בענקעלע און קוקט מיט פאַרחלומטע אויגן אין פייער אַריין. איך און מיין שוועסטערל לאָזן זיך אַראָפּ אויפן דיל און טוליען זיך און לאַשטשען זיך צו איר. עלעהיי, צוויי קליינע, פּיצינקע טייבעלעך, וועלכע סע האָט נאָכגעיאָגט אַ שפּאַרבער און זיי האָבן זיך דערשראָקענע באַהאַלטן אונטער זייער מאַמעס, דער טויבעכעס, פליגל.

נאָר די מאַמע, גלייך ווי זי זעט אונדז נישט, זי איז פאַרזונקען אין אירע מחשבות און רעדט עפּעס ווי צו זיך אַליין:

— אַזאַ משה!... אַזאַ משה!.. אַ יתום עסט אַ סך, און אַ שווער האַרץ רעדט אַ סך.

*

...וויפל איז שוין אַלט דאָס קאַרשנביימל, וואָס בליט לעבן אונדזער שטוב?

— דריי יאָר, — זאָגט די מאַמע און גיט אַ ביטערן קרעכץ. און ווי אַזוי זאָל זי נישט קרעכצן? וויי, וויי, וואָס אין די דריי יאָר איז זיך פאַרלאָפן! וויפל טייכן טרערן האָט די מאַמעניו פאַרגאָסן, און וויפל נעכט איז זי נישט דערשלאָפן!

דער טאַטע מיינער האָט עס פאַרפלאָנצט אַ חודש פאַר זיין אַוועקגיין אויף דער מלחמה, צו די צען יאָר פון זייער חתונה. אוי, ווי איך האָב ליב געהאַט, ווען טאַטע־מאַמע פלעגן זיך עס אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט אַוועקזעצן אויף דער פריזבע און דערמאָנען זיך, ווי זיי האָבן זיךביידע גענומען!

...ס'איז געווען אַ גינגאָלדיקע פאַרנאַכטיקע שעה. די אויגן האָבן שוין ביי מיר זיך געקלעפּט פון מידקייט, נאָר די געווירצלטע ריחות פון די

גראָזן און צעקנאָספּעטע ביימער האָבן מיך נישט געלאָזט שלאָפן, האָב איך איינגענורעט מיין קעפּל אין דער מאַמעס פאָדעלעק און זיך געלאָזט פאַרוויגן פון זייער שיינער חתן־כלה־געשיכטע.

לויט דער מאַמען קומט עס אויס אַזוי: דער טאַטע האָט טאַקע געהאַט אַ פירשטלעכן אויסזען. שייך צו זאָגן — אַ מאַנצפּאַרשוין אַ געמעל, נאָר זאָל עס אים צו קיין שמוכע נישט זיין, איז ער אָבער געווען אַ גרויסער נאַכליע. און כאָטש, דערציילט די מאַמע, עס איז געווען אַ שיינער זומערטאָג אין דרויסן, האָט מען אים עפּעס טאַקע נאָר ווי אומיסטן פאַר־פּוצט אין אַ געוואַנטענעם שפּענצער און אין אַ פּאָר גרויסע קאַלאָשן. אַזוי, אַז ווי נאָר ער איז איבערגעטראָטן די שוועל, האָבן זיך אים נאָכ־געשלעפּט אַלע קילימעס. עס האָט ממש געריסן ביים האַרצן, ווי ער בייגט זיך נעבעך אַלע מאָל אָן זיי אויסצוגלייכן. און ביי יעדן בייג גיט עפּעס אַ טרעשטשע ביי אים: דאָ פּלאַצט דער ראָספּער, דאָרטן פליִען די קנעפּלעך, און דער שניפּס זיינער שפּאַרט שוין אָן ערגעץ ביי דער פּאַטיליצע.

דערנאָך, דערציילט די מאַמע, האָט ער זיך גענומען צערוקן די בלומענטעפּ פונעם טיש. דאָס האָט ער געוואָלט מן־הסתם אויף איר נאָך איין מאָל רעכט אַ קוק טאָן, איידער ער גייט זאָגן דעם הרי־אַת. נו, נו, זאָלט איר שוין גאָר נישט פרעגן — האָט ער אָנגעמאַכט אַזאַ חורבן. איבערגעקערט דעם גראַפין און צעבראָכן צוויי בלומענטעפּ. אַ גליק, זאָגט די מאַמע, וואָס זיין אונטערפירער, עליע קירילענער, אַ ייד אַ פּיפּי־קער, האָט אים ממזריש אַרויסגעדרייט.

— מזל־טוב, גיטל־קרוין, מזל־טוב, איטעניו־טאָכטער, — האָט זיך עליע געלאָזט ווילגיין, — כ׳לעבן, ס׳איז אַ סימן צום גוטן. והראיה, ביי וועמען מע ברעכט טעלער אויף די תנאים און דאָ — בלומענטעפּ!

די מאַמע זאָגט, אַז מחמת גרויס איבעררעשונג פון דעם אומגעריכטן מזל־טוב האָט זיך דער טאַטע אַזש אַוועקגעזעצט אויף זיין קאַפּעליוש און געמאַכט פון אים אַ קניש.

לויטן טאַטן קומט אויס, אַז די מאַמע זאַלצט איבער. אמת, די קילי־מעס האָבן נישט געהויזט מיט זיינע קאַלאָשן, די בלומענטעפּ האָט ער

טאָקע צעבראָכן, פונעם קאַפּעליוש איז טאָקע געוואָרן אַ קניש, נאָר אַז די קראָכמאַלענע מאַנישקע זאָל זיך געווען אָפּטיילן פונעם קאָלנער און זיך אַליין אַ הייב טאָן און אַ פלי טאָן אין דער לופטן, דאָס זעט איר, שמעקט שוין מיט גוזמא. די מאַמע, זאָגט דער טאַטע, האָט ער גענומען פּאָר איר שיינקייט, אַז בסך־הכל האָט ער שוין דעמאָלט געזען, אַז זי שיקלט מיט אַן אויג, נאָר ער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר אירע פאַרהאָ־רעוועטע הענט מיט מאַזאָליעס. חוץ דעם, איז ביי אַלע אומות העולם פאַרשריבן אין אַלע לשונות, אַז קיין יתומה טאָר מען נישט פאַרשעמען.

מילא, ווי אַזוי סע איז דאָרט צוגעגאַנגען — ווייסן זיי. נאָר אונדז, דאָס הייסט מיר און מיין שוועסטערל רבקהלען, טוט זייער הנאה, וואָס זיי האָבן זיך ביידע גענומען. אַדרבא, פּרוּווט אויספאָרן די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז צום צווייטן, וועט איר אַזעלכענע טאַטע־מאַמע ווי אונ־דזערע נישט געפינען.

ס׳איז געווען אַ שיין בילד צו קוקן, ווי אין איינעם אַ וועסנעדיקן קאַיאָר האָבן טאַטע־מאַמע פאַרקאַטשעט די אַרבל און מיט רידלען אין די הענט צעגראָבן די ערד לעבן אונדזער שטוב און איינגעזעצט אַן איידל דין ביימעלע, אַזאַ שוואַכס, אַזאַ בייגעוודיקס, עלעהיי אַ פּיצל קינד אַ ציטערדיקס.

די רגעס האָבן שלוהדיק געפלאָסן. אַ פאַרחידושט זשוקל, אַ ברויזל האָט זיך געפּאָרעט מיטן טאַטנס אַ טראָפּעלע שווייס, אַ פאַרהאָרעוועטע בין האָט זיך פאַרוואָלט טועם זיין פון מיין מאַמעס זיסע ליפּן. און אַ צעוואָיעטער האָן האָט זיך פאַרוועט מיט פּוכיקע, ווייסינקע גענדזעלעך, וועלכע האָבן ראַשיק געגאָגערט.

מיר ביידע, רבקהלע און איך, האָבן געטראָגן עמערלעך וואַסער פון געציס קערניצע און געגאָסן אין גריבל, וווּ עס האָט זיך באַזעצט אונדזער ליבער גרינער גאַסט. און אַלע פיר האָבן מיר אַרומגעצאַמט דאָס ביימל מיט אַ פּלויטל. דער טאַטע האָט געקלאַפּט די צוועקלעך, מיר, די קלע־נערע, האָבן פאַרקערט דאָס מיסט, און די מאַמע האָט אָפּגעקאַלכט די

שטאַכעטלעך און דאָס טירעלע פֿונעם פֿלויטל אָפּגעפֿאַרבט מיט אַ בלויער הימלפֿאַרב.

דערנאָך, אַז מע האָט זיך אָפּגעפֿאַרטיקט מיט אָט דער פֿיינער אַרבעט, האָבן די טאַטע־מאַמע געווינטשעוועט, אַז ניט נאָר זיי, נאָר אויך זייערע קינדער און קינדסקינדער זאָלן זוכה זיין צו געניסן פֿון די פּרוכטן פֿון דעם בוים. בשעת־מעשה האָט די מאַמע געלאָזט אַ טרער. און דער טאַטע האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו אונדז. ווייל פֿאַר אַ מאַנצביל איז נישט שיין, זאָגן גרויסע, צו וויינען.

איצט איז אין דרויסן סוף אַפּריל. אונדזער קאַרשנביימעלע איז שוין, קיין עין־הרע, אַלט גאַנצע דריי יאָר. מעגט איר זיך שוין גראַדע פֿאַרגינען צו זען, ווי עס האָט זיך צעקנאָספּעט מיט אַזאַ שמעקנדיקן צוויט. און אין ערגעץ, דוכט מיר, איז דער הימל נישט אַזאַ בלויער און אַזאַ פֿעכלדיקער, ווי איבער אונדזער קאַרשנביימל. עפּעס בלאָזט ער זיך, דוכט מיר, אונדזער חנעוודיקער חברהמאַן, דער קאַרשנבוים. בעטן מיר זיך, רבקהלע און איך, ביי אים, ער זאָל זיך אַביסל צואיילן, כדי דער טאַטע זאָל געניסן פֿון זיי, ווען ער וועט קומען אַהיים.

— זע נאָר, רבקהלע, זיי בליִען!

— ניין, יאַנקעלע, זיי בליִען נישט!

— דווקא יאָ!

— דווקא נישט!

שפּילן מיר זיך עס ביידע אין אַ מין שפּאָגל־נייער שפּיל, וואָס הייסט — קאַרשנביימלעך. אַזוי שפּאַרן מיר זיך און וויטען זיך און פּליעסקען מיט די הענט און שפּרינגען אויף איין פֿוס. ווייל אין ערגעץ איז דאָס גראָז נישט אַזוי סאַמעט־גרין און דער הימל בלויער פֿון בלוי, ווי לעבן אַ קאַרשנביימעלע אין סאַמע בליִ.

שוועלבעלעך האָפּקען אַרום אויף די צווייגעלעך און צוויטשערן אַזוי פֿריילעך, אַזוי זינגעוודיק, עלעהיי זיי וואָלטן עס מונטערן: זיי זשע מוחל, טייער קאַרשנביימל, און פֿאַדע זיך גיך און געשווינד. און אַפֿילו די צווייגלעך שושקען זיך אויף זייער צווייגלדיק לשון, וואָס עס פֿאַרשטייען נאָר די שוועלבעלעך.

מיר טאָגן און נעכטיקן לעבן קאַרשנביימל. איך זיץ אויף אַ בענקעלע נעבן די בלויע פריש־אָפּגעקאַלכטע שטאַכעטלעך און בין מעבר די סדרה. און עס דוכט מיר, אַז פון מיין יעדער ״מאַנפּאַכפּאַשטע״ קומט צו דעםביימעלע אַ שטיק געזונט. רבקהלע זיצט אויף אַ בערגעלע מיט היי און פון אַ בענקעלע האָט זי געמאַכט אַ טישל, אויף וועלכן זי שרייבט: ״צו מיין ליבן בראַוטיגאַם! איך קיססע דיינע זאַנפטע מונד״... ביי מיין שוועסטערל פלאַמט דאָס פּנים פאַר בושה, וואָס זי דאַרף שרייבן אַזעלכע פאַרשייטע ווערטער, וואָס אַ חתן שרייבט צו אַ כלה... און נאָך דערצו דאָס זעלבע אַ גאַנץ בלעטל — פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה.

נאָר אַ ברירה האָט זי? הערץ טראַכטענבוים, דער מלמד אונדזערער, האָט פאַרגעבן — מוז מען שרייבן. שרייבט זי טאַקע און פּכינקעט אונטער, ווייל זי שעמט זיך פאַר מיר, פאַר דער מאַמען, פאַרן קאַרשנביימל און פאַרן הימל, וואָס האָט איצט, אין אָט דעם פרילינגדיקן פאַרנאַכט, אַ מאַראַנצן־קאָליר.

גוט און ווויל איז נאָר אונדזער קאַרשנביימל. פון קיין מלחמה ווייס עס נישט. קיין פאַרשייטע שורה־גריסלעך, וואָס אַ חתן שרייבט צו אַ כלה, דאַרף עס נישט שרייבן; די צווייגלעך סודען זיך, די שוועלבלעך צוויטשערן און האַלטן עס אין איין מונטערן און בעטן: בלי,ביימעלע, בלי! צייטיקט זיך, קאַרשעלעך, צייטיקט זיך!

עס איז פריילעך אַרום אונדזער שטוב, אַלע, אַלע קינדערלעך פון אונדזער ציגיינעריש הינטערגעסל האָבן אַרומגעסטאַמפּעוועט אונדזער פּלויטל און קאָנען זיך גאָר נישט אָנקוקן אויף אונדזער שיין, צעבליט קאַרשנביימל.

דערזעענדיק אַזאַ כאָפּטע, האָט די מאַמע אַוועקגעלייגט אַלע אַרבעטן, פאַרשטעקט דעם פּלעדערוויש אונטערן אויער, יונגמיידלש אונטערגעבונדן די קאָסינקע אונטער אירע האָר, פאַרלייגט די הענט אויפן האַרצן און שטייט און טייעט אָן פון דעם שיינעם חתן־בחור, דעם קאַרשנבוים אונדזערן.

— קינדערלעך, — ווענדט זיך די מאַמע צום קליינוואַרג, — איך זאָג אייך אָן, איר זאָלט זיך נישט דערוועגן צו עפּענען דאָס טירעלע, צו

טשעפּען דאָס ביימעלע, צו געניסן פון די קאַרשן, ביז וואַנען מיין יאָסל וועט זיך אומקערן אַהיים. ער האָט עס דער ערשטער פאַרפּלאַנצט, און וועט זיין דער ערשטער, וואָס וועט געניסן פון די פּירות, — פינקלען קליינע טראָפּעלעך אויף דער מאַמעס וויִעס, — און דערנאָך, דערנאָך, טייערע קינדערלעך, וועט איר קאָנען עסן אַזוי פיל, וויפל אייערע הער־צעלעך וועלן גלוסטן.

און די מאַמע לויפט אַריין אין שטוב און ברענגט אַרויס אַ פולן פאַדעלעק מיט פאַרביקע וואַלעכישע בייגעלעך און שטיקלעך קאַנדל־צוקער — אַ מין זיסער אַדערויף, וועלכן זי פאַרטיילט דער קליינער חברה.

איך קוק, ווי מיינע גוטע ברידערלעך און גוטע שוועסטערלעך כראָמ־טשען מיט הנאה די האַרטע בייגעלעך און צוקערלעך, און עס גיט מיך אַ טראָג אויף, און איך שפּרינג אַרויף אויף אַ בענקל, און, ווי יוסף, אונ־דזער פאָטער יעקבס יינגסטער זון פון דעם שיינעם טעאַטער־שפּיל, הייב איך אויף די הענט צום הימל און קאָמאַנדעווע מיט אַ שאַלנדיק קולעכל:

— איך באַפעל מיינע דאַמען אונד הערן, איר זאָלט אַלע שווערן ביי זאַנע, מאָנד און שטערן, אַז איר וועט דאָס קאַרשנביימל נישט באַרירן.

— און ווער עס וועט עס באַרירן, דער זאָל באַקומען אויף אַלע פינגער פוכירן, — כאַפּט אונטער מיין רבקהלע צום גראַם.

זעט אויס, אַז דער חברה געפעלט מיין באַפעל, ווייל צוואַנציק קולעכלעך פאַרהילכן דאָס צוויטשערן פון די שוועלבעלעך:

— מיר שווערן! ביי זאַנע, מאָנד און שטערן!

*

פאַר נאַכט צו, ווען דער טאָג פאַלט שוין חלשות, זיצן מיר אין דרייען לעבן קאַרשנביימעלע — די מאַמע, רבקהלע און איך. אוי, איז מיר איצטער גוט! כ'האָב אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף דער מאַמעס פאַדעלעק און פאַרזונקען געוואָרן אין אַ זיסן שלומער. און אין דרעמל הער איך, ווי דורכגעזיפּטע דורך אַ זיפּ, רייד באַקאַנטע, היימישע:

— איז ווי זשע האַלט איך, איטע? יאָ, כ'האָב שיר נישט פאַרגעסן, אַז ווי נאָר איך בין אָנגעקומען אויפן דאַלני וואָסטאָק און די אַדונים האָבן

זיך דערוווּסט, אַז איך בין אַ שניידער, האָט מען מיך גלייך פֿאַרבעטן אין דער אינטענדאַנסטווע. און איך האָב זיי באַנייט פֿון קאָפּ ביז די פּיס.

יאָ, כ׳ווייס שוין, ווער עס רעדט. אונדזער בענטשע. אונדזער טייער־רער שכן בענטשע, ווּעמען דאָס גאַנצע שטעטל רופֿט בענטשע פֿון יאַמ־פּאַניע. ווייל מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אויף דער רוסיש־ יאַפּאַני־שער מלחמה.

— טאָמער ווייסט איר, וואָס מע האָט דערזען אין אים, — זאָגט מען ביי אונדז אין פּערליץ, — וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן אַזאַ כבוד. אַז בסך הכל איז נישטאָ אין אים קיין גאַנצער אבר. איז איינס פֿון די ביידע: אָדער מען האָט אים אונטערגעמסרט, אָדער ס׳האָט זיי אויסגעפּעלט אַ צענטער צום מנין...

— איז ווער ווייסט, וויפֿל איך וואָלט געווען גענייט, — שטעפּט בענטשע פּאַמעלעך זיינע רייד, גלייך ער וואָלט געשטעפּט אַ מלבוש אויף זיין צעריפּעטער ניימאַשין, — ווען אין איינעם אַ טאָג טראָגט נישט אָן דער רוח טאַקע אים, דעם ימח־שמו׳ניק סטעסלען אַליין.

— סע זאָל אים דאָרטן אַריינסטעסלען און אַרויסטעסלען, טאַטע זיסער, — שעלט אים די מאַמע מיט האַרץ, ווייל קייסאָרים און גענעראַלן האָט זי פֿיינט בתכלית השנאה.

— יאָ, איז הער זשע, איטע. קומט ער אין אינספּעקציע, הייסט עס, קומט ער, דאַרף ער טרעפֿן צו מיר, און ווען? ווען איך זיץ מיר איבער אַ מלכותדיקן מונדיר און זינג מיר אונטער:

אָט אַזוי נייט אַ שניידער!

אָט אַזוי נייט ער, נייט!...

— האָסט געמעגט גראַדע זיך פֿאַרגינען מיך אָנצוקוקן, ווען אונדזער קאַפּיטאַן האָט געגעבן אַ ריטשע „ווסטאַוואַט"! איך בין אַזוי פֿאַרשטאַרט געוואָרן, אַז כ׳האָב פֿאַרגעסן אַריינצורוקן די ציצית פֿונעם טלית קטן... דערזען די ציצית מיינע, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, אונטערגעהויבן די גאָמבע און אַזוי זיך אַ זאָג געטאָן:

— עטאָ זשידאָק טאַק ראַספּוסטילסיאַ. טשטאָ דאַזשע שאַבעס פּעסני פּאַיאָט זדיעס... פּאַסלייעטע יעווואָ נאַ פּערעדאָוואַיאַ... ס׳הייסט: דאָס

יידלעקל איז אַזוי אַרויס פון די האַלאַבליעס, אַז ער זינגט שוין אַפילו זמירות דאָ. מע דאַרף אים שיקן אהין, אין סאַמע קאָך, ער זאָל שמעקן פולווער.

— כך הווה, אויפן צווייטן טאָג, כאור־הבוקר, האָט מען מיך פאַרפּוצט אין אַ לאַנגער טענדעווערענדע, וואָס האָט זיך מיר די גאַנצע מלחמה טעלעבענדעט צווישן די פיס, מיר געגעבן אַ ביקס און געשיקט גלייך אין דער פּעקלע אַריין. נאָר אַז מע האָט יאָרן, — שמייכלט בענטשע, — קומט מען אַהיים אַפילו פון דער שאול־תחתיה.

כאָטש מיין מאַמע האָט שוין בענטשעס וווּנדערלעכע סאָלדאַטישע מעשה געהערט צום הונדערטסטן מאָל, לייכט אַזוי איר פּנים, גלייך סע וואָלט געוווען אַ פּריש־צאַפּלדיקע געשיכטע.

— מיין נשמה־טרייסטער, מיין האַרץ־באַלזאַמער, — קוקט די מאַמע מיט פאַרטרערטע אויגן צו בענטשען, — איז מיינסטו טאַקע, אַז יאָסל וועט זיך אם ירצה השם אויך אומקערן?

— נישט איך מיין, נאָר איך בין זיכער. מ'האָט דאָך ניקאָלאַיען גע־בונדן מיט נאַסע שטריק.

— פאַר וואָס מיט נאַסע?

— כדי ער זאָל זיך נישט אַרויסרייסן און נאָך אַ מאָל אָנהייבן די וויסטע שפּיל.

— אוי, טראַכט איך מיר, — ווען עס טרעפט אַזאַ נס, און מע גיט דעם קייסער מיט דער קייסערינע איבער אין אונדזערע הענט, און מיר, יינגלעך און מיידלעך, נעמען זיך אַלע צונויף און מיר בינדן זיי ביידע.. וואָס מיר נאַסע שטריק, ווער מיר נאַסע שטריק! דעם קייסער וואָלטן מיר אָנגעטאָן קייטן, אייזערנע קייטן אויף די פיס און אויף די הענט. נאָר, זעט איר, די קייסערינע וואָלט איך געהייסן בינדן מיט פּאַטשיילעס. טאַקע אַ קייסערינע, אָבער פאָרט אַ יידענע, מע טאָר זי נישט אַזוי פּייניקן.

✱

— דאָס קאַרשנביימעלע האָט זיך שוין צעבליט, — קרעכצט, ווי אַ גרויסע, מיין שוועסטערל, — נאָר דער טאַטע איז נאָך אַלץ נישט געקומען.

זעט אויס, אַז אַלע פייגעלעך ווייסן, אַז מיין טאַטע דאַרף קומען אַהיים, ווייל אַלע קאַיאָר פליִען זיי זיך צונויף אויף די צווייגלעך און צוויטשערן: — קום שוין, יאָסל, קום, זע, וואָס פאַר אַ שיינעם קבלת פנים מיר האָבן דיר צוגעגרייט!

צענדליקער עשעלאָנען יאָגן טאָג ווי נאַכט אַדורך אונדזער קליינעם פערליצער וואָקזאַל, און מיין טאַטע איז נאָך אַלץ נישטאָ. מיין מאַמע שלאָפט נישט דורך די נעכט. ביז האַלבער נאַכט באַקט זי פאַרביקע וואָלעכישע בייגעלעך, און דערנאָך ווערט זי אַנטשלאָפן אין די קליידער אויפן ירושה־קאַסטן. זי טוט זיך נישט אויס, די מאַמע, טאָמער וועט דער טאַטע אָנקלאַפּן אין דער טיר, זאָל ער נישט דאַרפן קיין טך וואַרטן.

אַנומלט האָב איך מיך אויפגעכאַפּט פאַר טאָג און געטראָפן די מאַמע שלאָפן אויפן קאַסטן. זי איז, זעט אויס, געווען אַזוי מיד, אַז זי האָט אַפילו נישט געהערט, ווי איך האָב איר אַראָפּגעצויגן די סאָלדאַטישע שיך מיט די צוועקעס פון די פיס. דערנאָך האָב איך זי איינגעדעקט מיט דער גרויסער וואַרעמער קאָלדרע, וואָס זי האָט געגעבן נדן דעם טאַטן, און איינגעוויקלט אירע פאַרגליווערטע פיס.

איך האָב צוריק אַוועקגעשטעלט דעם קאָלפּעק אויפן רייכערדיקן לעמפל און דערזען אַ ראָזעווע בייגעלע פּאַפּיר, באַשריבן פון אַלע זייטן מיט גרויסע קרומע אותיות. דאָס איז געווען דער מאַמעס אַ בריוו צום טאַטן. אויב אַזוי, דאַרף מען אים לייענען. איך לייען דער מאַמעס אַלע בריוו, וואָס זי שרייבט צו מיין פאָטער, געוויינטלעך גיט זי מיר אַליין לייענען, כדי, ווי זי זאָגט, איך זאָל פאַרריכטן אירע קאָטשערעס און לאָפּעטעס, ווייל שרייבן און לייענען האָט זי זיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין.

איך האָב ליב אָט די ראָזעווע, דופּטיקע בייגעלעך פּאַפּיר, וואָס די מאַמע האָט זיי נאָך פון מיידלווייז באַהאַלטן אין אַ בלויער פּושקע, פאַר־בונדן מיט אַ רויטער סטענגע. אויף די געקווייטלטע בייגעלעך פּאַפּיר

האָט זי געשריבן אירע ערשטע בריוו צום טאַטן. זי האָט די בריוו אַליין אויסגעשטעלט. נישט געקוקט אין בריוונשטעלער, ווי אַנדערע פון איר גראַד. „ווייל דער שענסטער און דער בעסטער בריוונשטעלער, — זאָגט מיין מאַמע, — איז דעם מענטשנס האַרץ״.

איצט, ביי דער טונקעלער שיין פונעם לעמפּל, לייען איך איר בריוו. שאָטנס פויזען אויף די ווענט. דער פּאַרטאָג האָט איינגעפּאַסט אין בלויע רעמלעך אונדזערע פענצטערלעך. אַ שוועלבעלע צוויטשערט אויס אויפן קאַרשנביימל אַ גוטמאָרגן דער וועלט. און איך לייען און לייען.

✶

אַ וועסנעדיקער שבתדיקער פרימאָרגן. די לופט איז אַזוי זיס און געווירצלדיק, כאָטש נעם און שמיר זי אויף ברויט. אַדורך די צעפּראַלטע טיר־און־פענצטער זוניקט אַריין דער פרילינג. איך און מיין שוועסטערל רבקהלע האָבן זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון שלאָף. זיצן מיר אין אונדזערע אויסגעצוויטעטע סטענדלעך און כראָמטשען ציגעלעך קאַנדלצוקער, וואָס אונדזער גוטע מאַמע האָט אונדז געגעבן, מיר זאָלן דערקוויקן אונדזערע פאַרכליאָנעטע הערצעלעך. עס איז לעצטנס ביי אונדז אין שטוב אַ מאַנגל פון ברויט, האָדוועט אונדז די מאַמע מיט געלע מאַמעליגע־פּלעצלעך, ווע֫לכע מיר פאַרטרינקען מיט הייסער טיי, פאַרפּראַוועט מיט קאַנדלצוקער.

זעט אויס, אַז דער מאַמען איז זייער אַנגעזאָליעט אויפן האַרצן, מחמת זי שטייט אַ פאַרצוקטע און שווייגט עפּעס מיט אַ מאָדנער יאָמער־לעכער שווייגעניש, אַזש עס קומט מיר אויס, ווי זי וואָלט אַראָפּגעשלונגען דאָס אייגענע קול אין האַלדז. מיט אַ מאָל גיט זי עפּעס אַ שעפּטשע מיט די ליפּן, דרייט זיך אויס צו אונדז מיט פייכטע אויגן, און כליפּעט אויס גאָר אַ שפּאָגל־נייע תפילה:

אַל דאָס בייז זאָל פון אונדזער שטוב אַרויס,
אַל דאָס גוטס זאָל אין אונדזער שטוב אַריין,
ס׳זאָל ביי אונדז אייביק זיין...

איך און מיין רבקהלע זאָגן נאָך וואָרט ביי וואָרט דער מאַמעס נייע פאַרטערטע תפילה. זאָגט אייך, וואָס איר ווילט, נאָר מיר געפעלן זייער

מיין מאַמעס יידיש־טייטשמערישע תפילות. מיר שיינט, אַז דעם רבונו־של־עולם זענען זיי אויך מער צום האַרצן, איידער די כּאַפּלאַפּ־דאַווענעכּצער אין לשון־קודש, וועלכע די מאַנצבילן פּרעפּלען אָפּ אויף איין פוס אין אונדזער רענדאַריש שולעכל. אוי, כאַפּן זיי, גלייך ווי זיי וואָלטן געגעסן הייסע לאָקשן. עס קומט מיר אויס, אַז זיי נאַרן גאָר אָפּ דעם רבונו־של־עולם, פאַרבלענדן אים די אויגן.

— איז שיקט זיך, — טראַכט איך מיר אַ טראַכטעכץ אַזאַ, — אַז מיין מאַמעס גאָט אין הימל האָט אַזעלכע פאַרשטאָפּטע אויערן און אַזאַ שטייניק האַרץ? שוין זשע זעט ער נישט אירע טרערן און הערט נישט איר האַרצרייסנדיק געבעט? כ'לעבן, ווען איך בין אויף זיין אָרט, וואָלט איך זיך שוין לאַנג מרחם געווען אויף איר און שוואַליאָם אַוועקגעשיקט אַלע מלאכים, זיי זאָלן ברענגען מיין טאַטן וואָס גיכער אַהיים.

...אין דעם עפּנט זיך די טיר, און עס שפּאַנט אַקאָרשט אַריין לייבל שעלעמעט. אָט יענער לייבל, דער טאַנדעטניק, וועלכער איז אַוועקגעגאַנגען אויף דער מלחמה אין איין טאָג מיט מיין טאַטן.

ער שטרעקט אויס דער מאַמען אַ ווייכע געכאַליעטע האַנט, ווי פון רוי ווייס טייג געמאַכט, אַ באַשאָטענע מיט זומער־שפּרענקעלעך. דערזען, אַפּנים, דער מאַמעס פאַרוויינטע אויגן, גיט ער אַ פרעג מיט אַ פרעמד געשפּרענקלט קול:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי צעכליפּעט, איטע, גלייך די וועלט איז דיר אונטערגעגאַנגען?

אַ רגע פאַרווילט זיך מיר אַראָפּשפּרינגען פונעם בעטל און אים צעקיילן און צעביילן, פאַר וואָס ער טאָפּטשעט מיט זיינע הילצערנע רייד מיין מאַמעס לויטערע טרערן.

איצט באַטראַכטן מיר אים אַלע דריי פון קאָפּ ביז די פיס. עפּעס קוקט ער אונדז אויס, גלייך ווי מען האָט אים איבערגעביטן. אַוועק אויף דער מלחמה אַ לייב שעלעמעט, אַ ייד אַזוי זיך, און איצט, עפּעס האָט ער זיך פאַרלאָזט אַ ווילדע טשופּרינע, ווי פון צעדריוולטער סמאָלע, און זיין ברייטע נאָז האָט זיך צעפלאַטשיקט הפקרדיק איבערן גאַנצן פּנים. אָנגעטאָן איז ער אין אַ פריצישן שפּענצער מיט גילדענע קנעפּ,

פון וועלכע סע פעכלט אַרויס אַ קלאָר ווייס העמד מיט אַ זיידענעם שניפּס. און די גאַנצע צייט שטייט ער נישט איין אויף איין אָרט, ווי ער וואָלט זיך עפּעס טאַקע נאָר דרייען אויף קאָרקעלעך.

— איז אַנטקעגן דעם, וואָס דו כליפּעסט, איטע. כ׳לעבן, סע זענען אַרויסגעוואָרפענע טרערן, — צעכראַסטעט לייב זיין בלאַנק העמד און קראַצט זיך ביי דער פּאַטיליצע. — ווען דיין מאַן איז נישט קיין יאָלד, וואָלט ער דיך באַגליקט און זיך באַגליקט.

— דהיינו? — ווערן דער מאַמעס ליפּן פאַרבלאָווט פון עגמת־נפש, און זי וואַרפט אַרויף אויף זיך איר אויסגעטרעפּקעטע שאַל, גלייך עס וואָלט איר מיט אַ מאָל זייער קאַלט געוואָרן.

— דהיינו־שמיינע, אַז דיין מאַן איז אַ גאַנצער חכם פון דער מה־נשתנה! ווי נאָר ס׳איז געוואָרן די בעזהאָלאָוויע, זאָג איך אים: יאָסל, דו זיי נישט קיין יאָלד, נעם אַ זאַק, ווי סע טוען אַלע, וואָס האָבן אַ רעדעלע אין קאָפּ, און קום טשיסטען די בורזשויעס... עס וועט במילא קיין שורה־דעפּורע נישט בלייבן פון זייער האָב און גוטס. דאַרפן זיך אַנדערע וואַרגן מיט זייער פאַרמעג? לאָמיר אויך כאַפּן אַ שאַנס. וואָס זענען מיר? זיבע־לעך זענען מיר אָדער מלופים־קינדער?

— הערט ער מיך גאַנץ גוט אויס און שטעלט אָן אויף מיר אַזעלכע טשעקאַווע קוקערס, גלייך ווי איך וואָלט אָקאָרשט אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל, און זאָגט מיר, נישט מער און נישט ווייניקער, מעגסט, איטע, אויף טשיקאַוועסט הערן, וואָס אַ ייד פאַרגינט זיך צו זאָגן: אַז אויב איך קען אין אַזאַ גרויסער צייט אין זינען האָבן אַזעלכע ווערעמדיקע שטיק, איז גאָר אַן עבירה, וואָס די ערד טראָגט מיך.

— דערהערט אַזעלכע דיבורים, פאַל איך נישט אַראָפּ ביי זיך און זאָג אים: „וואָס קומט אַרויס, אַז ס׳איז אַזאַ גרויסע צייט, אַז דו זעסט זיך אָן אין איר, ווי אַ פלוי אין יקום־פּורקן. הער מיך, ברודערצו, אויב דו וועסט ווייטער אַרומגיין מיט אָט די מאַנקאָליעס דיינע, וועסטו אם־ירצה־השם לייגן די ציין אויף די באָנטעס״*. נעמט ער מיר שוין גאָר

* נישט־געהובליעוועטע פּאָליצעס.

עפּעס אַנדערש ברייען, אַז פּאַראַן מענטשן, וואָס לעבן, ווי די מתים, און אַנדערע, וואָס שטאַרבן אַפילו נישט נאָכן טויט. איז זיך ביי מיר די צונג אויך נישט אײַן קימפּעט, ענטפער איך טאַקע, אַז בעסער אַ לעבעדיקער הונט, איידער אַ טויטער לייב.

— אין אַ פּאָר טעג אַרום זע איך, אַז מע העצקעט אים גאָר אין דער לופטן, דיין חכם גדול. עפּעס איז ער גאָר מיט אַ מאָל אַריין אין די רויטע פּעדערן. געוואָרן אַ גאַנצער יאַטעבעדאַם ביי דער רעוואָלוציע, אַזש „טשלען סאָלדאַטסקאָוואָ רעוואָלוציאָנאַוואָ קאָמיטעטאַ", טראָגט אַ רויטע קאָקאַרדע אויפן היטל און אַ רויט בענדל אויפן לאַץ, און רעדט שוין מיט מיר מיט סאָמע רישן: אַז אַלע מאַראָדיאָרן וועט מען אָפּרייניקן.

— נו, — טראַכט איך מיר, — אויב דו רעדסט מיט לשון טרובקע, טעלעבעבעדעסט מיטן שפּייער, און דו מישסט מיר נאָך דערצו אויף דעם נייעם ספר פּראַלניק פון דער רעוואָלוציע איז קוויק זשע זיך מיט איר געזונטערהייט. איך דאַרף זי האָבן, ווי אַ באָך אין דער פּלייצע. האָב איך מיר טאַקע אָנגעלייגט דריי זעק מיט בורזשואַזנע רעמאַנעגטן און פּאַר־קערעוועט אַהיים, און זאָל מיך די „גרויסע צייט" דיין יאָסלס, רופן קנאַק־ניסל, — לאַכט לייבל מיט אַ דין געלעכטערל, ווי אַדורך די לעכלעך פון אַ ריבאייזן.

— דערפאַר האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּלעקלט, ווייל דו האָסט אָפּגע־טשימכעט די בורזשויעס, טייערער שפּילפויגל מיינער, — דרעליווועט אים די מאַמע מיינע.

— ביין, כ'על גיין ווערן אַ קליאַמקע פון אַ שולטיר, ווי יענער יאָלד, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז פון אַ הונדערטער האָט ער געהערט, אַ פינף און צוואַנציקער האָט ער געזען, און אַ פינפערל האָט ער געהאַט. איז לאָז זיך דיין יאָסל געזונטערהייט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס און פּעכבנען אויפן פּיסק און זיין אַ טאַראַלאַלייקער ביי דער רעוואָלוציע.

— ביסט אַ שלעכטהאַרציקער און שאַלקהאַפטיקער, לייב, און דו פאַרשטייסט נישט איין זאַך, אַז אַ מענטש גלייבט, האָט ער ליב און איז פאַרעקשנט, קאָן ער לעבן כמעט מיט גאָרנישט, זיך באַגנוגענען מיטן קנאָפּ, מיט אַ שטיק פון זיך אַליין.

— כ׳זע, אַז דו ביסט אויך שוין געוואָרן אַ גאַנצע תנא־רבאכע. נאָך קאַרג, וואָס דיין מאַן האָט זיך אַליין אָנגעהאָנגען אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז, גייסטו שוין אויך ביי אים אויפן דראָנזשיק. איז מהיכא־תיתא, און איך וויל נישט לעבן, ווי אַנדערע, פון האַנט אין מויל אַריין און פון מויל אין קאָפּ אַריין.

— איך זע, לייבל, אַז ביי דיר איז אַרויסגעקומען פידרעך. איז אויב אַזוי, אַ שיינעם דאַנק דיר פאַר דיין גרוס. איז גיי, זיי מוחל, און האָב אַ גוטן שליטוועגס, און זאָלסט קומען נאָר דעמאָלט, ווען מע וועט שיקן נאָך דיר, — צעפראַלט די מאַמע אַזש ביידע טירן און פראַוועט אים גאָר בהרחבהדיק אַרויס פון דער שטוב.

*

די ערשטע סדר־נאַכט פראַווען מיר אין דרייען, דאָס הייסט די מאַמע, רבקהלע און איך.

מיר ווייסן שוין אַפריִער, אַז היינט אויף דער נאַכט וועלן מיר עסן אַ ווינער יויך אָן פליש, ווי אין אַ פשוטן וואָכעדיקן טאָג. קיין מצות האָבן מיר אויך נישט, עסן מיר קוואָרע, פאַרדאַרטע מאַמעליגע־פּלעצלעך. דערביי האָט אונדז די מאַמע פאַרזאָגט, אַז טאָמער וועט עמעצער פרעגן, וואָס מיר עסן, זאָלן מיר ענטפערן, אַז דאָס זענען אייערקיכלעך. איי, מען טאָר קיין ליגן נישט זאָגן, איז אויף דעם האָט די מאַמע אונדזערע אויך אַ פאַרענטפערונג:

— אויב דעם רבונו של עולם איז ניחא, איז מיר נעכיי. זאָל ער זיך שעמען. ווי סע זאָל נישט זיין, דערווייל שעמען מיר זיך נאָך צו ביסלעך. שלעכט וועט זיין, אַז ער וועט אונדז ברענגען דערצו, — טרעפּקעט זיך דער מאַמעס קול, — אַז מיר וועלן די בושה אויך פאַרלירן. אָ, דעמאָלט וועט שוין זיין עק וועלט.

אין די דריי פסחדיקע כוסהלעך — דער מאַמעס, רבקהלעס און מיינס — האָט די מאַמע אַריינגעגאָסן זאַפט פון קוואַסניצעס, וואָס זי האָט געקויפט אויפן מאַרק פאַר אַ שיבוש. נאָר דעם טאַטנס כוס און אליהו

הנביאס בלאָ געקווייטלט בעכערל האָט זי אָנגעגאָסן מיט ווײַן פֿול, פֿול, מיט אַן אויג. דעם טאַטנס, ווײַל ער איז אַ טאַטע און דערצו פֿעלט ער שוין פֿון דער היים גאַנצע דרײַ יאָר מיט אַן עודפֿל... און אליהו הנביא האָט אַוודאי און אַוודאי פֿאַרדינט דעם כבוד. ווײסט דאָך די מאַמע זייער גוט, אַז אליהו איז אַ ייִד אַ זקן, און דערצו נאָך אַ שטאָפּעט ביים רבונו־של־עולם. אַזוי, אַז אים טאָר מען נישט אָפּכוימלען. חוץ דעם, אַן אַלטער ייִד, ווי ער, שלײַאַנדערט אַרום אַ גאַנצע נאַכט פֿון איין אָרעמער שוועל צו דער צווייטער און נעמט זיך אָן מיט אַזוי פֿיל צרות, דאַרף מען כאָטש דערקוויקן זיין צעבראָכן האַרץ מיט אַ ביסל אמתער משקה.

די טיר האָט די מאַמע פֿאַרקייטלט: אַז ווי אַ זאַך מאַכט זיך, אַ שכן זאָל זיך נישט אַרײַנכאַפּן און זען איר ביטער אויסקומעניש. אַזוי, זאָגט זי, איז אַ קניפּ אין באַק, אַז די פֿאַרב זאָל שטיין. „איי, — טראַכט איך מיר, — ווי וועט די מאַמע נעמען אַזוי פֿיל פֿאַרב אויף אויסצוקנייפּן זיך די באַקן, אַז פֿון טאָג צו טאָג ווערט זי אַלץ ווייניקער און ווייניקער".

איך קוק אויף אליהוס כוס, און פּלוצעם פֿאַלט מיר איין אַ מאָדנער געדאַנק: דער טאַטע מיינער מיטן אַלטן נביא האָבן זיך עס געטראָפֿן ביידע אויפֿן וועג, וואָס פֿירט צו אונדזער שטעטעלע פּערליץ. דערזען אַ מידן, פֿאַרפֿאָרעכטן סאָלדאַט, פֿאַרקלעמט אליהו'ן זיין נביאיש האַרץ, און ער גיט אָפּ דעם טאַטן מיינעם גאָר אַ גרויסן שלום־עליכם. דערנאָך זעצן זיי זיך אַוועק גאַנץ ברייטלעך אויפֿן בערגל נעבן דעם קוואַל, פֿון וועלכן אונדזערע פּערליצער יידענעס שעפּן אַן עמער וואַסער. פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, נישט געכאַפּט, וואַשן זיי זיך ביידע אָפּ די פֿאַרשטויבטע פּנימער און הענט. און אליהו הנביא נעמט אַרויס פֿון זיין צעדריוולטער טאָרבע אַ מצהלע און גיט דעם טאַטן מיינעם, ער זאָל זיך אונטערלעבן דאָס אויסגעהוילטע האַרץ זיינס. „עס פֿאַרשאַפֿט מיר פֿיל פֿרייד, — שמייכלט מילד דער נביא צום טאַטן, — וואָס דו ביסט געוואָר'ן אַ רויטער, און איך, זיי וויסן, בין שוין אַ טויזנט יאָר אַן ערך אַ סעציליסט..." דער טאַטע איז אַזוי מלא גדולהדיק פֿון אָט דער באַגעגעניש און פֿון די מילדע נביאישע רייד, אַז ער גיט אַזש אַוועק זיין סאָלדאַטיש היטל מיט דער קאָקאַרדע דעם נביא אַ מתנה, און ביידע נעמען זיי זיך אָן פֿאַר די

הענט און שפּאַנען פּאַזע דעם טייך. און פון גרויס נחת, וואָס זיי האָבן אַזוי ביידע גוט געטראָפן, זינגען זיי דאָס שיינע ליד מיט דעם ווייבערישן נאָמען „מאַרסעליאָזע".

דערהערט דאָס פריילעכע, האָפערדיקע געזאַנג, צעפראַלן יידן און יידענעס טיר און טויער און שטייען אויף די שוועלן און גאַפן:

— ווונדער איבער ווונדער, זעט נאָר, זעט נאָר, דער אַלטער גרייז־גראָוער נביא, דער שטאָפּעט פון דעם, וואָס לעבט אייביק, איז זיך אויך משמח מיט דעם נייעם מלכות...

פון דעם געדאַנק, אַז דעם טאַטן מיינעם האָט אַזוי געגליקט און ער איז געוואָרן אַזאַ פּאַנבראַט מיטן נביא, ווערט מיר אַזוי פריילעך, אַז איך צעזינג זיך אויף אַ קול. איך זינג די „מאַרסעליאָזע", טאַטש טאַטש, ווי סע האָבן זי געזונגען צום ערשטן מאָל קינד און קייט אין יענעם פראַסטיקן ווינטערדיקן טאָג — חצי יידיש — פּאָלאָווינע רישעש.

די מאַמע לייגט אַוועק איר האַנט אויף מיין אַקסל און שמייכלט צו מיר, אַזוי ווי זי קען נאָר שמייכלען:

— אַוואָ, זונעניו, זינגסטו עס שיין. זיי וויסן, אַז ביי אַ קינד שטייט איין די נבואה. ס'קאָן זייער שיין געמאָלט זיין, אַז איבער אַ יאָר פּסח אין דער צייט און אַזוי ביז אין דער ווייטער ווייט אַריין וועט מען די סדרים אָנהייבן פראַוועווען מיט דעם ליד. אָבער דערווייל, קינד מיינס, האָסט פאַרכאַפּט אַ ביסעלע צו פרי...

איך פאַרשעם זיך ביז איבער די אויערן און הייב אָן מישן די אַלטע הגדה של פסח מיט די אויסנעמלעכע געמעלן, וועלכע ליגט אָן אָפענע אויפן טיש.

די מאַמע האָט מיך פאַרפּוצט אין אַ ניי פאַרוסינען קאַסטיומל, אויפן קאָפּ האָט זי מיר, וואָס אָן אמת, אָנגעטאָן אַן אַלט קאַשקעטל, אָבער דערפאַר מיט אַ ניי גלאַנציק דאַשעקל. זי האָט מיך אַוועקגעזעצט, די מאַמע מיינע, אויף אַ הויך בענקל, אויפן בענקל האָט זי אַוועקגעלייגט אַ קישעלע, אַ מין העסעבעטל פאַר דעם איינציקן מאַנצביל אירן — ווי זי וויטעט זיך איצטער איבער מיר.

אַלע מאָל קושט זי אויס יעדן אבר דעם איינציקן מאַנצביל אין שטוב, דאָס הייסט — מיך. דערביי פלאַמען אירע באַקן מיט העלישער רויטקייט און די ברעמען צוקן ביי איר. איך און רבקהלע פרעגן שוין ביי איר נישט, פאַר וואָס זי וויינט אַזוי פיל. ווייל מיר ווייסן, אַז זי וועט אונדז ענטפערן: „אַז דאָס האַרץ איז פול, גייען די אויגן איבער”, און וועט זיך נאָך ביטערער צעוויינען.

— הא לחמא עניא, — צעניגון איך זיך, אַזוי ווי דער רבי הערץ האָט אונדז געלערנט, — דאָס איז עס, דאָס אָרעמע ברויט, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געגעסן אויף זייערע וואָגלוועגן. און זע נאָר וואָס פאַר אַ לייטזעליקע, באַרעמהאַרציקע מענטשן דאָס זענען, ווייל כאָטש זיי זענען אַליין געווען אָרעם, נאַקעט און בלויז, האָבן זיי דאָך גערופן צו זייער טיש אַלע הונגעריקע און נויטבאַדערפטיקע.

איז גיי זיי אַ נביא און טרעף, אַז עס וועט אָקאָרשט פּאַרקומען פונקט אַזוי, ווי איך האָב זיך אויסגעמאָלט אין מיין קינדערשער געדע־כעניש.

דער פאַראַוואַז פון דעם עשעלאָן, אין וועלכן מיין טאַטע וועט זיך אומקערן אַהיים, וועט געשטרויכלט ווערן גראָד לעבן דעם גילדענעם באַרג, וועלכער הייבט זיך איבער אונדזער שטעטעלע פּערליץ.

איי, איי, איז דאָס אַ באַרג! אויף זיין שפּיץ וואָיעוועֶן מיר, חדר־ייִנגלעך, אין די שבתדיקע און יום־טובדיקע טעג. אויף דעם באַרג רייסן אַן אַלטע איינגעשרומפּענע באַבעציעס קרייטעכצער אויף רפואות און אויף פאַרשידענע אָפּשפּרעכענישן. און אויף זיין סאַמע העכסטער הייך, סע זאָל אונדז קיין שמוכע נישט זיין, פאַרקלייבן זיך קליינשטעטלדיקע ייִנגלעך און מיידלעך און שפּילן זיך אין טאַטע־מאַמע.

ער זאָגט, דער טאַטע, אַז ער איז זייער צופרידן, וואָס ס'האָט גראָד אַזוי פּאַסירט, וואָס די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם באַרג און ער האָט זיך אַדורכשפּאַצירט אַ דריי ווערסט צו פוס, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, ביז ער איז אָנגעקומען אַהיים.

— הערסט, איטע־קרוין, — איז זיין קול איצט אַ מין בענקשאַפט־געזאַנג, — ס׳איז מיר ממש צוגעקומען אַ פּוד געזונט פון יעדן שפּאַן. און אַז איך האָב דערגרייכט די טאָלעקע און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני ביים קוואַל און אַ כלעפּטשע געטאָן וואַסער, האָב איך ממש געפילט, גלייך ווי מע האָט מיר אַריינגעגאָסן אַ סאָלץ אין די ביינער. און הערסטו, איטע, זעט אויס, אַז איך בין טאַקע אַ זינדיקער מענטש, — ווערט דעם טאַטנס קול עפּעס ווי טונקל, — ווייל בשעת דעם כלעפּטשען איז מיר אַדורכגעלאָפן אַזאַ מחשבה זרה: רינט זיך, הייסט עס, אַ קוואַל, אַזוי זיך פון דער ערד אַרויס, בלעזלט זיך און בעבעט זיך אַזוי שטיל אויף זיין קוואַליק לשון. און גאָרנישט. זאָלסט זאָגן, ס׳זאָל אים אָנגיין, וואָס ערגעץ דאָרט, אין די ווייטע מרחקים, הרגענען מענטשן איינס דאָס אַנדערע, גיסן זיך טייכן בלוט. איז ווי טראַכסטו, איטעניו־מאַמע, ביסט דאָך ביי מיר אַ חכמה, איז עס נישט קיין עוולה, וואָס איך, אַ פּשוטער בשר־ודם, האָב גענומען זיך בייזערן אויף אַ קוואַל, וואָס ריזלט זיך אַזוי גלאַט אין דער וועלט אַריין?

אָבער די מאַמע טראַכט גאָרנישט. די מאַמע רעדט גאָרנישט. די מאַמע האָט זיך אין איר גאַנצער גרייס אַ וואַלגער געטאָן אויפן דיל, אַרומגעכאַפּט מיטביידע הענט דעם טאַטנס פאַרשטויבטע שיך, זיך איינ־געגנורעט מיטן פּנים אין זיינע פיס, און העשעט נאָר אין דער שטיל: געמאָל מיינער! האָר מיינער! ליבסטער מיינער!

אני לדודי ודודי לי... ווייל איך געהער מיין אויסדערווײלטן, און מיין ליבסטער געהער מיר, — גיט מיר אַ פאַרשמעק מיטן רויזן־דופט פון שיר־השירים, — ווייל טיף איז מיין טרויער, און טיף איז מיין פרייד, און טיף איז מיין בענקשאַפט. און נאָך טיפער פון זיי איז מיין ליבע...

נו, יאָ, מן־הסתם אַזוי האָט די שיינע קלוגע רחל, כלבא שבוע׳ס אַדעליקע טאָכטער, געקערט באַגעגענען איר אויסדערווײלטן, דעם תנא רבי עקיבא, ווען ער האָט נאָך יאָרן וואַגלען און וואַנדערן זיך אומגעקערט אַהיים, — לויפט מיר דורך אַ מחשבה, — נישט מער יענעם האָבן באַ־גלייט צוואַנציק טויזנט תלמידים און ס׳האָבן אים מקבל־פּנים געווען די

שענסטע מענטשן פון דער שטאָט. און מיין מיד־פאַרשטויבטן טאַטן האָט נאָר, זעט אויס, באַגעגנט דער גילדענער פערליצער באַרג און דער לויטע־רער קוואַל. און ווער ווייסט, אפשר טאַקע אליהו הנביא אויך? ס׳איז טאַקע אַ חיוב, דער טאַטע זאָל אים זען? אַ נביא איז דאָך נישט קיין פּשוטער מענטש ווי מיר אַלע. ס׳איז דאָך פּאַרט אַ רואה ואינו נראה. וויל ער, זעסטו אים, וויל ער נישט — זעסטו אַ פייג. מאַלע וואָס אַ נביא קאָן זיך פאַרוועלן.

אָבער סע קאָרטעט מיך און סע לאָפּטשעט מיך און סע בריט מיך און איך פּיל, אַז איך האַלט עס ניט אויס. און פּאַליע דעריבער אַרויס אין איין אָטעם:

— טאַטע, טאַטע, אויפן וועג האָסטו קיינעם נישט אָנגעטראָפן? האָט דיך אויף דער טאַלאָקע טאַקע קיינער נישט באַגעגנט? — און בשעת מעשה פּיל איך, אַז פון גרויס קאָכעניש און גלוסטעניש פלאַמען מיר אַזש די אויערן־לעפּלעך.

— נע, זינעקו, ניין, — ענטפערט דער טאַטע מיינער. — וואָס יאָ, לאָמיך קיין ליגן נישט זאָגן, שוין טאַקע גאָר נאָענט צום שטוב, האָב איך מיך אָנגעשלאָגן אין אַן אַלטן ציגיינער. אָבער כ׳האָב מיט אים קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט, ווייל ער איז געווען גוט פאַרקנאַקט.

כ׳שעם מיך צו זאָגן דעם טאַטן, אַז דער ציגיינער איז נישט געווען קיין פּשוטער ציגיינער, נאָר אליהו הנביא. דו שפּילסט זיך עפּעס מיט אַ נביא? יענער, אַז ער וויל, קאָן ער ווערן אי אַ מלך, אי אַ קוימענקע־רער. און דאָס, וואָס ער איז געווען בגילופין... איז ווער ווייסט? דערזען אַ מידן סאָלדאַט שליאָנדערן אויף די וועגן, האָט זיך אים פאַרוואָלט אים לוסטיק מאַכן. לאָמור, אַזוי צו זאָגן: האָסט שוין טאַקע יאָ זוכה געווען צו געגענענען צו דיין היים, איז נאָ דיר, ר׳ יאָסל ברב יצחק, אַן אַדערויף פון פרייד... און צווייטנס, מעגסט דיר טאַקע זיין אַ נביא, נאָר גיי זיי אַ בריה, אַז מ׳איז דיך מכבד מיט אַזוי פיל ווין, זאָלסטו נישט ווערן שיכּור... נישקשה, איין מאָל אין אַ שמיטה מעג זיך אַ הייליקער מאַן אויך פאַר־גינען אַ הוליע צו טאָן. זאָגט נאָר, כ׳בעט אייך, וויפל קאָן אַ נביא נאָר יאָמערן, צערענען און שטראָפן?

— איטעניו, מאַמע מיינע, — וואַרקעט דער טאַטע עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ טערקלטויב, — וויפל איז דער שיעור אַזוי צו ליגן? הייב זיך אויף, נשמה מיינע.

אָבער די מאַמע הייבט זיך נישט אויף. אייסעדך וואָס, זי זאָל עס אָנהייבן צו טראַכטן. זי זעצט זיך מיר ערשט אַוועק אויפן פּאָל און פּאַרעט זיךביים טאַטנס שווערע, געקאָוועטע סאָלדאַטישע שיך. דאָס צעשנירלט זי אים די שנירלעך. אָבער אַפּנים פון צעטומלעניש, קאָן זי זיי באַין אופן נישט צעבינדן. דאָ קומען מיר איר שוין ביידע צו הילף — רבקהלע און איך. און טאַקע אויגנבליקלעך זיצט שוין דער טאַטע אַ באָרוועסער אויפן פוסבענקעלע.

— מיר זאָל זיין פאַר דיינע מידע פאַרבלוטיקטע פיס!

ביים וואָרט ״פאַרבלוטיקטע״ פיל איך, ווי סע הייבן מיר אָן צו גיין מערעשקעס איבערן לייב און די האָר ווערן ביי מיר ווי טשוועקעלעך. אַ רגע וויל איך מיך טרייסטן, אַז דאָס זאָגט די מאַמע צוליב שיינקייט וועגן, ווי זי האָט עס אַרויסגעלייענט ביי די העלדינס פון אירע ראָמאַנען. אָבער אַז דער טאַטע שטעלט אַריין ביידע ברודיקע צעראַצטע פיס אין דער הייסער שיסל וואַסער, דערזע איך מיט אַ מאָל, אַז אויפן לינקן פוס פעלן אים דער גראָבער פינגער און דאָס קליינע פינגערל.

— כ׳האָב זיי איבערגעלאָזט אין גאַליציע, ערגעץ צווישן קאָסעוו און קיטעוו, — זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען.

איז וואַשן מיר אים שוין אַלע דריי די פיס און באַגיסן זיך מיט טרערן. די מאַמע וואַשט אים דעם רעכטן פוס, דעם מזלדיקן, וואָס ער איז געקומען אַ גאַנצער אַהיים. און מיר, קינדער, וואַשן אים דעם לינקן פוס, דעם געקריוודעטן.

דער טאַטע האַלט די פיס אין דער הייסער שיסל וואַסער און הערט נישט אויף צו דערציילן וועגן די אַלע צרות און פורעניות, מיט וועלכע ער האָט זיך אָנגעליטן אין די ביטערע מלחמה־יאָרן. פון זיינע רייד קומט אויס, אַז אַלע אומגליקן איז ער בייגעקומען, ווייל די בענקשאַפט נאָך דער היים איז אים בייגעשטאַנען.

— גלייבט מיר, קינדער טייערע, — ווענדט ער זיך צו אונדז, ווייל די מאַמע האָט זיך אַריינגעקנוידערט אין אַ ווינקל און סע קלימפּערן ביי איר די ציין אין מויל, עפּעס טאַקע ווי אין אַ קדחת, — אַט אַפילו דאָרטן, אויף די פּראָנטן, ווען אַרום מיר איז געווען אַ גיהנום־פייער און די האַר־מאַטן האָבן געטראַסקעט, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער, ווי עס רינט דער פּרוט.

אַ רגע נעמט דער טאַטע אַרויס די פיס פון דעם וואַסער, ווערט מיט אַ מאָל אַנטשוויגן און קוקט אויף זיי אַ פאַרטראַכטער. מן־הסתם טראַכט ער, דער טאַטע מיינער, אַז מיט די־אָ שוואַכע און מידע פיס וואָלט ער אַפילו פון עק וועלט אויך געקומען אַהער. די פיס וואָלטן אים שוין גע־בראַכט אַהיים. ווייל ווי געשיקט זיך עס, אַז ער זאָל שטאַרבן אויף אַ פרעמדער ערד?

און ווען דער טאַטע, אַן אָפּגעוואַשענער, אַ ציכטיק־פּעכלדיקער, אַן אויסגעפּוצטער אין זיין יום־טובדיקן בגד, זעצט זיך אַוועק פּראַווען דעם סדר, הייבט שוין אָן אין דרויסן אויפצוציטערן דער קאַיאָר. די מאַמע האָט אַוועקגעזעצט איר לאַנג געגאַרטן און דערוואַרטן, אויסגעבענקטן און אויסגעוויינטן מלך אויפן ווייכן קישן, און פאַר אַן אַנלען דינט אים אירס אַ סאַמעטן קישעלע, וואָס זי האָט נאָך פון מיידלווייז און אויף וועלכן סע זענען אויסגעהעפט די ווערטער: „דען שטאַרקער פון טויט איז די ליבע"... איך, דער פּרינץ, דער בן־מלך, זיץ אַנטקעגן דעם קעניג, מיין פאָטער, גרייט צו פרעגן אים די פיר קשיות. ערשט דער מלך שווייגט מיט אַזאַ פאַרכטיקער שווייגעניש, אַז מע הערט נאָר דער מאַמעס כליפּען און דאָס צוויטשערן פון די קאַיאָריקע שוועלבעלעך.

— איטעניו, נשמה מיינע, — באַפעלט דער קעניג יאָסל, — וויש אָפּ דיינע טרערן און גיי פאַרפּוץ זיך, ליובע מיינע, אין דיין חופּה־קלייד.

איך און רבקהלע האָבן אַזש ביידע אָנגעשפּיצט די אויערן. מיר זענען איצט גאָלע הערעניש און זעעניש. כאָטש איך בין געבליבן מיט די פיר קשיות אויף דער שפּיץ צונג, פרייט מיך זייער, וואָס מירן הוליען אויף דער טאַטע־מאַמעס חתונה. — נישט מער, — טראַכט איך מיר, — אַוודאי וואָלט אויף אַזאַ שמחה געדאַרפט זיין נישט קיין מאַמעליגע־פּלעצלעך,

און נישט קיין ווינער יויך, און אַוודאי נישט קיין קוואַסניצע־זאַפּט, נאָר אייער־מצות, קעזלעך, קניידלעך און דער יין־המשומר, דער ווין פון די וויינען זאָל שפּילן אין די כוסות. און סע קומען מיר מיט אַ מאָל אויפן זינען די ווונדערלעכע געשיכטעס וועגן די אָרעמע למד וואָוו־סעודות, וועלכע זענען בדרך־נס, מיט אַ פינטל פון אויג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מלכותדיקע טישן... שיקט זיך, וועט דער אייבערשטער פאַרשעמען אַ סאָלדאַט, אַן אויסגעמוטשעטן, וועלכע האָט כמעט גאַנצע פיר יאָר זיין היים נישט געזען?

אָבער, זעט אויס, אַז טאַטע־מאַמע נעמען זיך נישט צום האַרצן דערפון. ווייל, זעט נאָר זעט, די מאַמע גייט אַריין אין צווייטן צימער און קומט אַרויס פון דאָרטן אַזאַ שטאַלטנע, אַזאַ שיינע, אַזש סע גיט אַ פאַרנעם דאָס אויג.

זע נאָר, זע, ווי עס בלייִען אירע באַקן, ווי רויזן. זע נאָר, וואָס פאַר אַ לויכטעניש אין אירע בלויע, אויסגעוויינטע אויגן. הער נאָר, הער, ווי עס פלאַטערן אירע כלה־שלייערן, ווי צוויטן אין פרילינגווינט.

מיט אַ מאָל ציט זיך אויס דער קעניג, עס הייסט דער טאַטע אונדזע־רער, אין זיין גאַנצער הויך. ערשט איצט זעען מיר, ווי אויסגעמאַגערט איז זיין פּנים, און ווי פאַרקווילט, גלייך עס וואָלט אים געסמאַליעט די גלוטיקע מדבר־זון און געשמיסן אַלע ווינטן פון דער ערד. און נאָר די גרויסע שוואַרצע אויגן זיינע בריִען, לאַשטשען און גלעטן.

זיי שעמען זיך ביידע גאָרנישט. די מאַמע קושט דעם טאַטן, דער טאַטע קושט די מאַמע. אַזאַ פרייד האָט פאַרכלינעט דעם טאַטן, אַז ער גיט אַזש אַ כאַפּ אין דער האַנט אליהו הנביאס כוס און טרינקט אים אויס ביז דער שפּענטע. עס איז גוט צו קוקן, ווי טרערעלעך ווין קאַפּען אַראָפּ פון דעם טאַטנס אָנגעדראָלענע ליפּן אויף זיין אָנגעקראַכמאַלעטער מאַ־נישקע.

די מאַמע שויבערט דעם טאַטנס פעכקע האָר, צווישן וועלכע עס זיפּן זיך שוין אַדורך זילבערנע שטרייפעלעך, און פּרוּווט אים פירהאַלטן, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען דעם נביאס כוס. דער טאַטע לאַכט מיט אַ שאַליק געלעכטער און זאָגט דער מאַמען, אַז פאַראַן אַזעלכע עבירות, וועלכע

זענען סיי אין הימל, סיי אויף דער ערד אַ סך אָנגעלייגטער ווי מצוות. און פון אַזאַ עבירה האָט אליהו הנביא אויך הנאה און וועט אויף אים קיין פאַריבל נישט האָבן.

זיי קאַטאָוועסן און וואַיעווען, אונדזערע טאַטע־מאַמע, עפּעס גאָר ווי קליינע קינדער. איך זע שוין קלאָר, אַז דער טאַטע וועט שוין היינט דעם סדר נישט פאַרווען. ווייל אַט עפנט ער דעם קאָמאָד און נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ סאַמעטענע דעק מיט באַראַבאַנטענע שפּיצן. מיך מיט רבקהלען שטעלט ער אַוועק אויף הויכע בענקלעך און גיט אונדז האַלטן די עקן פונעם טישטעך. און דער מאַמען באַפעלט ער אַרונטערגיין אונ־טערן טישטעך.

די מאַמע פילט אויס דעם טאַטנס באַפעל באהבה, און איך זע באַ־שיימפּערלעך, ווי פון רגע צו רגע צעבלעטערט זי זיך און צעצוויטעט זיך, ווי אַ רויז אונטער דער ליכט פון דער זון.

דער קאָליריקער טישטעך פאַליעט זיך, ווי אַ חופּה איבער דער מאַמעס געקרויזטן קאָפּ. קלאָר ווי דער טאָג, טאַטע־מאַמע האָבן אויף אַן אמתן חתונה געהאַט און מיר ביידע, רבקהלע און איך, זענען זייערע אונטערפירערס.

דער טאַטע גיט דער מאַמען אונטער דער חופּה דאָס כוסעלע מיט קוואָסניצע־זאַפט. אויך אונדז גיט ער די בלאָע כוסעלעך מיט זאַפט. די מאַמע טרינקט, און מיר טרינקען אויך.

פון דער מאַמעס אויגן רינט אַ ים מיט טרערן. אָבער זי קייכט אויף אַ קול. זי פאַרגייט זיך אַזש אין געלעכטער. אַזוי לאַכן האָב איך זי שוין לאַנג נישט געהערט.

— יאָסל! ביסט שיכור, יאָסל? — לאַכט און וויינט די מאַמע.

דער טאַטע קושט אירע הענט, איר פּנים. ער קושט אירע האָר, און זיין קול איז איצטער קוואַליק און זיס, ווי פּעכקע האָניק.

— אין דיינע האָר און אין דער הויט פון דיין פּנים זע איך דעם טאָג און די נאַכט, — צעזינגט זיך דער טאַטע.

איך און רבקהלע האָבן נאָך מער אָנגעשפּיצט די אויערן, און מיר הערן

דעם טאַטנס געזאַנג. עס פלאַמען אונדז די באַקן, עס בריִען אונדז די אויערן־לעפלעך.

דער טאַטע זינגט אַ שיר השירים דער מאַמען.

די מאַמע צעפּראַלט די טיר, די פענצטער, און דעם טאַטנס געזאַנג שאַלט אַריין אין סאַמע האַרץ פון דעם אויפגעציטערטן פּסחדיקן קאַיאַר.

— יאַנקעלע, — בעט זיך די מאַמע ביי מיר, — טו תּפילה, מיין קינד, אַז די נאַכט זאָל קיין מאָל נישט אַוועקגיין. איאַ, זינעקו, אין אונדזערע הייליקע ספרים איז פאַראַן אַזאַ תּפילה? — העשעט די מאַמע.

דעם טאַטנס און דער מאַמעס הענט פלעכטן זיך איצט צוזאַמען. די מאַמע רעדט איצט ווי אין שטילן געפּליסטער. מע זעט ממש, אַזש סע גייען איר אויס די כּוחות.

— יאָסעלע... — ציקלט די מאַמע אויס דעם טאַטנס נאָמען, — אַזוי ווי דו זינגסט איצטער, האָסטו נאָך קיין מאָל אין דיין לעבן נישט געזונגען.

...אַ פרילינגדיקער פרימאָרגן. אונדזער שטיבל ווערט פול מיט ריחות פון צעבליטן אינדרויסן. טאַטע־מאַמע צעפּראַלן טיר און פענצטער. דאָס מאַכן זיי אַ וואַרע פאַר דעם וועסנעדיקן ווינטל. איי, איז דאָס אַ לינד ווינטל! עס שמעקט מיטן צוויט פונעם קאַרשנבוים. איז וואַיעוועט עס אַרום, דאָס ווינטל, אַזוי לאַנג אין שטוב, ביז עס מאַניעט אונדז אַלע אַרויס אין דרויסן.

עס איז ליב צו זען, ווי טאַטע־מאַמע נעמען זיך אָן ביי די הענט, ווי קינדער, ווען זיי שפּילן זיך אין קאַמער־קאָמער־הויז, און לאָזן זיך אַראָפּ אין גערטנדל. דער גאַנצער הויף שלאָפט נאָך. און סע איז אַזאַ סאַמע־טענע שטילקייט אַרום, אַז מע הערט נאָר דאָס וואָרקען פון די טויבן און דאָס קוואַקען פון די היגער אויף זייער עופות־לשון.

די מאַמע זעצט זיך אַוועק אויף אַ בענקעלע. זי איז מיד און מאַט, די מאַמע מיינע. אָבער ס'איז אַ זיסע מידקייט. דער טאַטע איז מיד, און אויך מיר, קליינוואַרג, זענען מיד. אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט מען כּמעט קיין אויג נישט צוגעמאַכט!

דער טאַטע באַטראַכט דעם קאַרשנבוים, און דער בוים באַטראַכט דעם טאַטן. דער בוים האָט זיך צעצוויטעט מיט ווייסע קנאָספּעלעך. און ביים טאַטן שלאָגן זיך אַרויס פון צווישן זיינע שוואַרצע האָר ווייסע שטרייפעלעך. דער בוים בליט און דער טאַטע הייבט אָן צו פאַרבליִען. איז וואָס, אַ שטייגער, טראַכט דער טאַטע? ער טראַכט, מן־הסתם, אַז מען לעבט, דערלעבט מען. באַשערט אים נאָך אַ מאָל צו זען דעם שטאָלט־נעם חתן־בחור אונדזערן. דער טאַטע שטעלט זיך אַוועק נעבן בוים, ציט זיך, ראָסטעט זיך. שטרעקט זיך אויס אין זיין גאַנצער הויך און טייעט אָן. אוואַ, — נחתט זיך אַ שמייכל אויף זיין פּנים, — זע נאָר, איז עס קיין עין־הרע אויסגעוואַקסן!

און דער בוים? וואָס, אַ שטייגער, קאָן עס טראַכטן און דאַכטן, אַזאַ קלוג קאַרשנביימל, ווי אונדזערס? וואָרשיינלעך, טראַכט עס, אַז ביז ס'איז יונג און ביי אַלע כוחות — וואַקסט עס און בליט, און אַז סע וועט קומען די צייט און ס'וועט חס־וחלילה אַלט ווערן, זאָל מען עס כאָטש נישט לאָזן שטאַרבן. גיכער זאָל מען פון זיין האָלץ מאַכן אַ פלויט, אַ שטאַכעטל אַרום די ביימלעך, וועלכע הייבן זיך ערשט אָן צו צעבליִען.

— ס'קאַצל קומט, אַ גאַסט איז דאַ, מזל־טוב, אין אַ גוטער שעה!

איז ווער זשע גראַמט עס אַזוי שיין? פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער הערש דאַמבראַוויצער. ווי ער האָט עס זיך אויסגעפליגלט! עס איז אים פשוט נישט צו דערקענען. אויפן שפּיץ קאָפּ דאָס באַרימטע ווינער קאַפּע־ליושל, אָנגעטאָן איז ער אין אַ שוואַרצן לוסטרינענעם שפּענצער און אין אַ פּאָר געקעסטלטע הויזן, פון וועלכע ער שפּאַרט אַרויס. ער וואַרפט זיך ממש דעם טאַטן אויפן האַלדז און קושט אים הילכיק. דערביי פאַר־געסט ער נישט אין דער מאַמען און, זעט אויס, פון גרויס איבעררעשונג, טרעפט ער אָן מיט זיין קוש אונטער דער גאָמבע. אויך אונדז, קליינ־וואַרג, גייט ער נישט פאַרביי. אונדז קושט ער נישט, ער קנייפּט אונדז אויס די בעקלעך. אַזוי אַז עס הייבט אונדז אַזש אָן צו גיין אַ פאַרע פון די אויערן.

ער איז נישט געקומען מיט די ליידיקע הענט, הערש. אָט עפנט ער אויף דאָס קויבערל און נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ פלאַש מילך מיט אַ טעלער באַלאַבעשקעס.

— עסט און טרינקט, און זאָל אייך זיין צום געזונט, — צעלייגט זיך הערש גאָר ברייטלעך מיט זיין גאַנצן רעמאַנענט, — האָט נישט קיין מורא, ס'איז אַלץ פּסחדיק. די ציג איז ביי אונדז אַ געכשרטע. אַ גאַנצן ווינטער האָט זי געגעסן קדחת, און איצט האָדעווען מיר זי מיט מרור...

אלע דריי לאַכן, און מיר, קליינוואַרג, לאַכן אויך. עס איז מיר אַזוי פריילעך, אַז איך צעהירזשע זיך, ווי אַ לאָשעקל, און איך הייב אָן צו מאַכן קאָזשעלקעס. ערשט מיט אַ מאָל דערזע איך, ווי עס בייט זיך דעם טאַטנס מראה. עפּעס גיט אויף אים אַ שלאָג אַזאַ מאָדנע בלאַסקייט און די גרויסע שוואַרצע אויגן זיינע גיסן זיך אָן ווי מיט פּעך. אויך דער מאַמעס פּנים האָט זיך מאָדנע אויסגעצויגן. איך וואָלט זאָגן, אַז אַפילו די אויערן־לעפּלעך זענען ביי איר ווי בלייך געוואָרן.

דאָס האָבן זיי דערזען לייבל שעלעמעט. עפּעס שפּאַנט עס, דאָס לייבעלע, מיט אַזאַ באַלכסונדיק גענגל. צוגעקומען, שטעלט ער זיך אַוועק אַ ביסל ביי אַ זייט און כיכיקעט מיט אַן אויסטערליש געלעכטערל, און ער גאָנערט זיך עס גאָר, דער לייבל, ווען ער נעמט אַרויס פון אַ גע־פלאָכטן קוישל מיט טרעלדעלעך אַ גאַנצן טאַמאָזליק * מיט ברוינע בייגל, וועלכע פּעכלען אַזש פון געלקייט, און אַ פלאַש מיט וויין.

— לאָמיר טרינקען און פאַרבייסן מיט בייגל, כל זמן די שיינע רעוואָ־לוציע האָט זיי נאָך נישט געמאַכט חמצדיק, — שטשירעט ער, לייבל, זיינע שטשערבאַטע ציין און כיכיקעט אַלץ מיט דעם געלענדערל זיינעם.

אין דעם קומען אָן משה־אהרן און פעדקע קאָוועל. אָבער אויפן טאַטנס פּנים יאָגן אַזעלכע צאָרן־כמאַרעס, אַז ער ענטפערט קוים אויף זייערע שלום־עליכמס. איך וואָלט קיין מאָל זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער טאַטע קאָן זיין אַזוי בייז. די אויגן ברענען ביי אים איצט ווי צוויי שטורקאַצן, און דאָס קול איז ביי אים אָנגעדראָלן.

* טאַץ.

— הערסט, דו, פאַלשעוויק, דו, דו, כל־שבכל, — גיט ער זיך אַ לאָז צו לייבלען נאָר ווי אויף דורס צו זיין אים, — איידער דו ברענגסט אַרויס דאָס וואָרט רעוואָלוציע אויף דיינע טריפהנע ליפּן, מעגסטו זיך פריִער צען מאָל אויסשווענקען דיין דבר־אַחריש מויל.

אַ רגע דוכט מיר, אַז ס׳ברינזלען אין דער לופט פונקען פון צאָרן. נאָר גוט, וואָס הערש דאַמבראָוויצער לייגט זיך אַריין אין שלום.

— הערסט, יאָסל, פאָלג מיך, קאָך זיך נישט אויף, — וואַקסט ער אויס צווישן טאַטן און לייבלען, — עס שטייט דאָך געשריבן ביי אונדז אין די הייליקע ספרים: מי שקיים נפש אחת מישראל. סע הייסט, ווער סע דערלאַנגט אַ פאַסקודניאַק אַ קני אין אַ ווי הייסט מען דאָס... איז פטור פון אַלע זינד.

—איז זאָג אים, — גיט דער טאַטע אַ פאַרשאַר דעם שמייכל פון זיינע ליפּן, — ער זאָל זיך שוין פאַרנעמען מיט זיין הינטיש געביין און פרעסן און זשלאָקען אַליין, אַניט...

אָבער דאָס וויטערדיקע דערזאָגט שוין נישט דער טאַטע, ווייל לייבל זייטיקט זיך שוין אַרויס פונעם געראַנדל מיט זיין קרום־קיילעכדיק געגגל. עפּעס קריכט ער אַוועק מיט אַזעלכע שאַר־טריטעלעך און ווערט מיט אַ מאָל ווי גאָלע פּלייצע, גלייך עס וואָלט רעגענען אויף אים מיט פּעך און שוועבל.

עס טוט מיר אַזוי הנאה, וואָס מע האָט אים משלח געווען, אַז סע פאַרגלוסט זיך מיר אַזש נאָכקרימען זיין דרעפּטשענדיק געגגל. נאָר איך קיל מיר אָפּ דאָס האַרץ מיט אַ קללה, מיט וועלכער אונדזער רבי באַ־גלייט אַלע ווייסע חברהניקעס און ״שמינדרעבעגעצן״: ״זאָלסט אַהין נישט דערגיין און קריק נישט דערקומען״.

נאָר למאי לייקענען, מילא דער ווין, ווי דער ווין, נאָר נאָך די אייערבייגל טוט מיר האַרציק באַנג. שייך צו זאָגן, עס הייבט מיר אַזש אָן צו נאָיען אונטערן לעפּעלע. אויך רבקהלע, זע איך, באַלעקט אירע טרוקענע ליפּעלעך. זי ווייסט נעבעך אויך, וואָס ס׳איז גוט. אָבער אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע. דערפילט, אַז ס׳איז אונדז געוואָרן קאַלעמוטנע

אין די מיילעכלעך, כאַפּט זי זיך אַריין אין שטוב און ברענגט אונדז אַרויס צוויי אָפּגעפּרישטע מאַמעליגע־פּלעצלעך.

— האַלט זיי, קינדערלעך, אַ ביסל אויף דער זון, וועלן זיי ווערן אייערדיק, ווייל גער זענען זיי שוין, — שמייכלט די מאַמע דורך טרערן.

גוט כאַטש, וואָס משה־אהרן און פּעדקע קאָוועל זענען אויך נישט געקומען מיט ליידיקע הענט. כ׳זע ווי זיי שטעלן אַוועק אויפן טיש צוויי פלעשלעך מיט ווייסן ווייַן. משה־אהרן האָט אַפילו מיטגעבראַכט אַ קעזל.

— אמת, — פאַרענטפערט ער זיך, — ס׳איז נישט אַזאַ וואָזשנע קעזל, ס׳איז מער געמאַכט מיט שכל, ווי מיט שמאַלץ. ווייל אַנומלטן האָט זיך אַריינגעכאַפּט ישראל־בערס נגידישער הונט און האָט חתונה געמאַכט די פּלוסטערן.

דאָס קעזל האָט עפּעס אַ מין מיתה־משונה־קאָליר. דאָך צעשניידט עס די מאַמע און איז מכבד די געסט און אונדז ביידע. גוט האָט זי געטאָן, די מאַמע מיינע, מע טאָר דאָך אָן אָרעמען מענטשן נישט מבייש זיין. קייען מיר עס, רבקהלע און איך, און קוקן זיך לאַכנדיק איבער. ווייל עס דוכט זיך אונדז, אַז מיר האָבן אַ פול מויל מיט קליאָטשע.

נאָר דער טאַטע רירט זיך נישט צו נישט צום קעזל און נישט צום ווייַן. דער טאַטע האָט זיך גענומען עפּעס אויסקלאָרן די געסט. און אין זיין אַרט רעדן פיל איך, אַז ער וויל מיט לייב און לעבן, אַז עס זאָל דערגיין צו זיי דאָס, וואָס סע קאָרטעט אים אַצינד. דער טאַטע רעדט סיי אין רוסיש, סיי אין יידיש. אין רוסיש, ווען ער דערציילט וועגן געהויבענע מלוכהשע און האָפערדיקע זאַכן, און אין יידיש, ווען ער מישט אויף די מגילה פון צרות און ווייטעקן. זאָגט אייך, וואָס איר ווילט, נאָר אין קיין שום לשון קרעכצט זיך נישט אַזוי פונעם האַרצן, ווי אין יידיש. דעם אמת געזאָגט, פאַרשטיי איך כמעט גאָרנישט, וואָס ער רעדט. אַזעלכע שפּאָגל נייע ווערטער, ווי מענשעוויק... באָלשעוויק... אוטשרעדיטיעלנע סאָבראַניע... דומע... קערענסקי... טשעכעידזע... דאָס לעצטע וואָרט דערמאָנט מיך אין עפּעס אַ צעצויגענעם קלעפּיקן פּלאַסטער.

איך וואָלט געקאָנט שווערן, אַז אויך הערש דאַמבראָוויצער באַנעמט נישט אַלץ, וואָס דער טאַטע דערציילט, מחמת ער קוקט אויף אים מיט

אַזעלכע אויגן, גלייך ווי דער טאַטע מײַנער וואָלט געװעדט לשון־טרובקע.

— איז הער זשע, יאָסל, כ׳וואָלט זיך פאַרט ווערן וויסן די אורזאַך פון דאַפאָן, — קראַצט זיך אַזש הערש פאַר נחת מיט אַ פינגער אין דער פאַטיליצע, גלייך ווי דאָרט וואָלט געווען די שאַצקאַמער פון זיין דייטש־מעריש לשון.

— וואָס פלעכסטו שטריק פון קלייען? — כעסט זיך די מאַמע אויף הערשן, ווייל זי טאַפּט אָן, אַז ער נעמט דעם טאַטן אויפן זיכער. — בעבעסט גלאַט אין דער וועלט אַריין. זע בעסער, אַז דאָס האַרץ זאָל טראַכטן לויטער, וועט במילא דער קאָפּ אויפהערן צו טשאַדען.

דער טאַטע נעמט עפּעס אַרויס אַ פּאַפּירל פון דער בוזעם־קעשענע מיט אַ רויט שטעמפּל אין מיטן און גיט עס לייענען הערשן, משה־אהרנען און פעדיען. דער טאַטע רופט אָן דאָס פּאַפּירל מיט אַ טשיקאַווען נאָמען — מאַנדאַט. פון זיינע רייד פאַרשטיי איך, אַז דאָס איז אַ מסוכן פּאַפּירל. סע קאָן אים איבער איין נאַכט מאַכן פאַר דעם עלטסטן אין פערליץ.

הערש נעמט דאָס פּאַפּירל אין דער האַנט, ער שטעלט זיך אויף און האַלט עס אַנטקעגן דער זון, גלייך ווי ער וואָלט וועלן דורכלויכטן די אותיות, סע זאָל אים זיין קלאָרער צום לייענען. דערנאָך טוט ער אָן אַ צערומפּלטע פּאָרברילן און טראָגט צו דאָס פּאַפּירל צו ערשט צו די אויגן, דערנאָך צו דער נאָז. באַשמעקט עס און באַטאַפּט עס פון אַלע זייטן. דרייט עס אַהין און אַהער. לסוף צופּט ער זיך אויס אַ האָר פונעם סיווע בערדל און שאַמקעט אַרויס אַ פאַרשעמטער:

— איך זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע, וואָס סע שרייבט זיך דאָרטן. אַז איך קאָן פאָרט נישט מוצא־פּויצע זיין קיין סאָלדאַטסקע רוסיש.

— דו הערסט, הערש, זאָלסט מיר מוחל זיין, ווי אַן אייגענער ברודער, נאָר נאָך איידער דו זינדיקסט, איז שוין גרייט ביי דיר די האַנט פאַרן על־חטא. איז נעכיי וואָלסטו זיך געשלאָגן אין דיין אייגן האַרץ, איז האָסטו זיך אָבער ליב צו שלאָגן אין אַ פרעמדס. אַמער וואָלסטו פון דער אָד־

ראַזע * געזאָגט, אַז דו האָסט נאָר געלערנט אין ספר פּראַלניק און נישט פאַרבלענדט די אויגן, — מוסרט אים די מאַמע.

— איך קען רעדן רישעש, אָבער לייענען אַזיאַסי, — פאַרכאַפּט משה־אהרן די נעץ פאַר די פּיש און פאַרשעמט זיך אַזוי, אַז די קלייען אויף זיין בלאַס פּנים ווערן שאַרלעך רויט.

— פּאַדאַווי סיודאַ, גיב אַהער ס׳פּאַפּירל, יאָסל, זעסטאַך, אַז זיי מאַכן דיר ביידע כאַלאַנציעס חשבונות, — שטרעקט אויס פעדקע קאָוועל זיין שווערע פאַרהאָרעוועטע האַנט. אַ פּאָר מינוט שמאָרעט ער, מיט זיינע פאַרסאַזשעטע נאָזלעכער. דאָס זענען זיי ביי אים אַזוי שוואַרץ פון שטענדיקן הוכקען אין די קוילן. מיט אַ מאָל גיט ער זיך אַ בלאָז אָן, ווי דער בלאָזזאַק פון זיין שמידעריי, און עס דוכט זיך מיר, אַז ער שטיקט זיך מיט יעדן וואָרט.

— סאָוויעט ראַבאָטשיך, קרעסטיאַנסקיך אי סאָלדאַטסקיך דיעפּוטאַ־טאָוו —

פאַלן אַראָפּ פון זיינע ליפּן מיט אַ סקריפּ אָט די ביימאָדישע ווערטער. דערנאָך דעכעט ער אָפּ שווער אוןווישט זיך מיט אַ געקווייטלטער פאַ־טשיילע די גרויסע טראָפּנס שווייס, וועלכע בלעזלען זיך אויף זיין שטערן.

— וואָס האָב איך געלערנט, פאַרשריגענע יאָרן מיינע, אין שקאָלע? אפשר דריי חדשים, אָבער, האַ, יאָסקע, כ׳האָב זיך נישט פאַרטשעפּעט? — קוקט ער זיגעריש צו הערשן און משה־אהרנען. — און איר האָט געסיוועט אין חדר אַזוי פיל זמנים און באַגראָבן געוואָרן דאָרטן ביים איילעך־מיילעך, קאַטשקע־דריילעך...

טאַטע־מאַמע לאַכן אויף אַ קול. אויך הערש און משה־אהרן פאַרלירן אַ שמייכל אין די וואָנצעס. דאָס טייען זיי אַלע אָן פון פעדיעס מחיהדיקן יידיש. חוץ דעם איז ער אַ מזג־טוב. אַלטע ווייבער ביי אונדז אין שטעטל זאָגן אויף אים, אַז ער קען זיין אַ גילגול פונעם גר־צדק.

---

* באַלד.

אָט אַ צדקת די מאַמע אונדזערע, כאַטש נעם און פאַרשרייב זי צווישן די אימהות. געזען, אַז פעדקע באַגיסט זיך מיט זיבן שווייסן, ביז ער בייסט איין אַ וואָרט, האָט זי קונציק אַרויסגעכאַפּט דאָס פּאַפּירל פון זיין האַנט און אַ ווונק געטאָן צום טאַטן, אַז ער זאָל עס מסביר זיין.

און אַך, פאַרמאָגן מיר אַ געלערנטן טאַטן! ער נעמט דאָס פּאַפּירל אין די הענט, לייענט און פאַרטייטשט, און עס גייט ביי אים קיין עין־הרע, ווי ביי מיר דאָס מעביר זיין פרייטיק די סדרה. אמת, די יאָרן, וואָס ער איז נישט געווען אין דער היים, האָבן גענומען זייערס. ער האָט זיך אָנט־וויינט פון יידיש. מחמת אַלע מאָל, ווען עס קומט צום פאַרטייטשן, פאַר־טשעפּעט ער זיך אין אַן אַנדער יידיש וואָרט, און דעמאָלט הייבט זיך אָן אונדזער מאַמע צו צאַפּלען און אים דערלאַנגען אַזעלכע שיינע, קיילע־כיקע ווערטער. איי, ווערטער, בליִענדיקע און דופטיקע, ווי רויזן, און געשמאַקע און זאַפטיקע, ווי מילגרוימען. דערביי פאָכעט זי מיט אירע מאָגערע הענט, גלייך זי וואָלט שווימען אין ים פון ווערטער, און רויטלט זיך, ווי אַ כלה־מיידל אונטער דער חופּה.

עס קומט מיר אויס, ווי זי וואָלט אים ווען אונטערשרויפן די צונג, דעם טאַטן, אַז דאָס אַרויסגעזאָגטע זאָל האָבן מער האַפט און כוח. איך פיל באַשיימפערלעך, אַז זי כאַפּט דעם הויך פון זיינע ליפּן.

אָבער דער טאַטע מיט אַ לאָז־מיך־געמאַך־מינע גיט אָנצוהערן דער מאַמען, אַז אַלע אירע שיינע, ווייכע, לאַשטשענדיקע ווערטער פאַסן זיך נישט אַהער צום רעשיקן נוסח פון דער רעוואָלוציע. דער טאַטע שיפּעט און קאָכט זיך. ער רעדט שוין מער רוסיש ווי יידיש. זעט אויס, אַז אויף רוסיש איז אים גרינגער צו כעסן זיך און אויסגיסן די גאַנצע באָד אויף דעם כל־שבכל, אויף דעם רוצח, דעם צורר־יהודים, דעם קייסער ניקאָלאַי.

— הייסט עס, יאָסל, אַז דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען ביז איצטער, איז נאָר אַ פאָרשפּיל? די אמתע חתונה קומט ערשט אונטער, — ברייעט אויס הערש דאָמבראָוויצער אויף זיין בדחנישן שטייגער.

—אָ־אָ, דאָ דאַרף מען זיך אונטערגאַרטלען. עס וועט נאָך זיין צו זינגען און צו זאָגן, — פּאָטאַקעוועט אים אונטער משה־אהרן.

מײַן טאַטע איז איצט העכער און שענער געוואָרן. ער רעדט מיט אַזאַ ברען, גלײַך ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געוועז בײַ דער צונג. און עפּעס האָט יעדעס וואָרט בײַ אים אַ מין, אַ היגטערמיין. עס קומט אויס לויט זײַנע רייד, אַז אויב ער, די מאַמע, הערש, פּעדקע, משה־אהרן און מילי־מיליאַסן אַזעלכע ווי זיי זאָלן פאַרשטיין און ווען און טוען, ווי די סאָציאַליסטן הייסן, וואָלט געווען אַ גן־עדן אויף דער ערד.

די מאַמע פאַרדערעט דעם קאָפּ מיט אירע שײַנע פאַרפלאָכטענע צעפּ און קוקט צום טאַטן אַ פאַרגאַפטע. זי קער אים איצט פאַרגלײַכן צו די העלדישע ריטער פון אירע ראָמאַנען, וואָס נאָך אומצאָליקע וואָגלענישן, שטרויכלונגען און ראַנגלענישן מיט פאַרשידענע שאַלקהאַפטיקע לײַט, בייזע גייסטער און סתם מערדער ראַטעווען זיי אַרויס די אָרעמע יתומה, די קינפטיקע בת־מלכה פון די רויבערישע הענט פון אירע באַטריגער.

און פאַר נאַכט, ווען איך מיט רבקהלען קערן זיך אום אַהיים, נאָך אַרומוואַיעווען אַ גוטע פּאָר שעה אויפן גילדענעם באַרג, זענען זיך שוין די געסט צעגאַנגען. אויפן טיש גלינצערן נאָר די ליידיקע פלעשלעך און גלעזלעך. עס צווירקען נאָך רעשיק די שוועלבעלעך און פּיקן די ברעקלעך, וואָס זענען פאַרבליבן נאָך דעם סומנע קעזל און די האַרטע מאַמע־ליגע־פּלעצלעך. דאָס כאַפּן זיי איבער פאַרן גיין שלאָפן אויף אונדזער קאַרשנביימל.

טאַטע־מאַמע זיצן שווייגנדיקע און באַדאַכטע אונטערן קאַרשנבוים. דער טאַטע שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אין דער מאַמעס אַקסל, ווי אַן אָנלען. ער זעט מיר אויס איצטער נאָר ווי שמשון הגיבור, ווען ער האָט אָוועקגעלייגט זײַן לייבישע גריווע אויף דלילהס פאָדעלעק. און ווען כ׳שעם מיך נישט, וואָלט איך זאָגן דער מאַמען, זי זאָל זיך נישט דערוועגן אויסרייסן דעם טאַטנס גראָווע האָר, ווי זי טוט עס איצט, ווייל אין זיי איז זײַן גאַנצע גבורה. איז גלעט זי, די מאַמע, דעם טאַטנס קאָפּ, צעזייט אין דער לופטן זײַנע גראָווע האָר, און דערבײַ כליפּעט זי. און איך ווייס נישט, צי זי וויינט פון גרויס נחת, צי פון קלעמעניש.

די וועסנע־נאַכט הילט זיי איין_ביידע און פאַרשפּינט זיי מיט אירע כישוף־פעדעם. אין דער פינצטער זע איך קוים זייערע פּנימער און דער מאַמעס טרערן. דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוווּסט, פאַר וואָס זי וויינט. אָבער אַז כ׳בין עלטער געוואָרן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זי אַזוי פיל טרערן פאַרגאָסן, וואָס גראָד איר אויסגעבענקטער מאַן האָט זוכה געווען צו זיין דער שליח פון דער גאולה אין איר צעלט.

# „עלע... מעלע... יאָסטע... –
# וויפל פייגל האָסטו?"

דער טאַטע האָט ליב געהאַט די מאַמע, די מאַמע האָט ליב געהאַט דעם טאַטן, און זיי ביידע האָבן ליב געהאַט זייערע קינדער: מיין שוועסטערל פערעלע און מיך. דער טאַטע פלעגט אַוועקזעצן פערעלען אויף זיין רעכטער קני, די מאַמע פלעגט מיך אַוועקזעצן אויף איר לינקער קני. די מאַמע פלעגט קוקן מיט פאַרליבטע אויגן אויפן טאַטן און זיך צעזינגען מיט אַזעלכע ווייכע האַרציקע טרעלן:

עלע... מעלע... יאָסטע —

וויפל פייגל האָסטו?

און דער טאַטע פלעגט ענטפערן זינגענדיק:

פייגל האָבן מיר צוויי,

מיר זאָלן זיין פאַר זיי.

גיי ווייס, אַז אָט דער האַרציקער טאַטע־מאַמע־ניגון, וואָס האָט געדרימלט אין מיר אַזוי פיל יאָרן, וועט מיר קומען אויפן זינען אין אָט דער פאַרוואָרפענער שטאָט אורגענטש אין גליאיקן זומערדיקן בייטאָג פונעם מלחמה־יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און פערציק, ווען די זון שיט מיט פייער.

אפשר האָב איך מיך דערמאָנט אין דעם ניגון, ווייל דער קאָפּ מיינער, וועלכן די מאַמע האָט אַמאָל אַזוי געגלעט און אויסגעקושט יעדעס האָרעלע

באַזונדער, איז געווען איצט פֿאַרבונדן מיט אַ פֿאַרבלוטיקטער מאַרלע. און די פּיס מײַנע, וועלכע די מאַמע האָט אַזוי פֿיל מאָל באַזונגען און באַוואַשן אי מיט וואַסער, אי מיט טרערן, זענען איצט געווען צעקראַצטע, צע־שראַמטע, פֿאַרברודיקטע און מידע. און דער ניגון, גלײַב איך, איז געקו־מען עפּעס ווי אַ מין פֿאַרגײַטיקונג און טרייסט פֿאַר די אַלע יסורים מײַנע.

דער אוזבעק, דער זאַווכאָז (ווירטשאַפֿטלעכער פֿאַרוואַלטער) פֿונעם „אַבלאַנאַ" (געגנט־בילדונג־אָפּטייל), דער מכניס־אורח אונדזערער האָט, זעט אויס, אָראָפּגעלייענט פֿון מײַן פֿאַרחושכט און פֿאַרמחשבהט פּנים, וואָס סע קאָרעט מיך איצטער, מחמת ער האָט זיך עפּעס מיט אַ מאָל אַזוי גוט־ברודעריש אַ לאָז געטאָן צו מיר, ווי מײַנער אַ לאַנגסטיקער קרוב און גענומען מיך פֿאַרשיטן מיט פֿראַגן, גלײַך ווי פֿונעם אַרבל אַרויס:

— קאַק פֿאַמיליאַ טי גאָראָדאַ בודיעש? — פֿרעגט ער מיך אויף זײַן קוידערוועלש־לשון. און בשעת מעשה שמייכלט ער אַ צופֿרידענער, קענ־טיק, אַז ער קוועלט זייער אָן פֿון זײַן שאַרפֿן רוסיש. דערנאָך שטעלט ער אָן אויף מיר זײַנע גרויסע שוואַרצע שמייכלענדיקע אויגן, ווי אײַנער זאָגט: האָסטו עס גוט צעקײַעט?

שייך צו זאָגן צעקײַעט. איך האָב אים פֿאַרשטאַנען אויפֿן ווונק. סע דאַרף הייסן אַזוי: פֿון וועלכער שטאָט בין איך? אַ מין אוזבעקישער — מאַין בואך?

— קישעניאָוו — ענטפֿער איך אים.

ס'איז אים, מײַן אוזבעק, זעט אויס, ווייניק אָט דער קורצער מידער ענטפֿער מײַנער, אַ סימן ער שמאָרעט מיט דער נאָז און רוקט זיך אַרונ־טער אונטער דער צונג אַ בלעטל טוטין, וואָס ער קײַעט געשמאַק. זעט אויס, אַז ער טראַכט, ער וויל זיך אַפּנים דערבײַוועגן בײַ מיר צום שורש. און ער גיט טאַקע ווײַטער אַ פֿרעג:

— אַ, קישעניאָוו עטאָט, גדיע בודיעש? סע הייסט, ווו שפּאַרט ערגעץ אָן אָט דער קישעניאָוו דײַנער?

— בעסאַראַביע — ענטפֿער איך.

— אַ, בעסאַראַביע, יאַ זנאַיעש בודיעש, עטאַ מאָסקווא טרידצאַט קילאָמעטער בודיעש! — רײַבט ער זיך אַ צופֿרײַלעכטער זײַנע פֿאַר־

ברוינטע הענט. דאָס קלייבט ער אַזוי נחת פון זיך, וואָס ער איז אַזאַ גרויסער בקי אין געאָגראַפיע, און ווייסט אַפילו אַזאַ „קליינינקייט״, אַז קישעניאָוו איז... אַ שפּאַן וועגס פון מאָסקווע...

און כדי נישט צו לאָזן ביי מיר קיין שאָטן פון צווייפל אין זיינע אַלוויסיקע געאָגראַפיע־קענטעניש, גיט ער אַ גיכן שפּאַן צו מיר, כאַפּט אַריין מיין פאַרמאַטערטע האַנט אין זיינער און טרייסלט זי אַ גוטע פּאָר מינוט:

— מי געאָגראַפּפיו זנאַיעם — לאַכט ער מיר אַריין גלייך אין פּנים אַריין. סע דאַרף הייסן, אַז געאָגראַפיע קען ער גוט.

בפירוש אַ גוטער מענטש, אָט דער אוזבעק מיינער, אַקראַם כאָדזשאַ־יעוו. אַ סימן, אָט נעמט ער אָן מיין באַשערטע מרימל מיט איין האַנט און מיין טעכטערל בלימעלע מיט דער צווייטער האַנט, און מיט אַזאַ מין בהרחבההדיקער מינע זעצט ער זיי ביידע אַוועק אין שאָטן פון אַ ברייט־צעצווייגטן און געדיכטן עפּלבוים און שיט זיי אָן אַ פולן פאַדעלעק מיט קישמיש (געטרוקנטע וויינטרויבן) און ווינטשט זיי אויף זיין חצי־רוסיש און פּאַלאָווינע אוזבעקיש, זיי זאָלן עסן געזונטערהייט. פון צייט צו צייט כאַפּט ער אַרויס פון זייערע פאַדעלקעס אַ פייג אָדער אַ פּאָר ראָזשינקעס, כראָמטשעט געשמאַק, לעקט זיך אָפּ די פינגער, גלעט זיך אַ נחתדיקער זיין פּעכקע בערדל, און טשמאָקעט מיט די ליפּן, ווינקנדיק צו זיי:

— אַ! אַ! יאַקשי? אַ, אַ, מאַזאַלי? סע הייסט: אַ יאָ, סע איז גע־שמאַק?... אַ יאָ, סע איז זיס?

— זיס, וואָס זיסער קאָן גאָרנישט זיין!... מעדני מלך... — ענטפערט אים מיין מרימל חצי־רוסיש, חצי־יידיש און שמייכלט צו אים מיט אַ פול מויל מיט ראָזשינקעס.

ער, אַקראַם, איז אַ וויל־דערצויגענער, אַ העפלעכער. ער באַשיט מיין ווייב מיט קאָמפּלימענטן, אַזוי אַז זי הייבט זיך אַזש אָן צו רויטלען ווי אַ כלה־מויד. ער פאַרגעסט מיך אויך נישט צו פאַרזיסן מיט אַ גוט וואָרט:

— טוואָיאַ זשינאַ טשיראַילי כאָטיט, דזשאַידאַ כאַשראַי — סע הייסט, אַז מיין באַשערטע איז אַ קראַסאַוויצע, אַ גאַנצע יפת־תואר.

איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך קען שוין דעם אוזבעק מכמה וכמה יאָרן, אָ, אָ, איך דערמאָן מיך שוין. ער איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך אויף ישמעאלן, אברהם אבינו׳ס קעפּס־ווייבס זון פון דער אַלטער לאָפּושנער הגדה של פּסח... נישט מער, יענער האָט געטראָגן אַ מין טער־קישן טשורבאַן אויפן קאָפּ, און דער טראָגט אויף זיין קעפּעלע, וואָס איז קיילעכיק ווי אַ קירבעסל, אַ מין אוזבעקיש געקווייטלט מיצל, וועלכעס מע רופט דאָ אָן מיט אַ שיינעם חנעוודיקן נאָמען — טיובעטייקע.

מיט אַ מאָל ווערט ער, אַקראַם, ערגעץ אַנטרינען, עפּעס טאַקע נאָר ווי אויסגערונען... זוכן מיר אים שוין אין דרייען — מרימל, איך און מיין טעכטערל. און מיר טראַכטן איבער אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר איז ער, חס וחלילה, ברוגז געוואָרן אויף אונדז, וואָס מיר האָבן זיך אַזוי גיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט זיין שיינעם כיבוד, מיטן קישמיש... מן־הסתם, טראַכטן מיר, האָט מען געדאַרפט עסן פּאַמעלעכער מיט ישוב־הדעת, אַז ער, אַקראַם, זאָל טאַקע זען, אַז מיר זענען אַנשטענדיקע, גוט־דערצויגענע מענטשן און נישט קיין פאַרפאַלענע זולל־וסובאניקעס.

די חמימה ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אַזש סע הייבט אונדז אָן צו קרעלן אין האַלדז. איבער אונדזערע קעפּ הענגט אַ קופּערנער, אויס־געשייערטער הימל, עפּעס גאָר טאַקע ווי אָן אויסגעגליטער. קיין סימן פון קיין וואָלקנדל, קיין שפּור פון קיין ווינטעלע.

— שאַט נאָר, שאַט, דער מחותן גייט!... דאַנקען גאָט, דער שאָדן האָט זיך שוין אָפּגעזוכט! — זאָגט מיר אָן מרימל די גוטע בשורה מיט אַ פריידיק קול. יאָ, טאַקע ער איז עס, אונדזער אַקראַם! ס׳איז ליב צו קוקן ווי ער שפּאַנט עס מיט אַזאַ חשיבותדיק גענגל. דער געקווייטלטער כאַלאַט זיינער טעלעבענדעט זיך אים צווישן די פיס און אונטערן אָרעם פירט ער אַ קליינוואַקסיק, איינגעשרומפּן פאַרשוינדל.

נאָך אַ רגע, און ער שטייט שוין נעבן אונדז, אַ צעלויכטענער, אַ פריילעכער, גלייך ווי ער וואָלט געהאַט אָנצוזאָגן אַ מי־יודע גרויסע בשורה דער וועלט.

— וואָט עטאָ טאָזשע יאַברעי — ווייזט ער אָן אויף דעם פאַרשוינדל

— טי בעסאַראַביע. אָן פּאָלסקי. טי יעמו סאַלאַם אַלייקום. — אָן טעביע אַלייקום סאַלאַם. מאָיאַ טוואָיאַ לוביש בודיעש.

ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַקראַם כאָדזשאַיעוו וויל אונדז אַלץ זיסער מאַכן דאָס לעבן. והראיה — אָט האָט ער געבראַכט צו טראָגן פון ערגעץ ווו אָט דאָס קוואַרע, דאַרע פּוילישע יידל, מיט דער פאַרשמאַלצע־וואַטער קאָנפעדעראַטקע אויפן קאָפּ, און געקעסטלטע פאַרלאַטעטע הויזן און מיט לעטשלעך אויף די פיס. איצט וואַרט ער, דער מכניס־אורח אונ־דזערער, מיר זאָלן זיך איינער דעם צווייטן אָפּגעבן דעם גרויסן שלום־עליכם און טאַקע פון הייַנט אָן און ווייטער זיך אָנהייבן ליבן און שעצן ווי עס פּאַסט פאַר ברידער פון איין שטאַם.

עפּעס האָט ער זיך מאָדנע אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, אַקראַם, און נישט ער זיצט און נישט ער שטייט, גלייך ער וואָלט זיך צו עפּעס מכין זיין. נישט מער, ער נעמט נישט אַראָפּ פון אונדז זיינע ברענענדיקע אויגן. מע זעט, ער חלשט, ער צאַפּלט זיך, ער וויל שוין זען עפּעס ממשותדיקס.

— פון וואַנען איז אַ ייד? — גיב איך מיך ברייט אַ לאָז צו דעם מיט שטויב פאַרפּראָשעטן נייעם באַקאַנטן.

— און אַז אַ ייד איז פון קוטנע, איז אייך שוין גוט? — שטרעקט אויס דער ניי־געקומענער אַ שלאָבעריקע, שוואַכע האַנט, ווי אַן אָפּגע־בראָכענע צווייג.

— הערסט, מרימל, זיי זענען פון קוטנע, פון שלום אַשס שטעטל! — ווער איך מיט אַ מאָל ווי עפּעס אויפגעהייטערטער און באַקום אָפּשיי פאַר דעם יידן.

— אַזוי גאָר, אַ בעסאַראַבער און ווייסט נישט נאָר ווער שלום אַש איז, נאָר אַפילו ווו ער איז געבוירן געוואָרן!... איי, איי, וואָס סע פאַר־לויפט זיך אויף דער וועלט. אַ דאַנק דעם, וואָס לעבט אייביק, פאַר אָט דער באַגעגעניש. לאָזט מיך מאַכן אַ ברכה איבער אייך! — ציטערן די ליפּן ביים פּוילישן יידן.

אַ רגע דוכט מיר, אַז ער טרייבט קאַטאָוועס איבער אונדז. אָבער מיט אַ מאָל זע איך, ווי ער וואַשט אָפּ אויף גיך די הענט אין דעם מוטנעם

האַלב־אויסגעטריקנטן אַריק (אַ באַוואַסערונגס־קאַנאַל). ווישט זיך אויס מיט אַ ברודיקער פאַטשיילע אי דעם שטויב, אי די טרערן, דרייט זיך אום מיטן פּנים קיין מזרח און מורמלט מיט אַן עצבותדיקן ניגון עפּעס אין דער שטיל...

— זאָגט איר, אַז איר קענט מיין בן־עיר שלום אַש ? — וואַרפט ער פּאַר גרויס פרייד אַראָפּ דעם ראָק. — סע קען דאָך אים אַ גאַנצענע וועלט. ווי אין פּסוק שטייט געשריבן כבודו מלא כל הארץ. און איך, ווי איר זעט מיך, האָב אַפילו געקענט זיין מאַמען, מלכה האָט זי געהייסן!... אַ ,יאָ, סע איז נישט צו גלייבן — ווערט ביי אים דאָס קול געבראָכענער, געשפּאָל־טענער. — איי, איז דאָס געווען אַ מלכה. אַן אמתע שרה בת טובים. זיי האָבן געוווינט די דריטע שטוב פון אונדז. פלעגט מיך מיין מאַמעשי שיקן אַנט־לייען ביי זיי אַ בעקעלע, אַ ריבאייזן. פלעגט זי מיך אָוועקזעצן אויף אַ בענקעלע. מיר אויסגלעטן די פּאהלעך און מיך מכבד זיין מיט שבת־אויבס. איי, איי, — ברעכט ער די אויסגעדרייוועטע הענט זיינע — ווען איר זעט אונדז דעמאָלט.

ער רעדט האַסטיק גיך און די ווערטער שפּאַרן זיך פון זיין קעל. אַלע מאָל פאַרהאַקט זיך אים דער אָטעם און ער כאַפּט אַרויס פון דער קעשענע די ברודיקע פאַטשיילע און ווישט אָפּ די גרויסע טראָפּנס שוויס, וואָס רינען אים אַראָפּ פונעם געררונצלטן שטערן גלייך אין מויל אַריין.

אַקראַם שפּרינגט אויף אימפּעטיק פונעם אָרט, קענטיק, אַז אונדזער שמועס האָט אים צעוואָרעמט. ער כאַפּט אונדז ביידע אָן פאַר די הענט, טרייסלט זיי לאַנג, פּאָכעט מיט די פאַרביקע פּאָלעס פון זיין כאַלאַט און הערט נישט אויף צו דברן:

— יאָקשי בראַט, דאַ? טי יעוואָ ליוביש בודיעש ? — קוקט ער אונדז גלייך אין די אויגן אַריין — ומיעסטע ראַבאָטאַיעם. ומיעסטע נאָן קושאַיעם. ומיעסטע ספּים. — ער, אַקראַם, איז מלא גדולה, וואָס סע האָבן זיך גע־טראָפן אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם קאַנט כאַרעזם צוויי ווייטע ברידער, וועלכע וועלן טיילן אין איינעם זייער געלעגער, זייער ברויט און די פּרוכט פון זייער מי. אויגנבליקלעך פאַרשווינדט ער און קערט זיך אום

מיט אַ קליין אייזעלע, אַ באַצירטס מיט פאַרביקע טרעלדעלעך, אַקוראַט אַזוי באַצירט, ווי אין מאָלדאַוויע די פערד אויף אַ דאָרפישער חתונה.

— וואָינאַ יעסט, מאַשינאַ ניעטו! בערבלוד טאַשקענט פאַכטאַ פאַשאָל... אישאַק יעסט, אישאַק פאָיעדעם... — פאַרלייגט ער, דער אוזבעק, די הענט אויפן האַרצן גלייך ווי ער וואָלט בעטן מחילה ביי אונדז. דאָס אַנטשולדיקט ער זיך, וואָס סע איז אַ מלחמה אויף דער וועלט. און קיין אויטאָס זענען נישטאָ. און דאָס קעמל אַ באַלאָדנס מיט בוימוואָל איז אַוועק קיין טאַשקענט. בלייבט, אַז מיר וועלן פאָרן אין אונדזער נייעם מקום־מנוחה כאַנקי, רייטנדיק אויף דעם אייזל.

ער טרייסט אונדז, אַקראַם, איז זי איז נישט ווייט אונדזער נייע היים. ער הייבט אויף די האַנט אין דער הייך, סע הייסט אַ בערגל אַרויף, דער־נאָך לאָזט ער זי אַראָפּ. סע הייסט אַ בערגל אַראָפּ. זעקס מאָל הייבט ער אויף די הענט, און זעקס מאָל לאָזט ער זיי אַראָפּ, סע הייסט, אַז בסך־הכל האָבן מיר ביז כאַנקי זעקס בערגלעך אַרויף און זעקס בערגלעך אַראָפּ. און דערנאָך — שטרעקט ער אויס ביידע הענט אין דער לענג — האָבן מיר אַ טאָל. און אין טאָל איז אונדזער ישוב. — אי טאַמאַן באַלדע — שמייכלט ער אַ צופרידענער. סע הייסט, און אַ סוף צו אונדזערע וואָגלע־נישן. מיט איין וואָרט — ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

— געווען וואַרשע, געווען ווילנע, געווען קישעניעוו און איצט איז גאָר געבליבן כאַנקי — העשעט דער קוטנער ייד און ווישט אויס בגנבה אַ טרער פון אויג.

אָבער פּאַר אַקראַמען בלייבט גאָרנישט פאַרבאָרגן. עס טוט אים אַפּנים וויי דאָס האַרץ, וואָס דער ייד וויינט און ער רעדט אַריין אין אים מיט אַלע זיינע אברים: נעמען אוטשון יאַגלאַיסיז? סע הייסט, פּאַר וואָס קלאָגסטו אַזוי יאָמערלעך, ייד? — פפאַשיסט יאַמאַן. ווי איינער זאָגט: האָסט זיך געראַטעוועט פון די פאַשיסטישע הענט, איז האָב בטחון, חבר, אַז דיין מזל וועט נאָך אַ שיין טאָן.

מרימל רוימט מיר איין אַ סוד אין אויער, איך זאָל איידל אַ בעט טאָן דעם ייד פון קוטנע, ער זאָל זיך מרחם זיין אויפן קינד און אויפהערן וויינען. וואָרעם אונדזער בלימעלע, אַז זי וועט וויינען, כליפּעט זי אַ טאָג

מיט אַ נאַכט. און אַליין ווישט זיך מיין ווייב אויס די טרערן, ווייל מאַמעס מעגן וויינען. אויף דערויף זענען זיי מאַמעס.

אַקראַם ברענגט אַרויס פון זיין סקלאַד צוויי גרינע מיצלעך און אַ פּאָר אַ ביסל אָפּגעבליאַקעוועטע כאַלאַטן און פאַרפוצט אונדז ביידע, מיך מיט דעם קוטנער יידן. אויך אין מרימל פאַרגעסט ער נישט און זי כאַניעט זיך אין אַ געקווייטלטן כאַרעזמער איבערציִער.

איך קוק אויף זיך און אויף דעם קוטנער יידן און טראַכט, אַז מיר זעען אויס ווי אמתע פּורים־שפּילער. ביי מיר זיצט דאָס מיצ׳ל אויפן שפּיץ קאָפּ, זע איך אויס ווי אַ וואָלעכישער אַחשוורוש, דאַקעגןביים קוטנער יידן זעט מען נאָר אַרויס פון אונטערן מיצל די בלייכע, בייניקע נאָז. אַזוי האָט געקאָנט אויסזען מרדכי פון דער מגילה, ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן גזירות אויף יידן.

ער איז אַ מאַדים, כאַדזשאַיעוו. אַט שיט ער אָן מיין בלימעלען צוויי פולע זשמעניעלעך קישמיש און פירט זי צום אייזל, זי זאָל עס קאָרמען. דאָס נעמלעכע הייסט ער טאָן מיר, מיין ווייב און דעם קוטנער. סע איז אונדז אַוודאי אַ שאָד אָט די געשמאַקע פּירות אָוועקצוגעבן דעם אייזל, ווען מיר אַליין זענען גרויסע בעלנים אויף זיי, נאָר אַ ברירה האָבן מיר, ער איז דאָך אונדזער מורה־דרך. פאָלגן מיר אים אין אַלעמען.

ער טייעט אָן, כאַדזשאַיעוו, וואָס דאָס אייזל בריקעוועט זיך נישט און קייעט געשמאַק דעם קישמיש מיט וועלכן מיר זענען אים מכבד, מיט דער פולער האַנט.

כאַדזשאַיעוו הייסט מיר נעמען דאָס אָפּגעריבענע רענצל אונדזערס אין איין האַנט, און מיט דער צווייטער האַנט אָננעמען דאָס אייזל ביים ציימל. דעם קוטנער גיט ער מיט אין וועג אַ גרויסן פּעכער, ער זאָל פאַר־טרייבן די פליגן־מזיקים, וואָס בייסן אָן רחמנות סיי מענטשן, סיי חיות. בלימעלען נעמט ער רחמימדיק אויף די הענט און מרימלען זעצט ער אַוועק גאָר ברייט אויפן אייזלס רוקן.

איך קוק ווי כאַדזשאַיעוו האַוועט אַרום מייַנער און מאַדנע רעיונות און געדאַכטענישן הייבן אָן צו בלאָנקען אין מיין צעהיצטן מוח. אַ מעשה מיט אַ קאַמיעניעץ־פּאָדאָלסקער ווייבל וואָס אַ קאַזאַך האָט זי ביי נאַכט

אַרויסגעגנבעט פון אַן עשעלאָן. אמת, דערנאָך האָבן בייזע צינגער געזאָגט, אַז נישט ער האָט זי געגנבעט, נאָר זי האָט זיך אַליין געלאָזט גנבענען. אַ מעשה מיט אַ בעסאַראַבער מיידל, וואָס איז אַנטלאָפן מיט אַ טשעטשען קיין טשימקענט.

אָבער כאַדזשאַיעוו לאָזט מיך נישט לאַנג טראַכטן און פאַרדאַכטן. ער גיט מיך ברודעריש אַ טאָרקע און רוימט מיר איין אַ סוד אין אויער:

— טוואָיאַ זשינאַ... אישאַק סידיש... גאַמזום סידיש... פאָטאָמו — קלאַפּט ער זיך אין בויך — קיטשינקי טעי באַראַנטשוק יעסט...

סע הייסט, ער טוט מיר צו וויסן, אַז דעם גאַנצן וועג זאָל מיין מרימל רייטן אויפן אייזל און זיך נישט דערוועגן צו גיין צו פוס, ווייל זי האָט אַ קינד אין בויך...

זעט נאָר, זעט, וואָס איז געשען מיטן קוטנער יידן? ער איז פאַרביי. ער פאַרגייט זיך אין געלעכטער; ער הייבט אַזש אָן צו קרייען. דער פּעכער באַמבלט זיך אים שוין אינעם אַרבל פונעם כאַלאַט.

— עטץ הערט מיך אויס — הערט ער נישט אויף צו קייכן. — פרעגט מיך בחרם, צי איך האָב געזען, אַז אייער ווייבל איז, קיין עין־הרע, אויף דער צייט. פאַרקערט, איך האָב גאָר געהאַט אויף איר פאַריבל, וואָס זי רייט ווי אַ פריצטע אויפן אייזל און אייך לאָזט זי גיין צו פוס נאָך מיטן רענצל אין דער האַנט. איז דאַרף מען מיר נישט געבן קייען שטרוי, האַ, וואָס זאָגט איר?

די זון טשמעליעט אין קאָפּ, די צונג טרעשטשעט אין מויל. עס פלאָנטערן זיך די מידע פיס, נאָר מיר גייען און גייען. פון מידקייט הייבן זיך מיר אָן צו קלעפּן די אויגן. איך שפּאַן אַ האַלב־פאַרשלאָפענער און אין שלומערנדיקן דרעמל זע איך: בעסאַראַבער גרינע פעלדער... לויטערע קוועלעכלעך... בליִענדיקע סעדער...

ווען די צונטער־רויטע כאַרעזמער זון נידערט אַראָפּ צום טייך אַמו־דאַריע, רוען מיר אָפּ אויפן דריטן בערגל. מיר שפּרייטן אויס אונדזערע אוזבעקישע טענדע־ווערענדעס אויף דער ערד און מיר פּראַווען די סעודה.

דער קוטנער שלעפּט אַרויס פון טאָרבע אַ געדרויכערט פישל, אַ פּאָר פאַרדאַרטע סעכערלעך און אַ באַנקעלע כריין — אַלץ, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן פון זיין טרוקענעם פּאַיאָק. מרימל נעמט אַרויס פונעם רענצל צוויי האַרטע בייגל און אַ קאַווענדל, וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט ערגעץ אויף אַ קאַזאַכישער סטאַנציע. אמת, סע איז נאָך אַ גרינלעכס, אָבער סע האָט איין גרויסע מעלה, סע דערמאָנט די בעסאַראַבער, רויטע פליישיקע אַרבוזן.

כאַדזשאַיעוו שלעפּט אויך אַרויס פון זיינע טיפע קעשענעס עטלעכע שוואַרצע לעפּיאָשקעס, און שמייכלט צו אונדז:

— ווי פּאָקושאַיעם, אַ מי פּאַידיאָם... סע הייסט, איר לענט זיך אונ־טער דאָס האַרץ און מיר איז שוין צייט זיך אומצוקערן אַהיים. ער ווייזט אונדז אַזוי קונציק מיט די פינגער, אַז ער פאַרמאָגט זיינס אייגנס אַ מאַמע און אַ שוויגער, און אַ ווייב מיט אַכט קינדערלעך. און אַלע זענען זיי קליי־נינקע און שייניגקע. און כדי מיר זאָלן נישט האָבן קיין עגמת־נפש, וואָס מיר בלייבן אויף אונדזער אייגענעם באַראָט, באַרויִקט ער אונדז:

— אישאַק דאָראָגאַ זנאַיעש... יאַקשי...

סע הייסט, דאָס אייזעלע קען גוט דעם וועג, אַזוי, אַז איר וועט נישט בלאָנדזשען.

מיר שפּאַנען אַלץ ווייטער און ווייטער... מיר, פיר פאַרשווינען און דאָס אייזל. זעט אויס, אַז דעם קוטנער דוכט זיך אַלץ, אַז אָט־אָט דרעמל איך איין, מחמת אַלע מאָל מונטערט ער מיך:

— איר ווייסט כאַטש, חברל, אַז איר זענט אַ זוכה בגורל! — שרייט ער אַריבער צו מיר איבערן אייזלס קאָפּ, פּאָכנדיק בשעת מעשה מיטן פּעכער אַזוי, אַז איך ווייס נישט, צי ער פאַרטרייבט די בייזע פליגן, צי די בייזע מחשבות — איר האָט קיין עין־הרע, אַ ווייב מיט אַ טעכטערל, און אין גיכן אַ...

איך פרעג אים נישט אויף זיין פרוי און קינדער. איך ווייס, אַז אין אַזאַ צייט טאָר מען נישט פרעגן.

איך קוק אויף מרימלס בויך און כאַפּ מיך, אַז איך, זינדיקער מענטש, קוועל גאָר אָן וואָס מיין אויסדערוויילטע וועט מיר געבוירן אַ יורש. זי האָט שוין אַפילו פאַר אים זייער אַ שיינעם נאָמען — שלום!

*

דערנאָך האָבן מיר גאַנצע פיר יאָר, הונגעריקע און פאַרליבטע, איך מיט בלימעלען אויף דער רעכטער קני און מרימל מיט שלומען אויף דער לינקער קני, געזונגען דעם טאַטע־מאַמע־ניגון אין די כאָרעזמער גליאיקע פאַרנאַכטן:

עלע... מעלע... יאָסטע —
וויפל פייגל האָסטו ?!...

# אַ חתונה אָן קלעזמער

פון דעם קאַראַקומער מידבר בלאָזט אַ פריסיקער, שרפהדיקער ווינט. אין זיינע פאַלדן טראָגט ער, דער ווינט דער משחית, פעך און שוועבל. ס׳אַ ווינט אַ מלאך־המוות. ער כאַפּט ביי די העלדזער, ער קרעלט אונדז אָפּ די פנימער. עס פאַרפלען זיך אין זאַמד עופות, סע רעווען די אייזלען און עס קאַוואָטשען אימהדיק די הינט.

מיין בעל־הבית ראַשיד אַמידאָוו פאַרבערעפּט די הענט און אויקעט ביי־טער:

— אַרטאַגלאַר, וועטיער דזשידאַ יאַמאַן. אוריוק אולדע, פאַכטאַ אולדע, וואַשאַ יעווראָפּאַ וועטיער יעסט... — סע דאַרף הייסן: וואָס זאָגט איר, אורחימלעך טייערע, צו מיין בראָך? ס׳אַ ווינט אַ פאַרטיליקער, דער אור־יוק * וועט שטאַרבן... דער בוימוואָס וועט פאַרברענט ווערן. מיט איין וואָרט — פון אַלץ וועט ווערן טיל־תל. זאָגט נאָר, איך בעט אייך, אין אייער שיינער אייראָפּע, ניט געדאַכט זאָל זי ווערן, בושעווען אויך אַזעלכע בייזע ווינטן?

אויף מיין ווייב מרימס אויסגעבלייכט פנים פלאַטערט אַדורך אַ שאָטן פון אַ שמייכל. די מראה איז ביי איר געביטן. די חן־גריבלעך זענען פאַר־שוווּנדן און די האָר זענען ביי איר צעפּאַטלט.

* אויפּס, געטריקנטע פרוכטן (אוזבעקיש).

ביי מיין בלימעלען אויפן שטערנדל בלעזלען זיך גרויסע ווי די אַרבעס טראָפּנס שווייס. דאָס ציגנגעלע האָט זיך ביי איר צוגעקלעפּט צום גומען. די ליפּעלעך זענען ביי איר פֿאַרשטשעמעט און איך הער איר פּיבעורדיק שטאַמלען:

— טאַטעניו, לאָמיר בעסער שרייבן אַ דיקטאַנט, שרייבן איז מיר גרינגער ווי לייענען.

פֿון אַלץ וואָס איז ערשט נישט לאַנג געווען קעשעניעווער יידישע מיטלשול איז מיר נאָר פֿאַרבליבן אָט דאָס אוזבעקישע בענקל. דאָס איז ס'איינציקע שטיקל מעבל אין אונדזער קיביטקע. האָבן מיר געמאַכט דאָס בענקל פֿאַר אַ טישל און די האַרטע, געשטשערבעטע שוועל פֿון דער טיר פֿאַר אַ באַנק. ליגט אויפֿן טיש אַ צעקנוידערט לערנבוך, מיט צעשויבערטע בלעטלעך — אליעזר שטיינבאַרגס אַלף־בית. פֿון אַלע פֿורעניות און מיתות־משונות האָבן מיר דאָס ספֿרל אַרויסגעראַטעוועט און עס געבראַכט אַהער אין אָט דעם ווייטן פֿאַרוואָרפֿענעם העק — כאַנקי.

מיט אַ מאָל יאָגן אָן פֿון ערגעץ געדיכטע, קילע כמאַרעס און זיי פֿענטען דעם קאַראַקומער גזלן. איך אָטעם אָפּ גרינגער, גיב אַ שלונג אַ כוואַליע לופֿט און דיקטיר וואָרט ביי וואָרט, זילב נאָך זילב, קלאַנג נאָך קלאַנג:

אויפֿן אַקסל מיט צוויי קאַנען
טוט אַ בער צום ברונעם שפּאַנען.
שיין די קענד'עלעך יאָ, יאָ
נאָר זיי האָבן ניט קיין דנאָ...

איך מאַך צו די פֿאַרשטויבטע, רויטע אויגן מיינע און זע אַ גרוימען ליכטיקן קלאַס. פֿערציק יינגעלעך און מיידעלעך חזרן איין אָט די זינגעוודיקע שטיינבאַרגישע שורהלעך. די זוניקע פֿענצטער פֿון קלאַס זענען אָפֿן. פֿליִען די ווערטער אַרויס, אַקוראַט ווי די אותיות־פֿורחות און די קעשעניעווער הינטערגאַס ווערט פֿול פֿון איין עק ביז צום צווייטן מיט דעם גרינגעבליטן שטיינבאַרגישן יידיש־לשון.

— ווײ מיר ווײ... פון וואַנען האָב איך עס געקאָנט וויסן, אַז אָט די שײנע קענדעלעך, וואָס דער בער האָט צום ברונעם געטראָגן, זענען טאַקע אויף אַן אמתן אַן אַ דנאָ? — יעכצן אין מיר אַלע גלידער.

עס מעג שטורעמען, מעג רעגענען מיט שװעבל, נאָר דער אַלטער, מידער כאַנקיער וועג רוט ניט. ער פירט, דער וועג, צום הויף פון ראַשיד אַמידאָוו. ביי אים זענען טיר און טויער אָפן סיי ביי טאָג און סיי ביי נאַכט. און יעטוועדן גאַסט טראָגט ער אַנטקעגן, אָט דער הדרת־פּנימדיקער אוזבעק, דריי זאַפּטיקע ווערטער:

— סאַלאַם אַלײקום, אָרטאַג. — סע הייסט: שלום עליכם, חבר!

און פאַר יעטוועדן ניי־געקומענעם פאַרנייגט ער זיך דריי מאָל ביז דער ערד און דריי מאָל גלעט ער זיך די צעפּלאָשעטע סיווע באָרד זיינע און שאַמקעט מיט זיינע שטשערבאַטע ציין:

— מערכעמעט... נאַן יעין... טשיי איטש... אָטיר ביזנין אויגע... — סע דאַרף הייסן: איר אַלע וואַנדערער און גייער, מידע און פאַרשטויבטע, הונ־געריקע און דאָרשטיקע, שלעפעריקע און פאַרמאַטערטע, וואָס איר קומט פון ווייטע, פאַרבלוטיקטע וואַגלוועגן, זעט, טיר און טויער זענען צעפּראַלט, איז קומט אַריין און לעשט אייער דאָרשט און שטילט אייער הונגער און רוט אָפּ אין שאָטן פון מיין געצעלט.

אַדורך דעם אָפענעם טויער שפּאַנט אַריין מיט פּאַמעלעכדיקע מיושב־דיקע טריט אַ הויכער ייד, אַ דאַרער ווי אַ צאַמשטעקן, איטשע־מאיר יאַב־לאָנסקי פון ביאַליסטאָק. ער פאָכעט זיך מיט זיין צעקנייטשטן קאַפּעליוש און דער ווינט שויבערט זיינע גרויע קאָלטענעס, וואָס זענען באַדעקט מיט שטויב.

מיט זיין פאַרקווילט פּנים און זיינע צעבאָרשטענע האָר דערמאָנט ער אין אַ פאַרצייטיקן שליח־מיוחד, וואָס פלעגט אַוועקפאַלן אַ פאַרחלשטער ביים לעצטן טרעפּל פונעם קיניגס טראָן, לאמור, אַזוי צו זאָגן: אדוני מלך, כי לא איש בשורה אנכי היום. מיין האַר קיניג, ניט קיין גוטע בשורה האָב איך דיר היינט געבראַכט... ער שטרעקט אויס, דער ביאַליסטאָקער, זיין מאָ־גערע האַנט און שמייכלט טרויעריק:

— איר ווייסט, פּאַניע לאַפּושנער, פֿאַראַן אַזאַ מדרש, אַז אַ ייִד לערנט תּורה מיט תּינוקות של בית רבן, טאָר מען אים נישט מפסיק זײַן, מכּל שכּן, אַז מען האָט נאָך אָנצוזאָגן אַזאַ שלעכטע בשורה ווי מײַנע, איז עס דאָך טאַקע אין דער אמתן אַן עבֿירה שגוררת עבֿירה.

דערבײַ איז דאָס קול בײַ איטשע־מאירן אַ צעבראָכנס, אַן אָפּגעשפּאָל־טנס. די פֿאַרווירטע בליקן זײַנע בלאָנקען פֿאַראומערטע אין אַלע זײַטן, עפּעס טאַקע נאָר ווי בײַ איינעם וואָס ער איז אי אַ חוטא און אי אַ מחטיא.

— זיי האָבן שוין פֿאַרכאַפּט קיעוו אויך, פּאַניע לאַפּושנער. און אויב זיי וועלן אַזוי גיין ווייטער, די רוצחים ימח שמם וזכרם, און דער שיינער טאַטע אונדזערער פֿון די פֿעלקער וועט שלאָפֿן אין שלייער, זאָלט איר וויסן, אַז מאָסקווע איז אויך פֿאַרבײַ. ביידע צדדים וועלן אונדז דעמאָלט מיט קיין לעקעך און בראָנפֿן ניט מכבד זײַן.

מײַן מרים גיט אַ שפּרונג פֿון אָרט, ווי עס וואָלט געזעגנט אויף איר מיט פֿײַער. זי גיט זיך אַ לאָז צו יאַבלאָנסקין מיט אויסגעשטרעקטע הענט, טאַקע נאָר ווי זי וואָלט אים גרייט געווען דורס צו זײַן.

— שווײַגט, איך בעט אײַך, שווײַגט. איר ווייסט דאָך, אַז אַ וואָרט איז אַ תּהום און אַ וואָרט איז אַ ים. אויב איר האָט ניט קיין רחמנות אויף זיך, זײַט זיך כאָטש מרחם אויף אונדזערע קינדער — כליפּעט זי.

איך דיקטיר ווײַטער מײַן טעכטערל דעם ליפּקאַנער בעל משלימס שורות מיט אַזאַ מאָדנע אויסטערליש קול, גלײַך ווי איך וואָלט געווען דער לעצטער ייִד פֿון מײַן פֿאַרטיליקטער אומה, דער לעצטער ייִד אויף דער וועלט, וואָס לעשט זיך אויס מיטן שם־המפורש אויף די ליפּן.

זי לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד, מרים, און שלוכצט אין דער שטיל ווי נאָך אַ גרויסן בראָך. דאָס קלייד איז בײַ איר צעכראַסטעט און די צע־פּאַטלטע האָר האָבן זיך צוגעקלעפּט צום פֿאַרשווייסיקטן שטערן אַזוי אַז מען זעט קוים אירע קאַרע אויגן, וואָס האָבן אַ פּייכטן גלאַנץ ווי אַ וואַלד אין אַ טיף־אָסיענדיקער נאַכט.

— נאַרעלע — שפּרייט ער אויס, דער ביאַליסטאָקער, זײַנע בלייכע הענט איבער מײַן ווײַבס קאָפּ, עפּעס טאַקע נאָר ווי ער וואָלט זי וועלן בענטשן — מען טאָר ניט אַזוי אײַנלייגן וועלטן. מאַלע וואָס מען רעדט און

מען זאָגט. און אַז איך זאָג מיינט איר שוין אַז ס׳איז עק וועלט? אָט בין איך אייך גאָר געקומען פאַרבעטן אויף אַ חתונה — נעמט ער זי איין, מרימען, ווי מען נעמט איין אַ קליין קינד — מיר קומט גאָר אַ מזל־טוב. מיין זון, מיין בן־יחיד, מיין אברהמלע, האָט חתונה פאַר אייער שייקע ברינזאַרס טאָכ־טער, שבעלע.

ער איז אַ טויגער, יאַבלאָנסקי. ער ווייס מיט וואָס מען קאָן ווייך מאַכן אַ באַטריבט ווייבעריש האַרץ, והאַ־ראיה — דערהערט דאָס וואָרט חתונה, גיט זיך מיינע הענדום־פּענדום אַ הייב אויף פונעם אָרט, לויפט אַריין אין דער קיביטקע און עס קומט אַרויס פון דאָרטן אַ ציכטיקע, אַצילותדיקע יידישע טאָכטער, מיט מאמע־חן אין אירע טרויעריקע קאַרע אויגן. זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטיין, מיט די הענט פאַרלייגט אויפן בויך, מיט אָפענע מויל און אויערן, גרייט צו הערן אַ טשיקאַווע מעשה, ווי אַלע יידישע ווייַ־בער פון גאָר דער וועלט.

יאָ, עס איז בפירוש זייער אַ שיינע, פאַרכאַפּנדיקע מעשה, וואָס קאָן זיך נאָר פאַרלויפן אין אָט די בהלה־צייטן, ווען פוילישע למדנישע יידן און בעסאַראַבער פּראָסטאַקעס האָבן זיך באַגעגנט אויף אָט דעם פּענעצל ערד, וואָס טראָגט דעם נאָמען כאַנקי.

ער רעדט און קאָכט זיך, איטשע־מאיר, און וואָס עס זאָגט ניט דאָס מויל דערזאָגן זיינע שיקלדיקע, שוואַרצע אויגן. דערביי האַלט ער זיך אין איין צופּן דאָס אויסגעקראָכענע בערדל, קענטיק אַז ער איז מיט דעם שידוך קנאַפּ וואָס צופרידן.

וואָס אַן אמת, ניט ווייניק בושות האָבן מיר, די ניי־אָנגעקומענע, זיך אָנגענומען מיט אָט דעם שייקע ברינזאַר. שוין אין סאַמע אָנהייב, ווען ראַ־שיד אַמידאָוו האָט אונדז אַלע ברייט אויסגעזעצט אויף דעם מיט איבער־געטערעפּשיעטע* ווערעטקעלעך פאַרשפּרייטן דיל און דערנאָך אַוועקגע־לייגט אַ גאַנצע פאַטשיילע מיט אַלט־געבאַקענע לעפּיאָשקעס, פאַרנייגנדיק זיך בשעת מעשה אין אַלע זייטן און שמייכלענדיק מיט אַ געלן שמייכל:

---

* פאַרפוילטע (מאָלדאַוועניזם).

מערכעמעט, פּאָזשאַלויסטאַ... נאַן יעין... ליפּיאָשקאַ קושאַיעם — האָט שיי־קע ברינזאַר באַוויזן וואָס ער קען.

דער קוטנער, כמינהג הארץ, האָט אָפּגעקרישעט פון דער אויסגעסע־כאָטעטער לעפּיאָשקע אַ כזיתל, אַזוי פיל וויפל אַ פרומער ייד דאַרף האָבן אויף המוציא מאכן, און געטאָן האָט ער עס שטיל און געשייט. דערביי איינ־געטונקען דאָס ברעקעלע לעפּיאָשקע אין אַ ציירעלע זאַלץ, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען פון זיינע פּילצאָליקע בוזעם־קעשענעס. און, פאַרשטייט זיך, ניט פאַרפאַסט צו מאַכן דערביי אַ ברכה אויף דער שיינער מידה פון הכנסת־אורחים און אויף דעם הייליקן פּת במלח.

מיינע האָט אָפּגעבראָכן צוויי דרויבעלעך, נאָר אויף צו געניסן, און איר דרויבעלע האָט זי אויך בסתר אַוועקגעגעבן אונדזער טעכטערל בלימעלע, אַזוי אַז דער אוזבעק זאָל ניט זען.

אָבער דאָס סאַמע געדיכטע איז ערשט געקומען דעמאָלט ווען שייקע ברינזאַר, אַ ייד אַ דעמב, פון ערגעץ אַ פאַרוואָרפן מאָלדאַוויש דאָרף, האָט געגעבן אַ שטרעק אויס זיין באַהאָריקטע האַנט און וויפל מען גיט אַ פינטל מיטן אויג, ממש צעמאָלן די לעפּיאָשקע, טאָקע נאָר עפּעס ווי ער וואָלט געהאַט אַ מילעכל צווישן די ציין.

— פּאַניע ברינזאַרזש, נעכיי וואָלט איר זיך אָפּריער כאָטש געוווען אויסגעשוועוועקט דאָס מויל מיט אַ פּסוק — האָט אים איידל אַ טאָרקע געטאָן ביים אַרבל דער ביאַליסטאָקער — וואָס מיינט איר, ס'איז דאָ אַ בעסאַראַבער לעקעך־ביסן? איר מאַכט דאָך אונדז צו לייטיש געלעכטער.

— מען וועט אונדז דאָ באַשטעקן מיט פּעדערן — האָב איך אונטער־געהאַלטן דעם ביאַליסטאָקער מיט אַ שלאַבעריקן טאָן פון איינעם, וואָס ווייס אַז עס זענען אַרויסגעוואָרפענע רייד.

איך קוק אויף מיין לאַנדסמאַן און זע אַז ער איז אש להבה. די ווילדע ציגיינערישע אויגן זיינע לויפן אים אַרום אין קאָפּ און ער שעלט זיך מיט פּירעקיקע מאָלדאַווישע קללות:

— ברע אָמולע * — גיט ער זיך אַ קער צו מיר — מילא, די אָ זענען קירישע פלאַכטאָנעס, זיי האָבן דען געוווּסט פון אַ לעבן, האָבן זיי דען? שטענדיק געסיוויעט ביים רבינס טיש, געזונגען איילער־מלך — קאַטשקע דריילעך און געגעסן קדחת אויפן זייגער און סע איז זיי אויך געווען גוט. אָבער אייך, אַן אונדזעריקן, דאַרף איך דערציילן אַז ביי אונדז האָט מען אי געהאָרעוועט, אי געגעסן... אפשר ביי אייך אין דעם קעקעלע, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ פּאַ און ענדיקט זיך מיט אַ צדיק — איז ער מרמז אויף מיין שטעטל פערליץ — איז מען געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט? אָבער ביי מיר אין דאָמבראַוועו פלעג איך מיך אויפכאַפּן אין די זאָרעס **, ווען גאָט אַליין איז נאָך געשלאָפן און פאַרטיק מאכן אַ מאַמעליגע מיט אַ באָרשט און ערשט דערנאָך ר׳עז מיט דער נאָז די ערד אַזש ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט אריין...

קענטיק אַז סע טוט אים אַליין הנאה פון אָט דעם שיינעם מענה־לשון זיינעם, מחמת מיט אַ מאָל לייגט ער אַזוי גוט־ברודעריש אַוועק זיין רעכטע האַנט אויף דעם ביאַליסטאָקערס אַקסל און מיט דער לינקער שפּאַרט ער זיך אַזוי קונציק אָן אין מיר, אַז סע וואַזשעט מיך אַראָפּ צו דער ערד.

— איר ווייסט וואָס כ׳על אייך זאָגן — ווערט ער שוין אַ ביסל ווייכער — כ׳האָב געהאַט אַ זיידן האָבעך געהאַט... האָט ער געלעבט הונדערט יאָר. האָט ער ביי די ניינציק געזאָגט, אַז ווען דער בודזשאַק * זאָל זיין אַ חלה און דער דניעסטער אַ ראָסל וואָלט ער איינגעטונקען די חלה אין ראָסל... ווילט איר אַז איך זאָל זאָט ווערן ווי איר פון אַ שמעק און אַ לעק? וואָס מיינט איר, איך בין אַ מלופּים־קינד, בין איך, הא?!

— פאַרגעסט ניט ר׳ שייקע, אַז מיר זענען דאָ געסט — פּרוּווט אים צוימען דער קוטנער — און סע איז נאָך אַ לאַנגס און אַ ברייטס. און דער עיקר טאָר מען ניט פאַרגעסן דעם שטאָם, ווייל דאָס זענט איר ניט איר, דאָ זענען מיר אַלע מיר...

---

* היי מענטש (מאָלדאַוויש).

** קאַיאָרן (מאָלדאַוויש).

* אַ הויכער באַרג אין מאָלדאַוויע.

— אייסעך וואָס, ברודערצו, פּייפּט אייך אַריין אין די אַלע חקירות. היינט לעבט מען, מאָרגן שטאַרבט מען. וואָסי, עיך דאַרף מעך איינקויפן ביי זיי אין ייחוס, דאַרף עיך מעך? — מאַכט דער דאָמבראָוועגער אַזאַ זויערע מינע, אַז מען זעט באַשיימפּערלעך אַז סע האָט אים שוין דערעסן אָט דער גאַנצער שמועס.

דער אַלטער אַמידאָוו פינטלט אַ דערשראָקענער מיט זיינע פּאַר־טרערטע אויגן. עפּעס קוקט ער מיר זייער מאָדנע אויף שייקען, ווי פון אונטן אַרויף. אי מיט מורא, אי מיט דרך־ארץ.

— עטאָ ווי קאַק נאַש אוזבעקסקי אַלפּאַמיש — קנאַקט ער הילכיק מיט די פינגער. אַ פּנים פון גרויס התלהבות — טאַקאָי קעטע אַדאַם... אי דזשאַנדזשאַר דיעלאַיעם... נעמע אוטשון דזשאַנדזשאַר גערעק? — מוסרט ער אים — סע הייסט אַזוי: האָבן האָסטו קיין עין־הרע, שייקע לעבן, אַזאַ שטעל ווי אונדזער אוזבעקישער גיבור אַלפּאַמיש, איז פרעג איך דיך, היתכן, ווי נעמט עס אַזאַ מענטשעלע ווי דו און מאַכט אַזאַ טאַראַראַם?

— וואָס פּרעפּלט ער דאָרטן, ס׳אוזבעקישע פּאַרדריפּעטע צדיקל? ט׳האָסטו דיר אין מיצקע דרינען אַ נייעם תנא פון דער מה־נשתנה, אַז ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן — רוגזט זיך שייקע.

ווער ווייסט וויפל אָט דער היציקער שמועס וואָלט נאָך געוועזן אָנגע־האַלטן, ווען סע לויפן ניט אָן פּאַרסאָפּעטע און צעפּריילעכטע, זיך האַלטנ־דיק ביי די הענט, שבעלע ברינזאַר און אַברהמלע יאַבלאָנסקי,ביידע באַ־שיטע פון קאָפּ ביז די פּיס מיט בוימוואָל־קווייטלעך, ביידע אַזעלכע לויכ־טנדיקע און גליקלעכע, גלייך די גאַנצע וועלט וואָלט געוועזן זייערע.

דערזען איר טאַטן אַזאַ צעקאָכטן, האָט שבעלע פּילבאַדייטנדיק אַ קוק געטאָן צו ערשט צו אים, דערנאָך צו אונדז אַלע, ווי איינער זאָגט: באַלד וועט איר הערן וואָס אַ בעסאַראַבער מיידל קען. און דערנאָך האָט זי מיט אַ פעסטער, געלאַסענער שטים אַ זאָג געטאָן געציילטע, קיילעכדיקע ווער־טער, עפּעס טאַקע נאָר ווי זי וואָלט אָנגעסיליעט פּערעלעך אויף אַ שנירל:

— טאָטע, סע האָט זיך שוין באַגייס צעשפּילט אין דיר דער פויערר... נאָך קענסטו זיך ניט צוימען די געפילן, טאָטע?...

ביי די ווערטער „פויער" און „געפילן" האָט זיך שייקע אויסגע־ראַסטיעט, געוואָרן נאָך העכער, מענערישער און... אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער.

ער האָט פון שטענדיק אָן גרויס דרך־ארץ, ברינזאַר, פאַר דער טאָכ־טערס „געהויבענער שפּראַך" און חוץ דעם ווייסט ער אַז דאָ דאַרף מען האַלטן „צונג", ווייל דאָס פּאָרל האָט זיך נאָך פאַרקאָכט אויף דער באַרזשע אין טשורדזשוי, ווען מען האָט די פּוילישע און בעסאַראַבער אָטפּראַווע קיין כאָרעזם, און מיט אַ ליאַדע קרום וואָרט קאָן ער אַלץ קאַליע מאַכן.

ער וואָלט געבעך שטאַרק חשק געהאַט, שייקע, אָננעמען שבעלען ביי דער האַנט, אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט, זי צופירן צו איטשע־מאירן און אים אַ זאָג טאָן גלייך אין דער גרגרת אַריין:

— וואָס זאָגט איר עפּעס, אַרעב* איטשע־מאיר, אויף אייער שנירל? גיט נאָר, זייט זשע מוחל, אַ קוק אויף דעם פּנימל... אויף די פּאָסטעמקעס... היינט דאָס פּיסקעלע אירס וויפל האָט די ווערט? יענע טוט אייך דעקן דעם גרעסטן אָראַטאָר אין דער וועלט.

און נאָך וואָלט ער אים געזאָגט:

— און אייערער, כ'בעט איבער אייער כבוד, קער מיר אָן אַ שטיקל תמעליעטע... עפּעס אין גאַנצן אַ באַנומענס, גלייך ווי אין יענעם יאָר ווען ער איז געבוירן געוואָרן איז געוועז אַן אויספּאַל אויף רעגן.

אַ רגע קראַצט ער זיך אונטער דער פּאָטיליצע, שייקע, גלייך סע וואָלטן אים צעביסן מילי־מיליאָסן כאָרעזמער קאָמאַרן. דאָס הייסט אַז ער נעמט זיך אין די הענט, שייקע. און טאַקע, אָט גייט ער צו צו איטשע־מאירן, קוקט אים מיט שאַפענער הכנעה אין די אויגן און שמייכלט אים אין פּנים אַריין:

— ס'געפעלט אייך עפּעס ס'שפּאַגעוואַטע צווייטל אונדזערס? סע איז אַזאַ וועלט, פּאַניע יאַבלאָנסקי, קינדער דאַרף מען אוואַזשען, דאַרף מען... מ'עט עס נאָך דערציילן אין פריידן — שרייט ער אים אַריין אין סאַמע

---

* ר' (לאָקאַליזם).

אויער אַריין, גלייך דער ביאַליסטאָקער מחותן זיינער וואָלט געווען אַ טויבער.

— סע זאָל נאָר בלייבן כאָטש עמעצער ווער סע זאָל דערציילן — קרעכצט דער ביאַליסטאָקער און קוקט מיט פאַרגאַפטע אויגן אויף דעם פּאָרל, וואָס האַלט זיך ביי די הענט, עלעהיי סע וואָלט שוין געווען נאָכן מבול און דאָס זענען זיי אָקערשט אַרויסגעקומען, די הנאהבים והנעימים, פון נחס תיבה, אָט אַזוי ווי זיי זענען אויס איצט, בלייכע, הונגעריקע, פריי־לעכע און פאַרליבטע.

...ביידע צדדים רעשן זיך. מע גרייט זיך צו דער חתונה.

סע זענען שוין פאַרגעסן געוואָרן די אַלע טערפקע פּאַראיבלדיקע רייד, אַז חתונה מאַכן אַ בעסאַראַבער פאַר אַ פּוילישן איז גלייך ווי מען זאָל צונויפפּירן אַ קאַץ מיט אַן אינדיק און אַז ביי אַ פאַרליבטן זעט אַ קאַטשקע אויך אויס ווי אַ מלאך.

פאַרקערט, איצט איז גאָר אַ נחת צו קוקן ווי ביידע ווייבער — ביילע ברינזאַר און פרומטשע יאַבלאָנסקי — גייען אַרום אויפן כאַנקעס מאַרק און זוכן מציאות. זיי פירן זיך ביידע אונטערן אָרעם, די מחותנתטעס, און מ׳שמועסט נחתדיק וועגן די קינדער. אַלע מאָל ווען סע באַגעגנט זיי אַ היימישע יידענע און פרעגט זיי וואָס האָבן זיי שוין פאַרגרייט צו דער חתונה, ענטפערט שוין ביילע פאַר ביידע.

זי איז אַ האָפערדיקע און אַ באַרעדעוודיקע, ביילע. זי זאָגט אויף זיך אַליין אַז זי איז געבוירן געוואָרן אין אַ באַרעדעוודיקער שעה. דאַקעגן די פרומעטל איז אַ פאַריאָמערטע שווייגערקע, עפּעס טאַקע נאָר ווי פון דער תחינה אַרויסגענומען, רק זי וויינט און רק זי קרעכצט.

— וואָס מיר האָבן, פרעגט איר ? — מאַכט ביילע אַ לאָז־מיך־געמאַך־מינע — וואָס מיר האָבן דאַרפן מיר ניט און וואָס מיר דאַרפן האָבן מיר ניט.

און כּדי די פרעגערקע זאָל ניט צושטיין און ניט געבן, חס־וחלילה, קיין גוט אויג, פּטרט זי זי אָפּ מיט אַ דאָמבראָוועגער זאָג :

— היי און שטרוי און ראָכעוועס... דאָס האָבן מיר.

זיי זענען אַזוי פֿאַרטאָן אין די פֿאַרבערייטעניש, די מחותנתטעס, אַז זיי באַמערקן גאָרניט ווי שייקע פֿאָרט אַריין מיט זיין אַרבע און קעמל אויפֿן מאַרק. אויגנבליקלעך שפּרינגט ער אַראָפּ פֿון זיין „רייטוואָגן״, גיט אַ שפּיי אויפֿן בייטשל און גיט זיך אַ לאָז צוביידע ווייבער פֿאַר וועלכע ער גיסט אויס זיין ביטער האַרץ:

— עס איז דיר ניט דער דאָמבראָווענער שאַראַבאַן * — פֿעסטעט זיך שייקע — און ניט דער געפֿלעקטער אָגער. דאָרט פֿלעג איך אים געבן אַ שפּאַן איין און אַ יאָג צו דער פּאָסעסיע, אַזש סע פֿלעגט ציטערן די ערד. און דאָס שלעפּ איך מיך אַרום אין דעם סדום־בעטל, איינגעשפּאַנט צו דער כאַנקיִער האָרבאַטער פּגירה...

אמת, ער ווייסט, שייקע, אַז אַלע עוואַקויִרטע זענען אים מקנא וואָס ער איז שוין קיין עין־הרע אויף אַ דרך, פֿאַרמאָגט שוין אַן אייגענעם וויִעזד, מיט וועלכן ער פֿירט בוימוואָל פֿונעם סטעפּ צום פֿאַרגרייטפּונקט און אַלע טאָג אַרבעט ער אויס דריי־פֿיר טרודאָדניעי... ס'אַ שיינע געשיכטע מיט אָט דעם וויִעזד, וואָס ער האָט שוין דערציילט אַ מאָל צען און ער וועט גאָר נישט מיד צו דערציילן.

אין איינעם אַ קאַיאָר לאָזט זיך שייקע אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די כאַנקיִער פֿעלדער. ער שפּאַנט זיך עס אַזוי אַ באַדאַכטער און פֿאַר־טראַכטער און סע ווייִנט דאָס האַרץ אין אים: אַ שיינעם תכלית האָסטו געמאַכט פֿון אונדז "האַרבוינעשעלאָוילעם״, אַזאַ יאָר אויף היטלערן — קריגט ער זיך מיטן כביכול — האָסט געגומען אַזאַ פֿעטע געבענטשטע ערד, אין וועלכער מיר האָבן אַריינגעלייגט ממון און דמים און זי איבערגעגעבן פֿאַרט אין גזלנישע הענט און אונדז פֿאַרוואָרפֿן אין אָט דעם הינערפֿלעט.

ערשט אויף די רייד זעט ער, עס יאָגט אַן אַ רייטער אויף אַ פֿערד, סע רעדט זיך אַזוי אויפֿן פֿערד. מאָלט אייך, אַז דאָס פֿערד איז געלאָפֿן פֿייל אויסן בויגן און דער רייטער האָט זיך שוין טעלעבענדלט אונטער זיינע פֿיס.

---

* אַ גרויסע מאָלדאַווישע פֿור.

דערזען אַז אַ מענטש הענגט צווישן טויט און לעבן, האָט שייקע פאַר־געסן אין זיין קידער־ווידער מיטן רבונו־של־עולם, געגעבן אַ פאַרסטאָמ־פּעווע דעם פערד דעם וועג, עס אָנגעכאַפּט ביים ציימל און געטאָן נישט מיט זיין קול אַ רעווע: טפּררררו! — אַז דער סוס איז פאַרהילצערט געוואָרן אויפן אָרט. דאָס איז געווען אָט סאַמע יענער טפּרו — דער געירשנטער פון זיידעס ישובניקעס, אויף וועלכן דער רבי יחיאליקל פון ראַשקעוו, זכרונו לברכה, האָט נאָך מיט יאָרן קריק געזאָגט, אַז ער שפּאַלט הימלען.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, דער רייטער איז טאַקע געווען ער אַליין, דער פאָרזיצער פונעם כאַנקיִער קאָלווירט ״קיזיל יולדוז״ * אַגיזבע־קאָוו אַטאַבאַי. זעט אויס אַז שייקע האָט שטאַרק נושא חן געווען ביי אַגיז־בעקאָוון, מחמת אויפן צווייטן טאָג האָט ער געשיקט אים עקסטרע רופן, אים געגעבן אַן אַרבע מיט אַ קעמל און אים געמאַכט פאַרן סאַמע עלטסטן איבער אַלע קעמלען, פערד און אייזלען פונעם קאָלווירט, אַ מין סטאַרשי קאָניוך. דערביי האָט ער אים אַזוי גוטברודעריש אַ פרעג פּעטאָן:

— סקאָזשי פּאַזשאַלויסטאַ, ברינזאַר עקע, קורסאַק, ניע פּראָפּאַל בודיעש?

אין שייקעס איבערטייטשונג האָט עס אַזוי געקלונגען: זאָג נאָר, שייקע ברודער, אין מאָגן איז דיר ניט סקוטשנע?

שייקע איז אַזאַ מענטש וואָס די צונג דאַרף מען אים ניט פּיקן. ער האָט אים זייער שיין דערקלערט, דעם שיינעם טאָוואַרישטש פּרעדסעדאַ־טעל, אַז דער „קורסאַק״ איז שוין באַלד קיין „קורסאַק״ ניט, נאָר אַ מין געדרילעוועט זעקל, אין וועלכן מען מעג שוין שיטן פּאַלאָווע.

פון דעמאָלט אָן פאָרט שייקע אַרום אין אַן אוזבעקישער אַרבע מיט אַ קעמל. דעם קעמל האָט ער אַ נאָמען געגעבן מתושלח, ווייל פון דעם ביסל וואָס ער האָט געלערנט אין חדר, געדענקט ער אַז מתושלח האָט געלעבט אַ סך יאָרן און ער מאָלט זיך אים אַ הויכן מיט אַ לאַנגן האַלדז און מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס.

---

* רויטער שטערן (אוזבעקיש).

איצט פֿאָרט ער אַריין גאָר ברייטלעך אויפֿן מאַרק, שייקע. ער פֿאָרט אַריין מיט אַ לאַנג־צעצויגענעם הילכיקן וויאָ... וויאָ... ווי אַמאָל אין די טיפֿע אָסיענגעכט אויפֿן טראַקט דאָמבראָווען־סאַראָקע, ווען די קרעטשמע איז שוין געווען אונטער דער נאָז און דער ריח פֿון דער געווירצלטער פֿאַסטראָמע האָט געקיצלט די נאָזלעכער און די פּולבוזעמדיקע, יצר־הרעדיקע קרעטשמערקע פֿלעגט שטיין מיט אַ לאַמטערן אויף דער שוועל. ער קוועלט אָן, שייקע, וואָסביידע ווייבער, סיי זיינע, סיי די ביאַליסטאָק־קער מחותּנתטע, האָבן זיך עס אָוועקגעשטעלט מיט די הענט פּידבאָקאָם און קוקן פֿאַרגאַפֿטע ווי ער פֿאָכעט באַלעגאָלעוואַטע מיטן בייטשל און יאָלעט אויף מאַמע־לשון, פֿאַרגעסנדיק אַ פּנים אַז דאָס קעמל פֿאַרשטייט זיך נאָר אויף דער אוזבעקישער שפּראַך.

סע געפֿעלט אים אויך דאָס געזעמל אוזבעקן — אַלטע, יונגע און קליינוואַרג — וואָס האָבן פֿאַרחידושטע אַרומגעסטאַמפּעוועט זיין אַרבע און טשמאָקען פֿון גרויס נחת מיט די ליפּן וואָס אַ יאַברעי פּילט זיך אין זייער אַרבע ווי ביי זיך אין דער היים.

ער איז געקומען אָנזאָגן ביידע מחותּנתטעס אַז סע גייט אים קיין עין־הרע דורך טיר און טויער. אָט האָט ער געכאַפּט אַ גרויסע מציאה. דער פֿרעדסעדאַטעל זעלבסט — שלעפּט ער אַרויס שבעלעס אַ שיין וואָרט — האָט אים געגעבן צו דער חתונה אַ געקוילעט אייזל. ס׳אַ פּנים אַ באַשערטע זאַך — דערציילט שייקע — דאָס אייזל איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ גרוב און זיך צעבראָכן רוק און לענד. האָט עס אים אַגיזבעקאָוו געגעבן אָן אַוואַנס אויף די טרודאָדניעי. ניטשעוואָ, ער איז אַ בטוח, שייקע, ער וועט אָפּ־אַרבעטן — באַרויִקט ער זיי.

ער איז אויסער זיך, שייקע, וואָס ביידע ווייבער שטייען עפּעס נאָר אַזוי ווי פֿריטשמעליעטע פֿון דער בשורה זיינער. פֿרומעטל דערמאָנט זיך וואָס פֿאַר אַ פֿאַלומעסקעס מיט פֿיש, פֿונעם מלכּס אוצר, זענען געווען ביי איר אויף דער חתונה. און ביילע הערט ניט אויף צו רעדן וועגן די טישן, וואָס האָבן זיך ביי איר אויף דער חתונה געבראָכן אונטער די געבראָטענע אינדיקעס און גענדז.

אַן אַנדערש מאָל, טראַכט זיך שייקע, וואָלט ער זיי געגעבן דעם שיינעם גאָב פאַר זייער יאַכמערן, נאָר איצטער וויל ער נישט פאַרשטערן די שימחה.

— קריכט אַריין אין נחס תיבה — ווילצלט זיך ברינזאַר און העלפטביידע וויבער זיך אויפזעצן אויף דער אַרבע מיט אַלע זייערע בחצוצרות און קלומעקלעך און פאַרקערעוועט אַהיים מיט אַ לאַנג־צעצויגענעם באַלע־גאַלישן וויאָ.

אַלע מאָל דרייט ער אויס דעם קאָפּ צו זיי און סע פאַרקלעמט אים ביים האַרצן וואָס ביידע יידענעס זיצן עפּעס אַזעלכע פאַרדאגהטע און פאַר־אומערטע און טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער, טאַקע עפּעס נאָר ווי קוואָטשקעס בעת אַ געוויטער...

ער פּרוּווט אָנקניפּן מיט זיי אַ שמועס, נאָר סע קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. און דאָ, מיט אַ מאָל, גאָר אומגעריכט, וואַקסט אויס סאַמע אונטערן קעמלס גאָמבע אַ שוואַרצחנעוודיק אוזבעקל מיט אַ גרויסן טאַש אויפן רוקן, פון וועלכן מען זעט אים קוים אַרויס.

— אַ קוצעפּינדריק, אַ קליין גויאיקל מיט אַ גרויסער קוטשמע — לאָזט זיך שייקע בעסאַראַביש ווילגיין איבער דעם אוזבעקישן קליינוווקסיקן בריוטרעגער.

— היי, סעלוּאַשי כאַטים, מאַלענקי פּיסמאָ יעסט טיעביע מאַלטשיק — דראַפּעט זיך פלינק אַרויס דאָס אוזבעקל אויף די אַרבע־רעדער, פּאַכענדיק מיט דעם גרויען קאָנווערט איבער פרומעטלס קאָפּ.

— וואָס דברט ער, דער אוזבעקישער שטאָפּעט? — רייבט זיך פרו־מעטל די אויגן, גלייך ווי די בלענדנדיקע זון וואָלט איר קאַליע געמאַכט די ראיה.

— זייט זשע מוחל, פרומעטל לעבן, לאָזט איכ׳ל לייענען — רייסט שייקע ממש אַרויס דעם קאָנווערט פונעם צעטומלטן אוזבעקלס הענט — מען קען, דאַנקען גאָט, אי יידיש, אי רישעש, אי וואָלעכיש און מיט א לשון־קודשדיק וואָרט ספּראַווּעט מען זיך יאַקאָש אויך — שטעלט ער זיך אויס פאַר דער ביאַליסטאָקער מחותנתטע.

און מיט עפּעס אַ בהרחבהדיקער מינע שלעפּט ער פּאַמעלעך אַרויס דאָס קורצע בריוול פונעם קאָנווערט און זאָטלט אָן אויף דער נאָז די ברילן מיטן איין־און־איינציקן פאַריתומטן שייבל און נעמט זיך לייענען, צו ערשט אין דער שטיל און ערשט דערנאָך, אַז ער וועט בייקומען די האַרטע רוסי־שע עברי, וועט ער עס איבערזאָגן אויף אַ קול.

נאָר אויף קיין קול לייענט ער שוין נישט. עפּעס הייבט ער אָן, שייקע, גאָר מאָדנע צו פינטלען מיט די אויגן און ווישן די פאַרהוקעטע בריל מיט זיין געקווייטלטער פאַטשיילע, דערנאָך גיט ער זיך אַ ווענד מיט אַ גע־בראָכן קול צו די מחותנתטעס:

— וואַרט צו אַ מינוטקעלע, טייבעלעך מיינע, איך וועל מיך צוכאַפּן זאָגן עפּעס די קינדער. ס'איז זייער אַ וויכטיק מכתבל און איך אַליין קען עס ניט מוצא־פּויצע זיין...

און רעדן רעדט ער צו זיי, שייקע, מיט דער פּלייצע, גלייך ער וואָלט מורא געהאַט אַז ווי נאָר זיי וועלן גיבן איצט אַ קוק אויף אים, וועט פון זייביידע ווערן צוויי שטיקער זאַלץ ווי, להבדיל, פון לוטס פלוניתטע.

ער גייט ניט, ברינזאַר, נאָר עפּעס שלאָנדערט ער מיט זיינע צעריסענע שטיוואַלעס אין פריסיקן שטויב, גלייך ער וואָלט פאַרגריזניעט געוואָרן אין אַ טיפער קלעפּיקער דאָמבראָווענער בלאָטע און ניט אַהין און ניט אַהער. אין גאַנג דערזעט ער ווי עס שטאַרצט אַרויס פון צווישן אַ רעדל אוזבעקן זיין ביאַליסטאָקער מחותן, וואָס שטייט ביים ראַדיאָ־הילכער, קענטיק אַ פאַרקלעמטער. דאָס הערט ער די לעצטע סוואָדקע.

אַ רגע שלאָגט ער זיך מיט דער דעה אים צו זאָגן אָדער ניט צו זאָגן, דערנאָך גיט ער אַ טראַכט: כאָטש אַ פּוילישער ייד, אָבער אַ מאַנצביל איז זיך פאָרט ניט קיין יידענע; און ער נעמט זיך אָן מיט האַרץ:

— איר הערט, מחותן־לעבן — איז דאָס קול ביי שייקען אַ צוגעלע־געערטס — מען רופט אונדזער אברהמעלען אויף דער שיינער חתונה... — טייטלט ער מיט דער האַנט אויפן קאָנווערט און וואַרגט זיך מיט די רייד.

— איר ווילט זאָגן אויף דער מלחמת־מיצווה — איז ביי איטשע־מאירן דאָס קול אויסגעלאָשן ווי ביי איינעם וואָס האָט שוין קיין כוח ניט צו רעדן — כ'האָב געוווסט. פריִער שפּעטער, ס'וועט אים ניט אויסמיידן.

איצט שפּאַנען זיי שוין ביידע אויף דעם שמאָלן קישלאַקישן טראַקט. איטשע־מאיר אָנגעשפּאַרט אויף זיין איינגעבויגענעם שטעקן און שייקע מיטן מאָגערן בייטשל אין האַנט. זיי גייען און פילן ניט ווי די שרפּהדיקע זון טשמעליעט זיי איבער די קעפּ און דער ברזיענדיקער שטויב פּאַרפּראָשעט זיי די אויגן.

אָט זענען זיי שוין סאַמע הינטערן קישלאַק, דאָרט וווּ עס שפּרייטן זיך די ווייטפּעכלדיקע בוימוואָלפעלדער. וואָס נענטער דערגייט צו זיי אַ געזאַנג. און אָט איז דאָס געזאַנג אַ האַפּערדיק־פּריילעכס, אַפילו אַ פּאַר־שייטס, און אָט גנבענען זיך אַריין אין דעם עצבותדיקע טענער.

— די וועלט גייט אָפּ אין בלוט און דאָ זינגען זיי גאָר — רעדט שייקע ווי פאַר זיך אַליין.

— עס איז פאַראַן אַ מדרש, אַז די וועלט וועט געהאָלפן ווערן דורך א ניגון... ווער ווייסט, אפשר איז דאָס דער ניגון? — ווענדט איטשע־מאיר זיינע בליקן צום קופּערנעם הימל, גלייך ער וואָלט רעדן איבער זיין בע־סאַראַבער מחותנס קאָפּ.

איצט שטייען שוין ביידע מחותנים הינטער אַן אָנגעהויבעט בערגל בוימוואָל־בלימעלעך און דערשטוינטע כאַפּן זיי אַ קוק ווי שבעלע און אַברהמל, אַרומגערינגלטע פון אַ כאַפּטע אוזבעקן און יידן, פירן אָן מיטן געזאַנג.

— שמש בגבעון דום — באַוועגן זיך קוים איטשע־מאירס בלויע ליפּן.

— וואָס זאָגט איר עפּעס, אַרעב איטשע־מאיר — קוקט שייקע אַ דער־שראָקענער אויף זיין מחותן, וואָס זעט אים איצט אויס ווי גאָרניט פון דער וועלט.

— איך זאָג אַז סע איז אַן עבירה אַז מע רייסט איבער אַזאַ דביקות־דיקן ניגון.

און אָט פלייצט דאָס געזאַנג ווי אַ פּרילינגדיק וואַסער און ס׳דוכט אַ ליאַדע רגע אַז ס׳וועט פאַרכליניען באַרג און טאָל.

— מען דאַרף, מחותן, האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן אָנצוזאָגן אַזאַ בשורה — צערייבט שייקע מיטן צעריסענעם אַרבל פון זיין באַלעגאָלישן ראָק אַ פּאָר דריבנע טרערעלעך.

— קומט מיר'ן גיין. מען דאַרף זיי גאָרנישט נישט זאָגן. זיי וועלן זיך אַליין דערוויסן. פריִער צי שפּעטער, אַלץ איינס — גיט זיך דער אויסגעבויגענער שטעקן אַ ריר פונעם אָרט. ווי ער וואָלט וועלן נאָכשלעפּן נאָך זיך איטשע־מאירן.

אוןביידע מחותנים האָפּסלען אַוועק מיט מידע שלאָבעריקע טריט פּאַזע די וייס־ראָזע, פּעכלדיקע גרודעס בוימוואָל, וואָס בערגלען זיך אויפן כאַנקיִער סטעפּ. זיי גייען און אין די אויערן קלינגט נאָך אַלץ דאָס האָפּערדיקדביקותדיקע געזאַנג וואָס האָט, דוכט זיך, גאָר קיין אָנהייב און קיין סוף ניט.

# די לבנה פירט די שטערן

סע איז נישט גוט מיט שייקע ברינזאַר.

שוין אַ קיילעכיקע וואָך, ווי עס קלימפּערן אים די ציין אין מויל און סע דוכט זיך אים, אַז סע לויפן אַרום מערעשקעס איבערן לייב. אַ זלידנע שלאַפקייט האָט זיך אָנגערוקט אויף אים, אַ כאָרעזמער פיבער, וואָס האָט נאָך דערצו זייער אַ משונהדיקן נאָמען — פּאָטאָפּאָטש.

אין דער היים ביי זיך אין בעסעראַביע פלעגט אים די מאַלאַריע צו מאָל אויך לייגן צו בעט אויף אַ פּאָר טעג. אָבער ער האָט עס דעמאָלט גענומען גרינג, און אין איינעם מיט דורות יידן איבערגעחזרט דאָס אַלטע יידישע ווערטל: — אַז פּורים איז קיין יום־טוב נישט און קדחת איז נישט קיין קרענק. חוץ דעם האָט ער פון זיינע זיידעס, ישובניקעס, געהאַט בירושה דריי גוטע סגולות צו קדחת, דהיינו: אַן אָנגעגליטער אויוון, אַ פלאַש וויין איבערגעקאָכט מיט צימבער און מיט מעליץ, און דער עיקר אַ וואַרעם ווייב אונטער דער קאָלדרע. אָט די דריטע רפואה איז געווען די סאַמע גענעזנדיקסטע. און, אַז ער דערמאָנט זיך אין איר, באַלעקט ער זיך נאָך איצט ווי אַ קאָץ נאָך פּוטער.

ער איז אויסער זיך שייקע, וואָס ער האָט זיך מעשה פריץ אויסגעראַסטיִעט אויף דער אוזבעקישער פּאַלאָוויצע און „דאָקטערעוועט זיך".

פּאַר ווייטיק הייבט ער אָן ווי זיין ביילע זאָגט „צו רייסן זיך אויף די ווענט" און לאָזט אויס זיין גרימצאָרן צו זיין ביאַליסטאָקער מחותן.

— האָסטו געהערט אַ פּאַטעפּאַלנעסט פון אַ גדלניוק — שפּריצט ער פייער — גאַנץ כאַנקי, אָנהייבנדיק מיטן קנעפּל פונעם קאַלכאַז און ענדיקנדיק מיט דער פּרקי־גבאיטע פונעם ״ראַיסאָבעס״ זענען מיך שוין געקומען מבקר חולה זיין, נאָר ער פאַרגינט זיך מיר נישט אָנצוטאָן דעם כבוד. וואַרט צו, וואַרט — ווייזט ער אַ קולאַק דעם ווייב — זאָל איך נישט הייסן שייקע, אויב איך וועל נישט מאַכן פון אים קיין פּאַרפל.

— מאַך שוין בעסער פון אים גרויפּן, ווייל איך האָב שוין נישט געזען קיין גרויפּן אין די אויגן, מעג איך שווערן אַ יאָר צייט — פּרווט איםביילע איינגעמען מיט אַ קאַטאָוועסל. דערביי נעמט זי אָן זיין גרויסע האָריקע האַנט און לייגט זי צו, צו איינס אַ וואַרעם אָרט, וואָס ער האָט שוין האַלט מכמה וכמה יאָרן.

— יידענע, העד אויף — כאַפּט שייקע אַוועק מיט אימפּעט די האַנט, טאַקע עפּעס נאָר, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט אויף הייסע קוילן.

— געפונען אַ צייט, ווען מיך צו נעמען מיט חן ־קוקעלעך. כ׳לעבן, סע איז טאַקע נאָר מיט דיר, ווי דער וואָלעך זאָגט: דאָס לאַנד ברענט, און די באָבע קעמט זיך.

נעמט זי, ביילע, און זעצט זיך אַוועק אויף דער טרינישקע, מיט אַ שטיקל אַרבעט אין דער האַנט, ווי אַמאָל אין אירע יונגע יאָרן אין דאָמבּ־ראָווע און וואַרט ביז ער וועט „אָפּגיין״... מה דאָך דעמאָלט, געזונטער־הייט — טראַכט ביילע — אַז סע פלעגן אין אים אַריין טשאַק רוחות האָט אַ גאַנץ דאָרף געציטערט פאַר זיין דעך, וועט זי אים איצטער אַוודאי מיט גאָרנישט קענען דערגאָדזען. אַזוי איז עס שוין ביי אים. ער, אַז ער הייבט אָן, ענדיקט ער נישט אַזוי גיך. און חוץ דעם, האָט ער אַ ביטערע טבע, שייקע, צעשפּילט ער זיך, מישט ער אויס אַ גאַנצע קאַשע. ער דערמאָנט זיך אין אַזעלכע זאַכן, ווען די באָבע איז נאָך אַ מויד געווען.

אָט האָט ער אַנומלט, אין אַן עסנדיקער מינוט, זיך גאָר דערמאָנט, אַז זי האָט אים אָפּגעכוימלט, נישט געגעבן קיין גראָשן נדן. הערט פאַר אַ טשעקאָוועסט, וואָס אַ ייד, אַ טאַטע פון פינף אויסגעגעבענע קינדער, פאַר־גינט זיך צו זאָגן, אַז „זי האָט אים גענומען מיט קוצעניו־מוצעניו, אים געלאָזט טועם זיין, נאָך ביז צו דער חופה, צו די זעקס חדשים נאָך זייער

חתונה האָט זי אים געבוירן אַ בנאָק. און דערנאָך האָט זיך די גאַנצע בעסאַראַבער גובערניע געוויגט, אַז ביי לוי ברינזאַרס בחור איז געבוירן געוואָרן אַ ממזר״...

ווער ווייסט, צי שייקע וואָלט דאָס מאָל אויך געווען אַזוי גיך „אָפּגעגאַנגען״ ווען סע באַוויַיזט זיך נישט אויף דער שוועל דעם שכנס שוואַרץ־חנעוודיק טעכטערל אָגולדזשאַן.

סע איז אים ליב צו קוקן, שייקען, ווי זי שוועבט אַריין מיט אירע לייכטע הירשן־טריט אין זייער קיביטקע, פאַרלייגט די הענט און מיט אַ סאַמעטן קעלעכל צעצוויטשערט זי זיך:

— ברינזאַר אַטאַ! מאַיאַ פּאַפּאַטשקאַ סיז טשיקאַרדי... ביזנין אישאַק דזשיודא קעסעל. סע הייסט: ברינזאַר פּאַטערל! מיין טאַטע האָט דיך געשיקט רופן זאָלסט ראַטעווען אונדזער אייזל, ווייל סע איז נעבעך פאַרביי.

דערזען, אַז איר שייקע האָט אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך דעם באַלעגאָלישן ראָק, אָנגעפילט די גרויסע קעשענעס מיט רפואות פאַר פּירסיקע און זיך געלאָזט מיט אָגולדזשאַנען צו דער טיר, קילט זיך ביילע אָפּ איר פאַראַרמערט האַרץ מיט אַן אַלטער דאָמבראָוונער ווינטשעוואַניע, וועלכע זי שיקט אים נאָך, ווען ער איז שוין פון יענער זייט טיר:

— גיי, גיי און האָב אַ גוטן שליטוועגס. גיי, שלעפּ אַרויס דיין גוטן ברודער אַליעוון אַ פלאָקן פונעם הינטערחלק.

ווען שייקע קערט זיך אום אַהיים, טרעפט ער זיין ביילען אַ פאַרקלערטע און אַן אָנגעדרודלטע, גרייט אַ יעדע רגע אויסצושיסן. זי זיצט, ביילע, מיט זיין איינשייבלדיקער בריל אויף דער נאָז און פאָרעט זיך מיט אַ דרייעקיקן בריוו, מיט אַ רויטן שטעמפּל, קענטיק פון זייער איידעם — דעם פראָנטאָוויק אברהמלע. און האָבן, האָט זי אַ פאַרדאגהטן, פאַרמחשבהדיקן אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס שטייט ביים שליאך און ווייסט נישט ווו צו פאַרקערעווען, צי רעכטס, צי לינקס. און ווי נאָר שייקע שטרעקט אויס די האַנט צום בריוו, צינדט זיך אָן אין איר די רענדאַרסקע געבליטן:

— נו, זאָג אַליין — רעדט זי צו אים מיט אַ שאַרסטקע קול — האָסטו נישט קיין האָרץ פון אַ וואַלד־גזלן? די מחותנתטע ליגט אין געהאַקטע ווונדן און סע וואַרפט מיט איר ווי אין אַ נייניאַריק קדחת. פון דעם מחותן איז שוין אויך געבליבן נאָר אַ שיין. ווייל ער נאָך, מען זאָל קומען צו אים גוט יום־טוב ביטן. אַמער נעמט אַזאַ שיינער ייד, ווי דו און גיט אַ בעט אַטאַבאַיען, ער זאָל שיקן קיין אורגענטש נאָך אַ לייטישן דאָקטאָר. ווייל דאָס כאַנקיער רופאַלע קען נאָר פאַרנייען אַ קאַטשקע דעם געזעס.

איז זעט אויס דערפאַר, וואָס ער טראַכט, שייקע, אַז זיין ווייב ביילע האָט רעכט, ווערט ער מיט אַ מאָל ווייך ווי אַ טייגל, זעצט זיך אַוועק אין דער שטיל אויף אַ בענקעלע, שלעפט אַרויס די גרויסע געקווייטלטע פאַטשיילע זיינע און ווישט זיך אָפּ די טראָפּנס שוויס פונעם שטערן. דערנאָך צעשפּיליעט ער זיך דעם אויסגעריבענעם זשילעט, שלעפט אַראָפּ די טשיזשעמקעס, וועלכע פאַרען אים די פיס. דאָס מאַכט ער זיך אַזוי באַקוועם שייקע — אַ באַרוועסער וועט אים זיין גרינגער צו לייענען דעם איידעמס בריוו.

מיט ציטערנדיקע פינגער צעוויקלט ער די געדיכט־פאַרשריבענע בייגעלעך פּאַפּיר, עלעהיי אַ ספר־תורהלע. אַ גוטע פּאָר מינוט דרייט ער זיי אַהין און אַהער. נאָענט צו די אויגן, ווייטער פון די אויגן. דערנאָך טראָגט ער זיי צו, צו דער נאָז און צום מויל און אין עטלעכע רגעס אַרום לאָזט ער אַראָפּ אַ פאַרשולדיקטער דעם קאָפּ און ברומקעט אונטער דער נאָז, ווי פאַר זיך:

— סע איז שווער פאַר מיר גובר צו זיין אָט די פוילישע קאַטשערעס און לאַפּעטעס. ביי לייטן, ביי אונדז אין בעסאַראַביע, פלעגן שרייבן מענטשן ווי מענטשן. און דער שטעלט אויף עפּעס אַזעלכע האַרטע ווער־טער, אַז סע ווערט אַזש אייליק די ציין.

דערזען זיצן איר מאַן אַזוי קינדיש־פאַרלוירן אויף דעם קליינעם בענקעלע, גיט ביילע האַסטיק אַ פיר מיט דער האַנט איבערן מויל. דאָס באַהאַלט זי אויס פאַר אים אַן אומגעבעטענעם שמייכל, וואָס באַווייזט זיך ביי איר אויף די ליפּן. זי שמייכלט צו אַ לאַנגסטיקער ליבער דערמאָ־נעניש אירער, פון וועלכער סע ווערט איר וואַרעם אין אַלע גלידער.

...ווען דעם ערשטן שבת נאָך זייער חתונה האָט מען איר שייקען אין שול אָפּגעגעבן די בכבודיקע עליה מפטיר, האָט ער זיך נאָך די ערשטע צוויי ברכות אַזוי ביטער פאַרהאַקט, ווי אַן אָקס אויף אַ בלאָטיקן באַרג־אַרויף און נישט אַהין און נישט אַהער. איז זי דעמאָלט דאָס יונגע בלײַענדיקע ווייבל ביילע געזעסן אין דער ווייבערישער שול און דאָס פּנים האָט איר פאַר בושה געפלאַמט ווי אַ צוויק. זי געדענקט ווי דערנאָך האָט ראָניע די פּירזאָגערין, אַ יידענע אַ רשעטע, זי אַ נעם געטאָן אין אַ זייט און געצאַפּט פון איר ריטשקעס בלוט.

— אויב דיין שייקע — האָט זי פאַרשנורעוועט אירע יראת־שמים־ליפּעלעך — וועט זיך מיט דער פּריה־ורביה אויך אַזוי ספּראַווען, ווי מיט די דריבנע אותיות, מעגסטו, טאָכטער, באַצייטנס שטעלן אַ מצבה אויף דיינע יונגע יאָרן.

שייקע כאַפּט אַ זייטיקן קוק אויף זיין ביילען און זעט, אַז זי שמייכלט עפּעס אַזוי ווי מיט הנאה, גלייך ווי אַ יעדער פאַסטעמקע אירע וואָלט אָפּגעגעבן אַ ברייטן מזל־טוב דער וועלט.

— וואָס ביסטו אַזוי פריילעך, גלייך סע האָט דיך געקושט אַ מלך? — בייזערט זיך שייקע אויף זיין ווייב, ווייל ער ווייסט נישט, צי שמוכעט זי גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָדער דאָס לאַכט זי אים אויס, ווייל ער איז אַזוי ביטער צעקריגט מיט דער עברי.

אין צווישן עפנט זיך די טיר און עס שטעלט זיך אַריין נאָך איינגע־שרומפּענער און איינגעקנוידערטער ווי אַלע תמיד, עפּעס אין גאַנצן אַ צוגעלעגערטער און צעקנייטשטער זייער טשאַרטקאָווער קוואַרטיראַנט — זיינוול ציבולסקי.

ער וווינט שוין ביי זיי דעם צווייטן חודש, ציבולסקי. פון זינט זייער שבעלע איז אַוועקגעפאָרן אויף די טראַקטאָריסטישע קורסן קיין אור־גענטש, האָבן זיך די ברינזאַרעס מרחם געווען אויף אָט דעם עלנטן טשאָרטקאָווער בחור און אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב.

דערזען אין דעם ערשטן טאָג, אַז זיין גאַנץ פאַרמעגן באַשטייט פון איין פּאָר הויזן, אָנדערהאַלבן פאָרלעך גרעט און אַ קעסטעלע מיט יידישע

ביכער, וועלכע ער היט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, האָבן זיי אים געקרוינט מיט אַ פּיינעם צונאָמען — דער בעל־שם.

— ער האָט אַ גאָלדענע מעלה פאַר היינטיקע צייטן — לויבט זיך ביילע מיט איר קוואַרטיראַנט — ער עסט ווייניק און לייגט אַ סך. איר שפּילט זיך מיט יענעם, — פאַרגייט זי זיך — אַזוי ווי איר קוקט עס אָן, קען עס גאַנצע זיבן שפּראַכן און איצטער בייסט ער איין די אַכטע. ביי נאַכט לייגט ער זיך אַרום מיט אוזבעקישע מחזורים און הערט נישט אויף צו טאַראַלעלייקען: ביר — איינס, איקי — צוויי, אוטש — דריי, לודאַ, לודאַ, ליי. אַז איך קען עס גאָרנישט באַנעמען, ווי סע פּאַמיעסטיען זיך עס אין אַזאַ שוואַך מענטשל, וואָס אַ ליאַדע ווינט קען אים איבערקערן, אַזוי פיל שפּראַכן. — זענען קאַטאָוועס־רייד באַזוימט מיט ווייכע מאַמע־טענער, וואָס זי האָט זוכה געווען צו האָבן אין אירע ד׳ אַמות, אַזאַ למדן און אַזאַ צדיק.

— וואָס זענט איר עפּעס אַזוי זויער, בעל־שם לעבן, סע האָט אייך שוין אויך אַוועקגעלייגט דאָס חולאת? — דייט ביילע אָן אויף דעם פאַר־טאָפּאַטש, אויף וועלכן סע קרענקט שוין, לויט איר ווייבערישן חשבון, דריי פּערטל כאַנקי.

— נישט אין דעם גייט עס — מיניען זיך די פאַרבן אין ציבולסקיס בלייך געזיכט, ווי ביי אַ מאַנצפּאַרשוין, ווען עס כאַפּט אָן זיין ווייב די ערשטע ווייען — איר פאַרשטייט, אויב סע איז אמת דאָס, וואָס גיידאַ־ראָוויטש האָט געזאָגט, אַז מע שלאָגט זיך שוין אויף די מאָסקווער גאַסן, איז דעמאָלט עק וועלט.

— לאָז ער זיך אָפּבייסן אַ האַלבע צונג, דאָס פּאַנסקע צאַפּעקל. זאָלסט זען ווי אַלע וויסטע פּאַטשטן קומען אָן צו אים — רוקט ביילע אונטער דעם קוואַרטיראַנט אירן אַ גלאָז קאַטיק* מיט עטלעכע שוואַרצע סעכערלעך.

— לענט אייך בעסער אונטער ס׳האַרץ... איר האָט דאָך היינט קיין טראָפּן וואַסער אין מויל נישט געהאַט, מעסיע ציבולסקי — דערפרייט

* אוזבעקישע זויערמילך.

זיך ביילע איבער דעם שיינעם געפליטערטן וואָרט, מיט וועלכן די אַמאָ־ליקע בעסאַראַבער באַרישניעס, ביי די, וועלכע דער קאָרטשיק פון דעם קלייד איז געווען מיט גילדענע פעדים געשטיקט, פלעגן זיך ווענדן צו די פאַרנעמע קאַוואַליערן.

— ער פלעכט שטריק פון קלייען, דאָס טשענסטאָכאָווער פּריצל — איז שייקע מבטל גיידאַראָוויטשן, וועלכן ער האָט פיינט פאַר זיינע אויס־געכאַליעטע ווייסע הענט און אַריסטאָקראַטישע מאַניערן. — עסט זייט מוחל אַפּ, חבר, וועל איך אייך מכבד זיין מיט אַ שטיקל תרגום־לשון.

— מיר קוקן שוין אַרויס אויף אייך ווי אויף משיחן — חנדלט זיך ביילע צו ציבולסקין — מיין שייקע שוויצט שוין אַ גוטע פאַר שעה ווי אַ ביבער איבער אברהמלעס בריוו און טאַפּטשעט זיך אויף איין אָרט.

— אַז עס טאַנצן מיר די שורות פאַר די אויגן נאָר ווי שרעטעלעך, וואָס קען איך טאָן ? איר שפּילט זיך מיט איין און פערציק גראַד היץ.

— ביי איין און פערציק גראַד היץ איז דער דאָמבראָווער גלח אַרויפגע־קראָכן אויפן שפּיץ קלויסטער און פון דאָרטן געזונגען ״האָספּאָדי פּאָ־מילוי״. און דו האָסט שוין היינט אָפּאָרעט אַלעמען, ווי איינער וואָס איז דווקא ביים גאַנצן זינען — דערלאָזט נישט ביילע, אַז שייקע זאָל הנאה האָבן פון זיין גוזמא.

שייקע גיט אַ הייסן ציגיינערישן קוק אויף ביילען, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: אַ העזה פון אַ יידענע מיך מביש צו שטעלן פאַר אַ פרעמדן מענטשן. איר גליק וואָס דער בעל־שם איז דאָ, ווייטער וואָלט איך איר געוויזן, וואָס איך קען. דערביי נעמט ער אַ פאַרשמאַלצעוועט קישעלע און לייגט עס אַוועק אויפן בענקל, עס זאָל ציבולסקין זיין ווייכער צו זיצן, ווען ער וועט לייענען זיין אברהמלעס בריוו.

— ניטשעוואָ — האָט ער הנאה פון זיך, שייקע — דער שכל האָט אים נישט אויסגערונען, ער ווייסט נאָך ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַנעמען מיט אַן איידעלן מענטשן.

...„צו מיין ליבער איינציקער איינער — לייענט ציבולסקי מיט אַ באַדאַכטער שטים — איינער אַ גרויסער יידישער דענקער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז בעסער פון ווייַן איז דורשט. אַן און פאַר זיך איז דער זאָג

זייער אַ קלוגער, אָבער זעט אויס, אַז ער האָט קיין מאָל נישט געפילט דעם טעם פון יענער בענקעניש, וועלכע ברענט אין דיר, ווי דער דאָרן אין מדבר ברענט און ווערט נישט פאַרלאָשן״.

— עס גייט קיין עין־הרע ביי אייך ווי אַ מזמור — איז נישט אויסןביילע אַזוי צו לויבן ציבולסקין ווי צו פּיקן דעם אייגענעם מאַן.

— איי אַ בריוו, אַ ציאַציע מיט קווייטעלעך און מימראלעך אַזוינס ווי אַזעלכעדיקע — פּרוווט שייקע צו פאַרהילכן דעם ווייבס שטע־כיקע רייד.

...„מיר זענען היינט גאַנצע אַכט שעה געווען אויף אוטשאָבע. ביי אייך איז איצטער וואַרעם, אָבער דאָ, אין וואָלאָגדאַ, שטייען פראָסטיקע טעג. סע איז אַזוי קאַלט, אַז איך האָב היינט געלאַכט צו זיך אַליין, ווען איך האָב מיך דערמאָנט, ווי מיר פלעגן זיך קושן אין פעלד ביי אונדז אין כאַנקי. דאָ וואָלט דער קוש פאַרגליווערט געוואָרן אויף די ליפּן.

מיר האָבן זיך באַלאָדענע מיט דער גאַנצער אַמוניציע געדראַפּעט אויף פעלדזן. געגאַנגען אין אַטאַק. מיר זענען ביזן האַלדז געשטאַנען אין גריבער שניי. אָבער ווי נאָר איך האָב געגעבן אַ טראַכט וועגן דיר, האָט די קעלט קיין שליטה אויף מיר נישט געהאַט און דער אויטאָמאַט אויפן רוקן איז מיר געווען גרינג ווי אַ פעדער״.

— גיי ווייס וואָס סע שטעקט אין אים — האַלט שייקע די האַנט ווי צוגעניייט צום אויער, ער זאָל נישט פאַרלירן חלילה קיין איין וואָרט — אַזוי וואָלט איך פאַר אים קיין דריי פירער נישט געווען אַוועקגעגעבן און דאָ שרייבט ער טאַקע ווי אַן אמתער מאַנצפאַרשוין.

...„מאָרגן, טייערע מיינע, בלײַענדיקע רויז מיינע פונעם כאָרעזמער טאָל, גייען מיר אַוועק אויפן פראָנט. איז בענטש מיך, ווי עס האָט גע־בענטשט עקיבא זיין אויסדערוויילטע רחל, ווען ער איז אַוועק אין דער הייליקער שלאַכט קעגן די רוימער. איך ווייס, אַז דיין גרויסע ליבע צו מיר וועט מיך באַשירעמען און באַהיטן אויף אַלע מיינע גורל־וועגן״.

— נאָר ווי אין „צענטעריע־ווענטעריע״* — ווישט זיך ביילע די

---

* געמיינט ״צאינה וראינה״.

פּאַרווייִנטע אויגן — סע איז דען אַן איידעם, עס איז דאָך אַ גאָלדגעוויכט.

— גיי שוין, גיי, רעדסט ווי אַ יאַכנע טריינע — קילט זיך שייקע זיין באַליידיקטן מענערישן האָנאָר — סע וואָלט עס קיין שטומער אין קיין יאָר נישט אַרויסגערעדט. געפונען מיט וואָס צו פאַרגלייכן. דיין „צענטעריע־ווענטעריע" איז זיך אַ ווייבערישע פלוידער־מעשׂה, און אברהמלס בריוו איז זיך ווי אַ שיינע פּאָעזיע. — קוקט שייקע איבערנע־מעריש צו ציבולסקין, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: — „ווי איר זעט, חברל, איז מען אויך נישט אין סטויפּ געוואַקסן. מע ווייסט קיין עין הרע דעם טייטש פון אַ קיילעכיק וואָרט".

דעם ווייטערדיקן טייל בריוו הערט שוין נישט שייקע. ער איז פאַר־קראָכן אין אַ ווייטער לאַנגסטיקער דערמאָנעניש, פון וועלכער סע ווערט אים אַזוי גוט, אַז ער פאַרגעסט גאָר, אַז סע איז מלחמה אויף דער וועלט.

ער דערמאָנט זיך, אַז ווען ער האָט גענומען זיין ביילען, האָט ער געוואָלט, אַז גאַנץ בעסאַראַביע זאָל וויסן פון זיין גרויס גליק. האָט ער זיך געפעדערט אין איינעם אַ קאַיאָר, ווען אַלע שטוביקע זענען געשלאָפן, אָנגעשריבן אַ פּאָעזיע פון פיר שורות, אויף וועלכער ער האָט אַ היפּש ביסל געהאָרעוועט:

אין אַ וועלט פון מיליאָנען בלומען
האָב איך מיין כלה באַקומען.
זי הייסט בעלאַ און זי איז וווּנדערשיין.
קומט אַלע, מיינע פריינד, זי אין גיכן זען.

אָנגעשריבן עס מיט רויטער טינט און פאַרחתמעט עס גיך און גע־שווינד, אַזוי, אַז קיין האָן זאָל אַפילו קיין קריי נישט טאָן און עס אַוועק־געשיקט אין קעשענעווער צייטונגס־בלאַט „דער מאָרגן". און כּדי עס זאָל זיך דאַרטן נישט צו פיל פאַרליגן, האָט ער גענומען, שייקע, און אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט אַ שפּאָגל בייעם הונדערטער. אַריבער אַ וואָך און צוויי און דריי און גלייך ווי אין וואַסער אַריין. און דאָ גרייט מען זיך שוין געשמאַק צו דער חתונה. שייקע קריצט מיט די ציין. איז וואָלט

ער אַ פּאָר געטאָן קיין קעשענעוו, נאָר גראָד איז דעמאָלט געווען וועסנע־צייט און די פעלדאַרבעט איז אין סאַמע ברען.

איז טרעפט זיך, ווען ער פאָרט אַזוי איין מאָל אויף זיין קאַשטאַן אין פעלד, טראָגט אים אַנטקעגן יעפים דער פּאָסטטרעגער דאָס בלאַט און שייקע טוט אַ קוק אויף דער פערטער זייט און סע הייבט אים אָן פינצ־טערן אין די אויגן. הער'ט אויף טשעקאַוועסט, וואָס אַ זשוליק, אַ רעדאַק־טאָר, קאָן זיך פאַרגינען:

״ברינזאַר ד־ן... (סע דאַרף הייסן ברינזאַר־דאָמבראָווען, נאָך אַ גליק וואָס דער ממזר, דער רעדאַקטאָר, האָט כאָטש נישט דערמאָנט דאָס שטעטל און פאַררוקט דעם מיט דריבנע אותיותלעך געדרוקטן ענטפער צווישן די ״ראַבע פּאַסאָליעס״). אין אייער ליד הינקט אונטער דער גראַם... פּרווט נאָך״.

איבערגעלייענט דעם שיינעם ענטפער איז שייקע געוואָרן אויסער זיך:

— הער, וואָס אַן אַפּעריסט פאַרגינט זיך. דער הונדערטער מיינער הינקט דווקא נישט. אַז הינקען זאָל ער שוין, פּאָטער אין הימל, אויףביידע פיס, דער קעשענעווער בעל־טובהניק.

דאָס אַלצדינג איז, פאַרשטייט זיך, געטראַכט און געזאָגט געוואָרן אויף דער הייסער מינוט. אָבער, אַז ער האָט זיך אָפּגעקילט שייקע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מיט בייזן וועט ער גאָרנישט אויפטאָן. און נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת האָט ער גענומען פון דער סטינע * אַ לעמעלע אַ גרוי געפלעקטס, אַן ענלעכס אויף די „בקודים וברודים״ פונעם חומש און נאָך צוגעלייגט אַן אָפּגעבראָטענעם אינדיק און אַוועק אין דער בעסאַראַבער הויפּטשטאָט „מטמא״ זיין דעם גזלן, דעם רעדאַקטאָר.

צוגעקומען צו דער רעדאַקציע און דערזען די גרויסע קידוש־לבנה־דיקע יידישע אותיות, האָט אים אַדורכגענומען אַ דראָזש. דאָס איז גע־קומען ביי אים פון אַכפּערונג און אָפּשיי, וואָס אַ יידיש וואָרט האָט דערלעבט קיין עין הרע אַזאַ פיינע מערכה אַפילו אין אַזאַ פאַרזאָליעטער מדינה ווי רומעניע, האָט ער דעריבער פון דער אָדראַזע גענומען דאָס

---

* אַן אַרומגעצוימטע לאָנקע פאַר שאָף.

לעמל מיטן אינדיק און זיי איבערגעגעבן דעם סטרוזש פון דער רעדאַק־ציע, ער זאָל זיי היטן. און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צום רעדאַק־טאָר אין קאַבינעט.

— איך האָב מיר פאָרגעשטעלט — האָט ער שפּעטער דערציילט זיין ביילען — אַז אַ רעדאַקטאָר איז אַ מענטש מיט הערנער און דאָ האָב איך דערזען פאַר זיך אַ גאַנצן אָקס... אַ ייד אַ גבר, מיט אַ פּלייצע ווי אַ לאָקשנברעט. פאַר אים זענען געלעגן אַ שטויס מיט פּאַפּירן און בלעטער און ביי דער זייט אַ פרישער פעכלדיקער קוילעטש און אַ טעלער מיט גריוון און לעבערלעך.

דערזען שייקען און דערהערט ווער ער איז און וואָס ער וויל, האָט ער עפּעס אַ בורטשע געטאָן זיך אין אַרבל אַריין און פאַרקייעט מיט אַ לעבערל. עס האָט זיך אים געדוכט שייקען, אַז ער וועט גאָר קיין מאָל די זעט נישט כאַפּן דער שרייבערוק. דאָס האָט ער זיך אַפּנים געקעכלט... דעם טאַלאַנט.

דערנאָך האָט ער זיך געגעבן אַ בויג אָן, אויפגעדעקט אַ שופלאָד און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַ פּאַק מיט בריוו און געטיטשעט זיי שייקען אין דער נאָז אַריין:

— איר זעט, הער ברינזאַר, דאָס איז נאָר געדיכטן, באַקומענע פאַר איין טאָג. מיר ווערן פאַרמוטשעט פון זיי, מיר פאַלן ממש פון די פיס, פאַלן מיר. מיר ענטפערן איינעם פון הונדערט און איינער פון טויזנט ווערט געדרוקט. אַזוי, אַז איר דאַרפט עס האַלטן פאַר אַ כבוד, וואָס מיר האָבן אייך געענטפערט דורכן בריווקאַסטן.

שייקען דאַרף מען אין מוח נישט שנעלן. ער האָט תיכף פאַרשטאַנען, אַז דער הונדערטער איז יבש... דאָס איז פאַר „כבוד פונעם בריווקאַסטן". האָט ער זיך טאַקע אויף דער הייסער מינוט צוגעבויגן צום רעדאַקטאָר און אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז ער „ווייסט ווי אַפּצושאַצן זיין אונגעהויערן טאַלאַנט... און דעריבער וועט זיין פאַר אים אַ גרויסע ערע, אַז זיין לעמל וועט זיך פּאַשען ביים רעדאַקטאָר אויף דער טאַלעקע און זיין אינדיק וועט באַשיינען דעם גרויסן שרייבערס טיש".

און טאַקע אויגנבליקלעך זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן די הונדערטער בריוו, פון וועלכע מע ווערט „פאַרמוטשעט און מען פאַלט ממש פון די פיס". און ער זאָל לעבן, איז אַרויס אין דרויסן און אַ גלעט געטאָן דאָס גרוי־געקעפּלטע לעמעלע איבערן רוקן און איידל אַ זאָג געטאָן צו שייקען, אַז דאָס לעמעלע דערמאָנט אים אין זיין דאָרף פונעם בעסאַראַבער סטעפּ און אַז מיטן קומען פונעם פרילינג וועקט זיך אין אים אויף אַ בענקעניש נאָך דער נאַטור.

ביי שייקען האָט זיך שיר נישט אַרויסגעכאַפּט: אַז מע זעט נישט, אַז ער זאָל אַזוי אויסגעסאָכאָטעט * ווערן נאָך דער נאַטור. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין זיידנס ווערטל, אַז: מרבה דברים, מרבה שטות... האָט ער דעריבער געטאָן ווי דער רעדאַקטאָר האָט געהייסן. אָנגענומען דאָס לעמעלע מיט איין האַנט, דאָס קוישל מיטן אינדיק אין דער צווייטער האַנט און זיי אָפּגעפירט בשלום צום רעדאַקטאָר אַהיים.

טאַקע דעם זעלבן שבת האָט זיך אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פונעם „דער מאָרגן" באַוויזן שייקעס געדיכט, געדרוקט מיט אַזעלכע שיינע געציקלטע אותיות אונטערן קעפּל: "איך בענק, איך בענק"... זעט אויס, אַז דאָס לעמל מיטן אינדיק האָבן געעפנט דעם שפּונט פונעם רע־דאַקטאָרס געפילן. ווייל חוץ שייקעס איבערגעניצעוועטע פיר שורות, האָט ער נאָך צוגעגעבן זיינע פיר שורות וועגן שייקעס בענקשאַפט נאָך זיין כלה, וועלכע איז ווי דאָס לעכצן פון אַ קוואַל צום ים...

נאָך אָט דעם ליד איז שייקע געוואָרן געהייכט און געקריינט ביי אַלע דאָמבראָווער "פּימינטיאַנעס" **. די פּאָר נישט פאַרגינער, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו זאָגן: „אַז ווי לאַנג לעבט ער, צי די „פּועזיע" האָט ער צונויפגעשטעלט" האָט ער אַזוי אָנגעבראָכן די ביינער, דאָס זיי האָבן פאַרזאָגט אַ צענטן „מער נישט צו טאַלאַפּען מיט די לעפצן".

— ביי מיין אברהמלען, חבר ציבולסקי — טשוכעט זיך אויס שייקע

---

* אויסגעטרוקנט.
** ישובניקעס.

פון זיין דערמאָנעניש ווי פון אַ טיפן שלאָף — איז עס אויסגעקומען גלאַטיקער און געשליפענער ווי ביי מיר.

— ווי ביי וועמען? — שטעלט אויף מויל און אויערן דער טשאָרט־קאָווער נזיר.

— אייסעך וואָס — גיט שייקע אַ מאַך מיט דער האַנט. — אַ נאַריש־קייט געדענקט זיך. סע איז פאָלג מיך אַ גאַנג... ערשט נעכטן געווען... איר טוט מיר בעסער, ברודערצו, אַ געפעליקייט און רופט מיר צונויף נאָך דער אַרבעט אַלע גוטע ברידער, וועלן מיר היינט מאַכן אַ צעגיס. אַ קלייניקייט! דער ערשטער בריוו פון מיין איידעם און נאָך אַזאַ בריוו דערצו — האָנערט זיך שייקע.

*

ער איז אַ פאַרשאַרטער קבצן ברינזאַר.

געגומען אַ זייגער מיט זילבערנע ווייזער, אַ ירושה־זייגער, און אים פאַרקויפט אויפן כאַנקיער מאַרק, כדי צו „באַנעצן" דעם איידעמס בריוו.

— אַי, איז דאָס געווען אַ חריפות פון אַ זייגער! נאָך אין זיין דאָרף דאָמבראָווען פלעגן אַלע אָונט קינד און קייט באַלאַגערן די פענצטער און די שטאַכעטן פון ברינזאַרס שטוב כדי צו הערן, ווי שיין דער זייגער שפילט עס אויס:

האָט אַ ייד אַ ווייבעלע
האָט ער גרויסע צרות.
קאָכן, באַקן קען זי נישט
טויג זי אויף כפרות.

מען זאָל אים דעמאָלט געווען שייקען אַנשיטן אַ שטוב מיט גאָלד, און סע זאָלן זיך געווען צונויפנעמען אַלע שררות פון דער וועלט, וואָלט ער דעם זייגער נישט געווען פאַרקויפט פאַר קיין שום פרייז.

און איצט? אַוודאי דערציילט ער נישט די אוזבעקישע קונים זיינע, אַז נאָך דער וויסטער „באַמביאָזשקע" אין קריסטינאָווקע, ווען דער דייטש האָט געמאַכט פוך און פראַך פון אַ גאַנצן עשעלאָן, איז דער זייגער אויך

נעבעך ביטער געניזוקט געוואָרן: דהיינו, עס האָבן זיך אין אים איבער־געדרייט די געדערים. סע הייסט, זינגען זינגט ער נאָך, אמת, ווי אַ חזן אַ זקן יום־כיפּור פאַר נעילה — נאָר מיט דער צייט איז ער שוין נישט שוה־בשוה. עפּעס ווי אין גאַנצן זיך אַרויסגעשלאָגן פון דער קאַליי: אָדער ער יאָגט אָן אויף דריי שעה פריִער, אָדער ער בלייבט אויף פינף אַרונטער. סע פאַרקלעמט אים, שייקען, ביים האַרצן, ווען ער זעט ווי זיין ביילע וואָזגיעט* זיך מיט אים און קרויגט אים מיט כלערליי ביטול־נעמען ווי דראָמפּיטש און עובר־בטלניק.

אָבער ביי די אוזבעקן, זעט אויס, האָט ער, דער זייגער, דער „לא יוצלח" זייער און זייער אויסגענומען. אַ סימן, זיי האָבן אַרומגעקרויזט שייקען פון אַלע זייטן און גאָר אַנגעטייעט פון דעם ליד וועגן דעם יידישן ווייבעלע. אָט שטייען זיי טאַקע איצט ווי אויסגעמאָלענע און קנאַקן מיט די פינגער און טשמאָקען נחתדיק מיט די ליפּן:

— יאַקשי יאַברעי אַשולאַ... דזשודאַ יאַקשי...

סע דאַרף הייסן: אַי, איז דאָס אַ פיין יידיש לידל! — סע צעגייט זיך פּשוט אין אַלע אברים.

ער האָט אים ממש פאַרצוקערט, שייקע, דעם זייגער. גענומען פאַר אים אי אויבס, אי פלייש, אי ברויט, אי אַראַק. מיט איין וואָרט — זיך קוים פאַרטראָגן אַהיים מיטן אויסשטייער.

— אַ יידענע בלייבט אַ יידענע — טראַכט זיך שייקע.

דערזען דעם מאַן מיט די צוויי פולע קוישן און אָנעם זייגער, איז איר, ביילען, עפּעס געוואָרן טאַקע נאָר ווי אַ לאָך אין האַרצן און זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ גרויס געוויין.

— נאַריקו — האָט זי שייקע איינגענומען ווי אַ מאָל אין די יונגע יאָרן, ווען זי פלעגט זיך פּעסטען פאַר אים. — מיר האָבן אַזוי פיל פאַר־לוירן, איז וואָס מישטיינס געזאָגט זעט זיך שוין אָן אַ זייגער, אַ האַלבער

* טוט נאַכלעסיק זיין אַרבעט.

מת? אַז די השגחה וועט וועלן און מיר וועלן דערלעבן און איבערלעבן וועלן מיר נאָך באַקומען אַזאַ מציאה.

...עס איז ענג ביי שייקען אין דער קיביטקע, האָט מען זיך דערווייל אויסגעזעצט אין דרויסן, אונטערן פרייען הימל. די ברינזאַרעכע האָט באַצייטנס אויסגעשפרייט ווערעטעס* אויף דער ערד, זיצט מען ווי אונ־בעקן מיט די פיס אונטער זיך, און מען טרינקט טיי מיט לעפיאָשעס און מען פאַרבייסט מיט אוריוק.

— עס איז היינט אַ ליל־שימורים, אַ הייליקע נאַכט — מורמלט דער קוטנער מיט די אויגן, געווענדעטע צו דעם אויסגעשטערנטן הימל, גלייך ווי ער וואָלט דאָרט זוכן זיין אַלטן פאַרלוירענעם יידישן גאָט. — מיר בענטשן אונדזער אברהמלען, וועלכען איז שוין מן־הסתם אין סאַמע געדיכטן פייער, און מיר באַגלייטן דעם חבר יאַמפּאָלסקי אין דער אַרמיי.

...הערשל יאַמפּאָלסקי איז אַ בעלעצערקאָווער בחור, אַ טראַקטאָריסט. נאָך צוריק מיט דריי טעג האָט ער באַקומען אַ פּאָוויעסטקע און מאָרגן קאַיאָר שיקט אים דער וואָיענקאָמאַט מיט דער באַרזשע קיין טשורזשוי. ער איז אַ טיכטיקער דער הערשל. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער גע־אַרבעט אויפן טראַקטאָר און אַהער איז ער געקומען אַ טשיק־טשאַקענ־דיקער, אַן אויסגעטראָצלטער. נאָר וויפל ער האָט זיך נישט געוואַשן, האָט ער אַלץ נישט געקאָנט דערוואַשן די שוואַרצע פינטעלעך אונטער די אויגן און ביי די אויערן־לעפלעך.

ביילע נעצט איין אַ טיכעלע אין הייס וואַסער און פרוווט אים אָפּ־ווישן די פלעקן. זי לייגט אים אַרויף איר האַנט אויפן אָרעם, שויבערט מוטערלעך די פּעכקע שעוועליורע זיינע און זאָגט פרום:

— סע זענען הייליקע פלעקן, זונעניו. אַ גאַנץ לעבן זאָלסטו האָבן נאָר אַזוינע פלעקן.

אין קאָלווירט האָט מען נאָך אים געקרוינט מיט אַ נאָמען הערשל מאַרעווויכער, ווייל צו אַלץ טויג ער און אין אַלץ קען ער זיך. ווילט איר

* קליינע טעפּיכער.

פאַרפלט ער זיך אין די אינגעווײדן פון אַ טראַקטאָר, צעשרויפט אים אויף שרײַפעלעך און פּרוזשינקעלעך און דערנאָך שטעלט ער אײַך אים צונויף אַ שפּאָגל נײַעם, גלײַך טאַקע נאָר ווי פון דער נאָדל אַרויס. ווילט איר, קען ער לייגן אַ מערעזשע אויף אַ זאַק און אָפּקאָכן אַ יויך ווי אַ יידענע, אַן אויסגעשפּילטעווירטין. און גײען, גײט ער נישט, הערשל, נאָר ער טראָגט זיך אַזוי אײַליק, טאַקע נאָר עפּעס, ווי ער וואָלט געריטן אויף אַ וויכראָוון ווינט.

און צו דערצו האָט ער אַ צונג, אַ גלאַטע, אַ רירעוודיקע, ווי אויף שרײַפעלעך.

— יענער, אַז ער כאַפּט זיך דיר אַרויף אויף דעם באַלעמער, האַלט ער שבת אויף אים. מען קאָן אים גאָרנישט פון דאָרט אַראָפּשלעפּן — זאָגט עס שײקע מיט קנאה, דערפאַר, ווײַל אַזוי וועט ער, שײקע, אײַך פאַררעדן אַ וועלט, נאָר אויף דער טריבונע פאַרפעלט אים שטענדיק אי לופט, אי לשון, עלעהיי אַ פיש אויף דער יבשה.

— איר גלײַכט זיך צו זיי, פאַניע ברינזאַרזשע — ווייסט נישט שײקע, צי דער קוטנער וויצלט זיך, צי ער מיינט עס טאַקע ערנסט, — ביי אונדז, ווי די הייליקע ספרים שרײַבן, פלעגט אונדז דער מלאך אַ שנעל טאָן אין דער ליפּ, ווען מיר זענען שוין אַראָפּ אויף דער זינדיקער ערד. ביי זיי האָט ער זיך געפעדערט אַ פריִער, זיי אַ שנעל געטאָן אין צינגל, ווען זיי זענען נאָך געווען ביי זייער מאַמען אין בויך. דערפאַר גייט עס ביי זיי שטענדיק אוז אומעטום ווי אַ מזמור.

...ער שלעפּט אַרויס יאַמפּאָלסקי פון דער קעשענע אַ פלעשל בראָנפן און כדי צו מאַכן דעם עולם, ווי ער זאָגט, שטימונג, הייבט ער אָן צו זינגען איציק פעפערס אַ ליד.

ווייל איך האָב קיין מאָל אין דער טונקל נישט געבלאָנדזשעט
אין מיין קורצן שמייכלענדיקן לעבן,
לאַכט אין מיר מיין האַרץ ווען איך דערמאָן זיך,
אַז איך טראָג אַ נאָמען נאָך אַ רבין...

— מען דאַרף זיין אַן אדם המושלם, כדי צו זאָגן אַזוי קליפּ און קלאָר, זיך און אַלעמען, אַז מע האָט נישט געבלאָנדזשעט — שמייכלט דער

קוטנער — והרי אני כבן שבעים. איך בין שוין באַלד ביי די זיבעציק און פרעגט מיך בחרם, צי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, צי עס איז נישטאָ, ווייס איך נישט. אַמאָל אין די יונגע יאָרן, אין דער גערער ישיבה, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך ווייס דעם וועג צו אים. אָבער היינט איז ער פאַר־וואַקסן מיט בודיקעס און ווילדגראָז. און איך בלאָנדזשע און די חשכות ווערט אַלץ גרעסער און געדיכטער — רעדט דער קוטנער מיט אַ פאַרצוקט קול.

— אים, דעם טאַטן אין הימל, לאָזט צורו, פאַניע קוטנער. ער איז שוין אין גאַנצן עובר־בטל. ער האָט אַרויסגעלאָזט די לייצעס פון די הענט און די וועלט גייט כאַדאָראָם. זי קאַטשעט זיך אין דער ריפּע * אַריין — שרייט איבער אלעמען שייקע ברינזאַר.

— בייס דיר אָפּ די צונג, דו אַלטער פערדאַטש! געטראָפן מיט וועמען זיך צו קריגן, גיי, אַז יענער איז אונטערגעלעקט, רעדט ער שוין פאַר פייער און פאַר וואַסער — גיט ביילע אַ טאָרע איר מאַן ביים צעטרעפּקעטן לאָץ דאָס „ער זאָל אויפהערן צו בריעשן אויפן רבונו־של־עולם״.

— ווי איר זעט מיך, בין איך אַ נאַרישע יידענע — שטעלט זיך ביילע כוואַטסקע אַוועק אין מיטן דער קיביטקע מיט די הענט אויף די באָקעס. — נאָר כ׳האָב מיר מיין גאַנג אין לעבן, אַז מיט אים דאַרף מען נישט אָנהייבן. דערפאַר גיב איך אים ראש־השנה און יום־כיפור וואָס סע קומט אים. ווייל ער וואַרט לאַנג און צאָלט גוט. און מיט אונדז, יידן, האָב ער נאָך אַ באַזונ־דערן חשבון.

— גיב נאָר אַ קוק, ווי זי האָט זיך עס צעלאָזט... דאָ זיצן מענטשן, געלערנטע מיט תורה און חכמה, וואָס יעדעס וואָרט זייערס, איז גאָלע פּאַטעקע און זי גלייך ווי גאָרנישט. באַלאַקעט אין דער וועלט אַריין — זעצט שייקע אַוועק מיט כוח דאָס ווייב זיינס און רוקט איר אונטער אַ קאָט־לעט פון אייזלפלייש. — נאַ, עס און בענטש און זיי אַ מענטש. מע וועט זיך אָן דיר אויך ספּראַווען.

* קאַטשען זיך אין דער ריפּע — צעפּראַלן.

נאָכן צווייטן גלעזל בראָנפן ווערט הערשל יאַמפּאָלסקי גאָר בגילופין און דערציילט מיט אַ פאַרבענקט קול ווי אַמאָל, מיט אַ יאָר פופצן צוריק, איז איציק פעפער געקומען צו זיי אין ביעלאָצערקאָוו אין דער יידישער שול.

סע איז אַ שיינע געשיכטע וועגן זיין מאַמען, וועלכע איז געוועזן שיין ווי אַ יונג ווערדל, און ווי אַזוי די שטאָלטנע מאַמע זיינע האָט באַגריסט פעפערן אין אַ געשמאַקן זאַפטיקן יידיש, וועלכער איז געוועזן פול מיט חן ווי אירע חן־גריבלעך. אַ צווייטע געשיכטע, וועגן אים, הערשלען, דעם קליינעם ווערוריק, וועלכער איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן, וואָס ער זעט אַ לעבעדיקן דיכטער, אַז ער האָט אַ פרעג געטאָן פעפערן, צי ער זאָל זאָגן זיין ליד מיט די ווערטער צי אָן די ווערטער?...

— סע הייסט אויף שטום־לשון — לאַכט שייקע ברינזאַר מיט אַ פאַר־דומפן געלעכטער ווי פון אַ ליידיקן פאַס אַרויס און אַלע לאַכן מיט אים מיט.

— ערשט נעכטן — נעמט אַרויס יאַמפּאָלסקי פעפערס אַ קאַרטל — האָב איך באַקומען אַן ענטפער פון אים, אויף מיינס אַ ליד, וואָס איך האָב אַריינגעשיקט אין דער „אייניקייט" קיין קויבישעוו. זאָלט איר זען ווי ער געדענקט מיך. ער שרייבט מיר, אַז לשון איז דאָ ביי מיר. „ווערטער אַ סך... אַ סך... און פינקלענדיקע ווי פאַטשערקעס און קנאַקנדיקע ווי פייקלעך. נאָר פאָעטיש געמיט איז נאָך פאַראַן ווייניק אין זיי. אַלץ וועט קומען מיט דער צייט. דער הייסער אָטעם פון שלאַכט וועט געבן אייער וואָרט שווונג און פאַרנעם" — לייענט הערשל דעם דיכטערס קאַרטל מיט אַזאַ אימפּעט, ווי ער וואָלט געלייענט אַ ליד, וואָס רופט צום קאַמף.

— מיט דעם חיות לעבט מען. מיט די זכרונות מישטיינס געזאָגט, וואָס איז דען עפּעס אַנדערש געבליבן? —ווישט ביילע די פאַרוויינטע אויגן.

— גוט, וואָס סע איז כאָטש דאָ אין וואָס זיך צו דערמאָנען, ווייי איז צו די, וואָס האָבן דאָס אויך נישט! — קוקט איטשע־מאיר אַ פאַרטיפטער אין זיינע מחשבות אויף די בייזיצנדיקע.

...אין זיינוול ציבולסקיס געזיכט טליִעט אַ שאַרלאַכדיקע רויטקייט. די אויגן זיינע זענען איצט פאַרחלומטע, פיבערדיקע. ער הייבט זיך אויף,

זיינוול, פון דער קיביטקישער שוועל, און ווערט מיט אַ מאָל עפּעס העכער, גרעסער. ער שפּאַרט אָן זיינע קנאָכיקע הענט אין דעם הינקענדיקן טישל ווי אַמאָל אין זיין טשאָרטקעווער יצחק־לייבוש־פּרץ־פּאַראיין, ווען ער, דער פּאָרזיצער, פּלעגט אין אַ יום־טוב עפענען אַ ליטעראַרישן אָוונט. ער מאַכט צו די אויגן, זיינוול, און זעט, ווי אַ יונג־געזאַלבטער משורר אַנגעטאָן אין אַ זיידן העמדל, שטייגט אויף פּאַרכטיק אויף די טרעפּ, וואָס פירן צום היכל פון פּאָעזיע. פּרץ מאַרקיש הייסט דער דיכטער. „הערט, חברים, הערט"... — לייענט זיינוול מיט אַ קול, וואָס דערמאָנט אַ פּאַרבענקטן פּאַסטוכישן פלויער אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט:

קומט צו מיר אַ שאָף אין שטילן טרויער
זוכן מיר אין צימער, צי כ'בין דאָ.
די פענצטער ווערן בלויער, בלויער...
טרויער, איך בין נישטאָ...

ער לאָזט זיך אַראָפּ, זיינוול, אַ פּאַרמאַטערטער אויפן ביישטידל און זיין פאַרשלומערטער בליק פאַלט אויף די בעלמעוואַטע שייבלעך פון דער קיביטקע, דורך וועלכע עס קוקט אַריין די כאַרעזומער לבנה, אַ בלייכע און באַנומענע, ווי אַ רייפּטל פון אַ נישט אויסגעצייטיקטער דיניע.

— דאָס איז שוין מער ווי שירה, דאָס איז שוין התפשטות הגשמיות — באַגיטיקט פרום דער קוטנער.

— און דערנאָך איז געגאַנגען אַ סדרה „נאַקעטע לידער". איר האָט געדאַרפט זען ווי אונדזער מלך האָט זיך עס געגעבן אַ צעלאָז. אַ שאָד, וואָס כ'האָב פאַרגעסן דאָס ליד. — צופּט זיינוול אָן אַנגסטיקער די פּאָר הערעלעך אויף זיין עילוי־שטערן, ווי ער וואָלט פּרווון אויפמונטערן זיין פאַרלעגערטן זכרון.

— דערלאַנגט, זיינוועלע, דערלאַנגט — שרייט שייקע ברינזאַר צו זיין קאַמערניק — עס גייט קיין עין הרע ביי אייך ווי געשמירט. אָן אייער שאָדן אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן.

זיינוולס אויסגעדייוועטער ברוסטקאַסטן איז איצט ווי אַ פידל אויף וועמענס סטרונעס עס שפּילן זיינע בלייכע פינגער. אָט שפּילט ער איצט אויף דער סאַמע אויבערשטער סטרונע, דער באַסאָווער, יאָ, ער איז איצט

שוין מער נישט דער פאַרוואַגלטער בלייכער סטאַטיסטיקער פון כאַנקיער ״פּראָמקאָמבינאַט״, נאָר דער גאַליצישער לאַנדסמאַן זיינער, דער דיכטער מלך ראַוויטש, וועלכער לייענט פאַר אַ באַגייסטערטן עולם זיינע נאַקעטע שורות:

איך קען קיין לאָקשן־קודש נישט

איך געהער צום פּראָסטן המון.

— דאָס איז דאָך נישט קיין פּאָעזיע, דאָס איז דאָך חילול־השם! — הייבן אַזש אָן צו קלימפּערן די שייבלעך פון איטשע־מאירס אומגעריכטן געשריי: — איר אַליין זענט אַ כופר־בעיקר, אָן אַפּטריניקער — גיט זיך דער ביאַליסטאָקער אַ לאָז צו זיינוולען, גלייך ווי ער וואָלט אים וועלן דורס זיין — אַז איר קאָנט אין אַזאַ שעת החירום, ווען אַ פאָלק גייט אָפּ אין בלוט, זיך צאַצקען מיט אַזעלכע, כ׳בעט איבער אייער כבוד!

— מחותן, נאָר מיט רחמנות. פאַרגעסט נישט, אַז זיי זענען נעבעך אַ שוואַך מענטשל, זיינוול — וואַקסט אויס שייקע ווי אַ סלופּ צווישן איטשע־מאירן און ציבולסקין — וואָס האָבן זיי אַזוי חוטא בעגל געווען? זיי האָבן גענומען אָן איבעריקן טראָפּן. האָבן זיי אַ ביסל איבערגעפּוטשעוועט — איז ער מליץ־יושר אויף זיין בלאַסן קוואַרטיראַנט.

שטילערהייט האָט ער הנאה, שייקע, פון זיין ביאַליסטאָקער מחותן. „האָט ער היינט פאַרקאָכט אַ קאַשע, דער זיינוול...״ ער האָט פון אַלע יאָרן ליב, שייקע, אַז עס איז „פריילעך״... אַז סע זידט ווי אין אַ קעסל. און גאָר האָט ער ליב, שייקע, גבורה. פאַר אַ גוטן פּאַטש, האָט ער נאָך מער דרך־ארץ ווי פאַר תורה. ער דערמאָנט זיך, אַז ער פלעגט בחורווייז אַ זאָג טאָן די דאָמבראָווער כאַפּטעליאַרניקעס * — וואָס האָבן געקלעפּט אַרום זייןביילען, ווי בינען אַרום האָניק — אַז ער איז „אויפערנזיכטיק״... האָט עס געהייסן, אָדער ער וועט געבן פּעטש, אָדער ער וועט כאַפּן פּעטש. ער קוועלט אָן פון זיין מחותן, וועלכן ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז שוואַך ווי אַ פליג. און דאָ זעט ער פאַר זיך אַ שמשון הגבור, וועלכער איז גרייט יעדע רגע צו מאַכן צונישט אַ פּאָר מאות פלישתים...

---

* לײדיקגײער.

ער וואָלט נעבעך וועלן, שייקע, אויך אַריינשטעלן אַ וואָרט אין דעם היציקן שמועס. זיך פּאַרקאַטשען די אַרבל, זיך אַמפּערן, היצן, און אַז מען דאַרף טאַקע פּאַרפּאָרן עמיצן אין קאָלנער, נאָר גיי, אַז דאָ רעדט מען אין אַזאַ געהויבענער שפּראַך און ער, פּאַרשריַענע יאָרן זיינע, איז ערגעץ געבליבן שטעקן אונטערוועגנס, צווישן יאַקעקע און יאַבעקע...

— ער איז אַ כל שבכל, דער מלך אייערער — איז שוין איטשע־מאיר אין גאַנצן אַרויס פון די כלים — הער, הער, אַ גדולה אויף דער באָבען זייערער, ער קען קיין לשון־קודש נישט. איז וואָלט ער געווען אַ פּשוטער נחת־דרגא און געזאָגט אַזעלכעס בפרהסיא, וואָלט מען אויף אים געשפּיגן קלעק. מילא, ווערן מיר שטאַרק בדלות פון נאָך אַ גראָבן יונג! איז ער אָבער אַ פּייטן! און אַ פּייטן איז געגליכן צו אַ נביא. קולו מלא עולם, אים הערן מיט אַ פּאַרציטערטן אָטעם גרויס און קליין, גרייט מקיים צו זיין דעם נשמע ונעשה... קומט אויס, אַז ער רופט אַ גאַנצן ציבור שפּייען אין ברונעם, פון וועלכן עס האָבן געטרונקען דורות. איז הייסט עס, אויס מיט ישעיהון, אויס מיט יחזקאלן, אויס מיט עמוסן. איז קומט און פאַרנעמט די נייע תורה פון דעם גאַליצישן נביא. און מע פאָלגט און מע גייט. און מע צעברעכט די אַלטע לוחות. און אַ גאַנצער דור בלייבט נאַקעט, הויל און בלויז ווי די מאַמע האָט אים געהאַט.

...מיט אַ מאָל גיט זיך די טיר פון דער קיביטקע אַ צעפּראַל און האַלב־פאַרשלאָפענע, דערשראָקענע און צעכראַסטעטע אין דער הוילער אונטערוועש, רייסן זיך אַריין שייקעס אוזבעקישע שכנים: אַליַעוו, זיין ווייב כאַמיראַ, די אַלטע צעקנייטשטע שוויגער זיינע מאַריאַם און דאָס יונגע בליַענדיקע טעכטערל זייערס, אַגולדזשאַן.

— שאַנום אַרטאַרגלאַר — בעט זיך תחנונים אַליַעוו — ניעמע אוטשון אורוש גערעק? נאַן באַר... אי מיאַצאַ טאַזשע יעסט... אוריוק באַר... אַראַק גאַמזום... אַט גאַלאַבאַ — גיט ער זיך אַ פאַרפאַר מיט דער מאַגערער האַנט אין זיין צעשויבערטן קאָפּ — סאַווסיעם זאַביל... ראָקאָ־סאָווסקי מאָסקוואַדע קואָפּ ניעמיסלאַר אולים. און מיט אַ מאָל גיט ער, אַליַעוו אַ שפּרונג אַרויף אויפן בענקל און צעפלאַשעט די אַרבל זיינע,

ווי אַ פון שלאָף אויפגעוועקטער האָן זיינע פליגל, און גיט אַ הילך: יאַשאַ־סין ביזנין קיזיל אַרמיע!!

סע דאַרף הייסן: פּאַר וואָס, חברימלעך טייערע, קומט איר נישט אויס צווישן זיך? וואָס קאָנט איר דאָ נישט איינטיילן? איך זע קיין עין־הרע, אַז עס איז דאָ ביי אייך אויפן טיש פון אַלדאָס גוטס. אי ברויט, אי פלייש, אי פּרוכטן און אַפילו אַ פלאַש יי״ש. און ווען — נאַרישער קאָפּ מיינער, שיר פאַרגעסן, פונקט ווען ראָקאָסאָווסקי שלאָגט דעם דייטש הינטער מאָסקווע מכות־רצח. זאָל לעבן אונדזער רויטע אַרמיי!

— פון דיין מויל, ישמעאל־סערדצע, אין דעם אויבערשטנס אויערן — לאַכט ביילע מיט אַ יונג גלעקלדיק געלעכטער — גיט אים, זייט זשע מוחל, זיינוול ליבער, אַ פרעג דעם תנא־גדול אויף טערקיש לשון, פון וואַנען האָט ער געגומען די גוטע בשורה?

— גאַפיר, אַליעוו עקע, קים דידי? — סע הייסט: גיב לשון, אַליעוו, ברודער, ווער האָט עס דיר געזאָגט? — פרווט אויס ציבולסקי זיין אַל־וויסיקייט אין דער אוזבעקישער שפּראַך.

— עטאַ נאַש סאָוויעטסקי פאַרענביוראָ אי סקאַזאַל — האַלט אַליעוו אין איין אַרויפּציִען זיינע תחתונים, פון וועלכע ער איז שוין באַלד אַרויס־געפאַלן.

— איז שאַ, לאָמיר מיט אונדזערע אייגענע אויערן הערן דעם שופר של משיח — גיט דער קוטנער אַ טאַרקע דעם שוואַרצן „טעלער", וואָס הענגט אַ פאַריאָמערטער פון די פיל שלעכטע בשורות אין אַ מיט שפּינ־וועבס פאַרוואַקסן ווינקעלע.

...„די טיילן פונעם גענעראַל ראָקאָסאָווסקי — ווערט די קיביטקע פול מיט לעוויטאַנס קול — האָבן צעשמעטערט דעם שונאס חילות, וועל־כע ציִען זיך צוריק אין גרויס בהלה אויפן וועג קיין מאָזשאַיסק. אונדזערע רויטאַרמייאישע טיילן פאַרפאָלגן זיי טריט ביי טריט".

— מזל־טוב, ברידער! — כאַפּט זיך איטשע־מאיר קושן מיט אַלע אַרומיקע — מזל־טוב! איך בין נישט ווערט צו דערמאָנען זיין נאָמען. לאָמיר האָפן, אַז עס איז שוין אַתחלתא דגאולה.

— מיט מזל זאָלט איר לעבן, איטשע־זיסער — קושט זיך ביילע צום ערשטן מאָל מיט איר שטענדיק פאַרמחשבהטן ביאַליסטאָקער מחותן און פאַרגעסט אויך נישט אין דער פאַרקלאָגטער מחותנתטע.

— איך זע, מרימל, אומזיסט האָט איר געקלאָגט אויף אייער בן־יחיד דאָס ער איז געקומען אין אַזאַ אומגעריכטער צייט — ווענדט זיך דער קוטנער צו מרים לאָפּושנער, וועלכע זיצט אַ פאַרטרערטע אין אַ ווינקעלע מיט איר נייגעבוירענעם זון אויף די הענט. — ער איז אונדז געבוירן גע־וואָרן צו מזל און צו גליק, דער שלום אייערער. אַ יאָ, ר׳ איטשע מאיר, איר וועט קיין פאַריבל נישט האָבן, אַז מירן דעם וויכוח אייערן מיט צי־בולסקין אָפּלייגן אויף נאָך דער מלחמה — שמייכלט דער קוטנער פאַרגעבנ־דיק. — סע איז איצט אַ הרת־עולמדיקע צייט, איז לאָמיר עס פאַרזינגען. עלעהיי נח׳ס טייבעלע, וואָס איז אַרויס דאָס ערשטע מאָל פון דער תיבה אויף דער חרובער ערד, זאָל היינט זיך הערן דאָס ליד פון דער ערשטער כאָרעזמער געווינערין. איז זינגט זשע, מרים קרוין.

— זינגט, מרימל ליבע, זינגט, אַז מע זינגט זיך אויס, ווערט גרינגער אויפן האַרצן — וויל זיך ביילע אויספיינען מיט איר לאַנדסמאַנקעס גע־זאַנג.

...זי לאָזט אַראָפּ, אַ פאַרשעמטע, די קאַרע אויגן אירע, מרימל, ווי אַ בעסאַראַבער כלה־מיידל, ווען זי קוקט זיך אָן צום ערשטן מאָל מיט איר חתן. זי הערט זיך צו ווי איר קינד גאָגערט ווי אַ טייבעלע. זי טראַכט צי איר מאַן, וואָס האָט זיך געלאָזט אין געפאַרפולן וועג, מיט אַ קאַראַוואַן קעמלען באַלאָדענע מיט בוימוואָל, איז אַדורך דעם קאַראַקומער מדבר; זי טראַכט וועגן איר משפחה, וועלכע איז פאַרבליבן אין מאָלדאַוויע, איבער וועלכער עס גייט איצט אַ בלוטיקער רעגן; זי טראַכט איצט וועגן די ברידער און שוועסטער אירע, וועלכע הונגעריק, נישט דערשלאָפענע, דורך פראָסט און זאַווייען ראַנגלען זיי זיך מיט די דייטשישע פאַרוויסטער און פאַרטיליקער.

עס איז אַ גרויסע און פאַרכטיקע שעה אין איר לעבן. איז וואָס זשע זאָל זי זינגען? ווו נעמט מען איצט דאָס ליד, אין וועלכן עס זאָל זיין די פרייד און דאָס געוויין פון דורות?

...אַדורך די שייבלעך קוקט אַריין דער צונטער־רויטער כאָרעזמער מולד און אין זיין ראַזעווען אָפּשיין קוקן איר אויס די בייזיצנדיקע, ווי אירע אוראַלטע זיידעס און באָבעס אויפֿן וועג קיין כנען.

און מיט אַ מאָל דערשפּירט זי, ווי עס הייבן איר אָן צו בריִען די פֿינגער און אין געמיט נעמט רוישן ווי אין אַן אוראַלטן בעסאַראַבער וואַלד בעת אַ שטורעם. זי זינגט עפּעס אַזוי דין, גלייך נישט זי וואָלט געזונגען, נאָר דער ניגון וואָלט געזונגען:

די לבנה פּירט די שטערן
ווי אַ פּאַסטעך זיינע שאָף.
סע זאָל, חלילה, נישט געמינערט ווערן
פֿון מיין קינדעלע דער שלאָף.
...יאָרן לויפֿן, יאָרן פֿליִען
יאָרן גרוסן דיך צו זען
וואָס זיי ברענגען פֿון דיינעט וועגן
נאָר דאָס ווייסט זיך גאָט אַליין.

...סע איז אַן אַלט פּאַרציייטיק ליד. סע האָט עס געזונגען איר מאַמע, איר באָבע. מיט אָט דעם ניגון האָבן אַמאָל אין איר היימשטעטל יידישע פּאַרצוקטע מאַמעס איינגעוויגט זייערע קינדער. און אַ טשעקאַווע געשיכטע האָט דאָס ליד: אַמאָל מיט פֿיל יאָרן צוריק, ווען איר עלטער־זיידע און עלטער־באָבע האָבן זיך באַזעצט אין דער בעסאַראַבער קאָלאָניע זגוריצע און פֿון קאַיאָר ביז שפּעט אין דער זינקנדיקער נאַכט באַאַרבעט די פֿריצישע אַרענדירטע ערד, האָט איין מאָל אין אַ ווערסנעדיקן פֿאַרטאָג אָנגעקלאַפּט אין זייער פֿענצטער אַ מידער וואַנדרער. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַן אוקראַיִנער ייד, אַ ביכער־פֿאַרפֿאַסער און הייסן הייסט ער אברהם־בער גאָטלאָבער. האָט זי אים אין איר שטוב פֿאַרבעטן, די יונגע פֿויערטע, רחל רויטמאַן, און אַליין איז זי פֿייל אויסן בויגן אַוועק אין פֿעלד אָנזאָגן דעם מאַן אירן די גוטע בשורה, דאָס זיי האָבן זוכה געווען, אַז די שוועל פֿון זייער שטוב זאָל באַטרעטן אַזאַ ווירדיקער אורח.

גראָד האָט דעמאָלט געגומען גיסן אַ שלאַקסרעגן און עס האָט גע־כליאָפּעט מיט צעבערס און אַזוי איז זי אַ פּיטש־נאַסע געלאָפן אין פעלד אָנזאָגן איר אויסדערוויילטן די גוטע נאַכריכט.

...און אַז זיי האָבן זיך ביידע פון פעלד אומגעקערט, איז אויפגע־גאַנגען אַ ליכטנדיקע, וואַרעמע בעסאַראַבער זון און די ערד האָט ליב געשמעקט מיט קרייטעכצער און געווירצן. און אַז זיי האָבן צו זייער שטוב גענענט, האָבן זיי פאַרנומען אַ ווונדערלעך געזאַנג, וואָס האָט זיך צעגאָסן ווי אַ באַלזאַם אין אַלע זייערע גלידער.

און זע אַ וווּנדער! דער אורח פון אוקראַיִנע איז געזעסן אויף דער פריזבע פון זייער אָרעם שטיבל מיט זייער בת־יחידה, שפּרינצעלע, אויף די הענט און איר געזונגען אַ יידיש ליד.

— איז פון וואַנען, אורח ליבער, האָט איר גענומען אָט דאָס שיינע ליד? — זענען זיי געשטאַנען פאַרגאַפטע.

— זעט אויס, אַז אייער געצעלט איז אַ הייליקע נעסט פון מי און ליבע. ווייל די שכינה איז געווען אַזוי גוטמוטיק צו מיר און איך האָב עס אָקאָרשט אָ־דאָ פאַרפאַסט.

און אַז ער האָט זיך אַרומגעוואַשן און אונטערגעלענט דאָס האַרץ, דער ייִד דער גייער, האָט ער גענומען דאָס רענצל און זיין שטאָק אין האַנט און אַ זינגענדיקער זיך געלאָזט ווייטער צו פוס צום דניעסטער צו איינער אַ שטאָט דובאָסאַר, ווו זיין גורל האָט אים געטראָגן...

איצטער דוכט זיך דיר, אַז דיין וויגעלע
איז דאָך גרויס ווי אַ געצעלט.
ווּעסט עלטער ווערן, ווּעסט גרעסער ווערן
ווייניק וועט דיר זיין די וועלט.

...זי זינגט, מרימל, און טראַכט: אין אַזוי פיל שטעט און דערפער פליסן איצט טייכן יידיש בלוט. אין אַזוי פיל ישובים, ווו דורות האָבן געלעבט, געאַרבעט, זיך געפּרוכפּערט און געמערט האָבן זיך אויסגעלאָשן די שטערן פונעם יידישן געזאַנג. און נאָר אויף דער כאָרעזמער ערד, אַן אַרומגערינגלטער מיט מדבריות און וויסטענישן, אויף אָט דעם אוזבעקישן

הימל גלימערט ווידער אַ בלייך שטערנדל פון יידיש געזאַנג. איז עס אַ ברכה, אָדער, חס־וחלילה, אַ קללה?

שלאָף, מיין קינד, שלאָף געזונט,
שלאָף, איך האָב דיך שוין פאַרוויגט.
מיט ברילאַנטן אָן אַ שיעור
איז דער הימל אויסגעשיקט.

— דעם מלאך איז אַוודאי געווען גרינגער אין צייטן פון רו און שלווה צו קנעלן מיטן קינד ביי דער יולדת אין בויך. איר, מרים־לעב, האָט דערגרייכט אַ גרעסערע מדרגה. איר כאָוועט אייער יורש מיט אַ יידישן ניגון ווען סע ברענט די ערד אונטער די פיס — נעמט דער קוטנער דאָס קינד אויף די הענט און באַטראַכט עס אַזוי, גלייך ווי פון דעם וועט זיך אָנהייבן אַ נייער שטאַם.

— איי, דער רבונו של עולם קאָן שוין איין מאָל פאַרפלאָנטערן אַ קניפּל, אַז דער גוטער יאָר אַליין וועט עס נישט אויסקנײפּן — רייבט זיך שייקע אויס די אויגן ווי נאָך אַ טיפן שלאָף, און כראָמטשעט געשמאַק דעם קישמיש.

— קוק אים אָן, דעם זולל וסובא! מענטשן רעדן פון אַזעלכע געהויי־בענע זאַכן. ס׳ווייבל זינגט, אַז זי קאָן צעברעכן אַפילו אַ שטיינערן האַרץ און ער קייעט אויףביידע באַקן — האָט ביילע פאַריבל אויף איר מאַן, וואָס ער איז זי מביש פאַר מענטשן.

— עיך זאָג דען עפּעס? עיך טו דען עפּעס שלעכטס? עיך ווייס שוין לאַנג, אַז זי האָט די לאָפּושנערקע אַ פולן האַלדז מיט סמעטענע, אָבער „קייען" (קין) איז נישט הבל. מען דאַרף עסן, כּדי האָבן כּוח איבערצו־טראָגן אַלע צרות און אומגליקן. ווער ווייסט וואָס סע איז אונדז נאָך פאָרבערייט! — שלעפּט ער אַרויס, ברינזאַר, זיין טעכטערלס אַ גלינצנ־דיק וואָרט.

— וואָס סע זאָל נישט געשען מיט אונדז, נאָר דאָס ליד וועט בלייבן — שטייט ציבולסקי אַ באַדאַכטער אויף דער שוועל, אַ באַזילבערטער פון לבנה־ליכט, עפּעס ווי אַ נישט דאָיִקער.

...און אַז די געסט צעגייען זיך, גייט ער אַרויס, ציבולסקי, אין דרויסן און לאָזט זיך שפּאַנען אַן איינאַלייניקער איבער די פאַרשלאָפענע כאַנ־קיער געסלעך. ערגעץ ווו הירזשען קעמלען און אייזלען. עס יאָמערן נאַכטפייגל. עס שיפּען קאַראַקומער שלאַנגען.

ער קוקט, זיינוול, אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל און ער דערפילט זיך עפּעס חשובער, געוויכטיקער ביי זיך ביים געדאַנק, אַז דער זעלבער הימל האָט זיך געבלויט איבער די קעפּ פון זיינע אוראַלטע אָבות, ווען זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין ווילדע געגנטן און גלוטיקע מדבריות.

— איז וואָס זשע וועט זיין, אַז סע וועט קומען די אויסגעבענקטע שעה און מירן זיך אומקערן אין אונדזערע חרובע היימען ?...

— עס וועלן בלייבן דאָ אין כאָרעזם די פּרוכטן פון אונדזער מי. פעלדער וועלן זיך דערמאָנען ווי מיר האָבן מיט שווייס און טרערן גע־אַקערט און געזייט, געפלאַנצט און געיעטעט. בוימוואָל־בלימעלעך וועלן דערמאָנען ווי מיר האָבן מיט פאַרשמאַכטע ליפּן גערעדט צו זיי יידיש. און כאָרעזמער אַריקן וועלן נאָך לאַנג פליסטערן מרימס אייביק ליד פון די אימהות.

# אויב נישט נאָך העכער...

א.

...אוי, פּראָסטע דאָרפישע מאַמע מײַנע!...

קלוגע, האַרציקע מאַמע מײַנע, וואָס אַפילו מיטן אַלמעכטיקן פלעגסטו זיך גאָר היימישלעך אַדורכשמועסן אין וואָלעכיש.

און דו האָסט דיר געהאַט אַ מיין און אַן אונטערמיין דערבײַ, געמלעך אַזוי צו זאָגן:

„ער איז שוין זאַט, דער אויבערשטער, איבערן קאָפּ פון אונדזערע יאַכמערייען און קלאָגערייען אין ביידע לשונות.

דאַרף מען דעריבער מיט אים שמועסן אין אַ פריילעך באַרוועס לשון.

מען זאָל זיך אַביסל פריילעך מאַכן און אויך פאַרטרייבן זײַן געטלעכע עצבות".

און דעריבער האָסטו געגאָסן אין זיך, מאַמע מײַנע, פולע לאָגלען מיט ווײַן, און צעבערס מיט פויערישער פרייד.

— נאָר, ווײ מיר ווײ — ווי אין אַ לעכערדיקן פּאַס!

די וואָלעכישע פרייד דײַנע איז אויסגערינען פון דעם טריבן גע־שפּאָלטענעם יידישן קריגל.

און אפשר דערפאַר, מאַמע מײַנע, ווען דו ביסט פאַרגאַנגען מיט מיר אין טראָגן, ביסטו אַ פאַרדעכענדיקע, געלאָפן אין דײַן דאָרפישן קעלער, טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ.

דאָס האָסטו אַזוי אַרום, געוואָלט פּטור ווערן פון מיר.
דיין מיין — ווייניקער מיט איין טרויעריקן ייד אויף דער וועלט.
און אַפּנים, דעמאָלט, אין אַ שעה פון — איידל גערעדט — זעלישער ליקוי־חמה, איז געבוירן געוואָרן אַ ביטערער זאַג:
האָסט אַ קליינעם אומגליק, האַלט דיך ביי אים, ווייל עס קאָן צו יעדער צייט אונטערקומען אַ גרעסערער.
זעט אויס, אַז האָסט שוין דעמאָלט גוט געוווסט, אַז דאָס ווייסע חלום־ציגעלע פון דעם יידישן פאָלקסליד, אין איינעם מיט די זיסע, געשמאַקע ראָזשינקעס און מאַנדלען, האָט אויפגעפרעסן דער צעיושעטער, גויאישער וואָלף.
און געבליבן איז נאָר דאָס ליידיקע, צעבראָכענע וויגעלע, וועלכע עס הוידען אַלע בייזע ווינטן פון דער וועלט.
איז נאָך אַ מאָל, אוי, מאַמע מיינע... פאַר וואָס ביסטו ניט געשלאָפן נאָך אַ פּאָר טרעפּלעך מערער?...
כ׳לעבן, נאָך איין טרעפּל...

ב.

...אָט אַזוי האָב איך מיך עס געפּעסטעט פאַר מיין מאַמע, איטע דער קדושה, אין אַ הושענא־רבאדיקן ביינאַכט פון דעם אימהדיקן 49סטן יאָר אין אַן אָדעסער טורמע.
אַ טורמע אין סאַמע האַרץ פון דער שטאָט, פון דער ירושלים דרוסיה.
געדענקט, געדענקט איר, ביאַליקס נאָסטאַלגישן זאָג:
"אָדעס, אָדעס, אחריך אני מת!".
איז פינף יידן זענען מיר געזעסן אין אָט דער אַשמרותדיקער שעה און געפירט דעם אייביקן דיאַלאָג מיטן כביכול און מיטן געשיכטלעכן גורל אונדזערן.
דער ערשטער — אַן אַלטער יידישער שרייבער, זאַט אין יאָרן, און זאַט אין צרות, דער שיינדלינג פון דער יידישער פּראָזע אין דער מדינה צווישן דניעסטער און פּרוט — ר׳ משה פון ליפּקאַן.

דער צווייטער — דער גרייז־גרויער פירער פון „בונד", דער סאַמע חריפותדיקער תלמודיסט, דער קלוגסטער ייד פון דער בעסאַראַבער גו־בערניע — ר' שעפטל פון דער ק"ק קעשעניעוו.

דער דריטער — אַ דממה־דקהדיקער דיכטער, וועמענס קוואַטערס עס זענען געווען געקריינדלטע פּאָעטן.

דער פערטער — אַ חנעוודיקער פּאָעט, מיט לידער זוניקע און לוי־טערע, ווי טראָפּנס טוי, אין בעסאַראַבער וועסנעדיקן קאַיאָר.

און דער פינפטער — אוי דער פינפטער — איך, וואָס בין געבוירן געוואָרן אויף אַ שטעטלדיקער פּריזבע, אין אַ שפּעט־זומערדיקן פאַרנאַכט, ווען אין מיין מאַמעס פּאָדעלעק זענען געפאַלן שטערן, ווי צייטיקע טרויבן.

אַמאָל... אַמאָל... אין יענע ווייטע, ערב־מבולדיקע יאָרן, ווען אונדזער גייסטיקער מאָן האָט געבליט, פלעגן מיר זיך פאַרכלינען אין לירישן נחת:

— איבער אונדז דער בלויער ווונדערלעכער הימל.

— אַרום אונדז דער גרינער ווונדערלעכער וואַלד.

— און אונטער אונדז, דער זילבערנער ווונדער — דער טייך פּרוט.

— איצט — איבער אונדז — אויף די אויבערשטע נאַרעס, די אויבער־גנבים, גנבים יחוסדיקע, דאָס זעמלמעל, פונעם לאַנד פון סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט.

אַרום אונדז — מיטעלע גנבים, אַן ערב־רב, וועלכע זענען ערשט נישט לאַנג געווען מיטגלידער פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און היינט, זענען זיי נעבעך געוואָרן יורדים — חברים פונעם פינפטן אינטערנאַציאָ־נאַל, פון די מיט לעפקע פינגער, צעטרענצלער פונעם מלוכהשן פאַר־מעגן בלע"ז.

און אונטער אונדז — קליינע גנבימלעך, דריבנינקע אויסוווּרפלעך, וואָס ווימלען אַרום ווי שטשורעס אין אַלע ווינקעלעך פון אָט דעם חשכות־דיקן תפיסה־צימער, ווו מען האָט אונדז אַריינגעשליידערט, ווי דניאלן אין לייבנגרוב.

...איז זאָגט אייך וואָס איר ווילט, נאָר כ'לעבן אַ טייער פאָלק די סאָוויעטישע גנבים! ממש, כהרף־עין, האָבן זיי אונדז אויסגעטאָן פון אַלע

אונדזערע, גראָבע גשמיותדיקע דאגות, און געלאָזט שוועבן אין די העכערע עולמות פון רוחניות.

...שטילע, נאַכטיקע שעה! שעה, ווען עס טראַכט זיך אַזוי הייליק, און אַזוי דיין. פינף בעסאַראַבער יידן... פּופּציק יאָר תפיסה קלאַפּן זיך אין די קופּערנע, פאַרריגלטע טויערן פון שערי־רחמים...

אולי, אפשר, וועט פאָרט געשען אַ נס?

ג.

און מיט אַ מאָל צעפּראַלט זיך די טיר פון דעם סטאַלינישן חדר מיוחד און עס שפּאַנען אַריין צוויי פאַרשוינען.

דער ערשטער — אָנגעטאָן אין אַ פּריציש, טכוירן טולופּל, מיט נגידישע יוסטע טריט, — עלעהיי שלום אַשס ר׳ שלמה נגיד — און מיט אַ פריילעך, זשוליקעוואַטע בערדל.

דער צווייטער — מיט גרינגע טריטעלעך, פון אַ כפתור ופרחדיקן יונגערמאַנטשיק, און מיט אַ נישטערנדיקן קוקעלע פון אַ רואה ואינו נראה.

...עס איז שפּעט ביי נאַכט. עס כראָפּען די גרויסע גנבים אויף די אויבערשטע נאַרעס. עס פּאָפן די פאַרטייאישע כאַפּ־לאַפּניקעס אויף די מיטעלע נאַרעס.

...און עס דרימלען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן די קליינע כאַפּערלעך אין סאַמע פּאַליש.

...און נאָר פינף וואַכע יידן, עלעהיי זייערע אָבות פאַר יציאת מצרים, זיצן אויפן דיל, אויף זייערע פאַרקוואַרטע, פאַרדאַרטע קלומעקלעך.

...דער ערשטער אורח גענענט צום ליפּקאַנער מושך בעט סופרים, המכונה ר׳ משה. באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז פיס, און פלא פלאים, פון דעם פריילעכן בערדל זיינעם קוילערט זיך אַראָפּ זייער נישט קיין פריילעך פרעגעלע:

— ר׳ אַלטער, ביסט אַ ייד?

— אַ ייד — צעכליפּעט זיך דער ישיש ר׳ משה, עלעהיי אברהם אבינו פונעם חומש וואָלט זיך באַוויזן צו אים.

— אויב אַ ייד... וואָס זשע ביסטו אַזוי פאַרווײַנט? פאַר וואָס מוזן יידן נאָר ווײַנען?... ווען וועלן זיי שוין אַ מאָל אויפהערן צו ווײַנען?

— אָט דאָס פרעג איך אויך, קינד מײַנס, איך פרעג אים פון דעם ערשטן טאָג, וואָס כ׳בין צו מײַן שכל געקומען.

— וועמען פרעגסטו?

— ס׳הייסט וועמען? דעם רבונו־של־עולם?

— זיי נישט קיין יאָלד. אים האָסטו נישט וואָס צו פרעגן. ער האָט שוין לאַנג אַרויסגעלאָזט די וואָשקעס פון די הענט. און די פערד זײַנע האָבן זיך צעפּאָלאָשעט.. דו, זאָג בעסער, וואָס איז דײַן פאַך... אויך אַ גנב?

— ניין, אַ שרײַבער. אַ יידישער שרײַבער.

— דו שרײַבסט ווי שלום עליכם... צי אַ ביסעלע ערגער...

— ביי מיר אין דער היים, פלעגט מען זאָגן, — לאַכט ר׳ משה — אַז איך בין דער צווייטער מאָפּאַסאַן...

— מען דאַרף שטענדיק זײַן דער ערשטער, און נישט דער צווייטער. און חוץ דעם, דעם גוי קען איך נישט און וויל אים נישט קענען. נו, און די דריי אָליקעס, וואָס אַרום דיר?

— נעבעך יונגע יידישע פּאָעטן — ווײַנט שוין טאַקע אין אַן אמתן מיט אַל תשליכני לעת זקנה־טרערן דער אַלטער דערציילער.

— זיי לעבן פון גראַמען, לעבן זיי? וואָס גראַמען זיי, שטראָם־גראָם, מאָך מיר אַ לעטניק?

— ניין, ניין! זיי קענען נעבעך. זיי האָבן נאָר קיין מזל נישט.

— נו, און דער ייד מיט דער באָרד, וואָס איז ער? אַ רבי?

— ניין, אַ קהל־טוער. אַ וועלט־פאַרזאָרגער. — מאַטערט זיך משה איינטייטשן דעם אויסטערלישן נאַכטיקן גאַסט די שיינע שליחות פון אַן עסקן ציבורי.

— אייסעך וואָס... ביזעם... זאָג אים, דעם אַלטן, אַז אַ גאַנץ לעבן האָט ער געפלאָכטן שטריק פון קלייען .

— איר הערט, שעפטל, וואָס דער אָדעסער תנא רבה זאָגט — איבער־שמייכלט משה זיגעריש זײַן בר פלוגתא שעפטלען. דאָס טוט אים אַזוי

הנאה, וואָס ער האָט נאָך אַ צדניק אין זיין לאַנגסטיקן וויכוח מיט שעפּט־לען, אַז די פּאָליטיקער און די אַלע געזעלשאַפטלעכע פּלאָך־פלעצלעך זענען דער גרעסטער אומגליק פון אונדזער יאָרהונדערט.

— און דו, מיין זון — איז איצט ר׳ משה גאָלע רחמים און גענאָד ווי ר׳ לוי יצחק מבאַרדיטשעוו — זאָג נאָר, אַבעיטעכניו, וואָס איז דיין פאַך?

— איך בין דער קיסר פון די גנבים. דאַנקען גאָט, מיין זיידע איז געווען אַ גנב, מיין טאַטע האָט אויך נישט געהאַנדלט מיט אתרוגים, און איך אַ דאַנק דעם "האַרבויינעשעלאוילעם", שטיי נישט אָפּ פון זיי. איך פאַרשעם נישט די פירמע.

מיר זענען איצטער אַלע גאָלע אויג און אויער. כ׳לעבן, כדאַי געווען זיך מטריח צו זיין פון קעשעניעוו ביז אָדעס אָן בילעטן, כדי זוכה צו זיין זיך באַקענען מיט דעם יידישן מלך פון די גנבים.

— ווען נישט דער סטראָמפּ, וואָלט איך היינט נישט געווען דאָ, — גיסט ער אויס פאַר אונדז זיין ביטער האַרץ, טייטלענדיק בשעת מעשה שטראָפעריש אויף זיין קלענערן אח לפאַך — ער איז מיינער אַ פערד בייטש שטעקעלע. אָט דער סמאַרק, אַ שטיקל קרוב, האָב איך אים גענומען מיט זיך אַרומטשיסטען אַ באַנק. האָט ער זיך פאַרטשעפּעט מיט זיינע ליימיקע פינגער אינעם קלינגער פונעם סייף. און איבער אים, איבער דעם ממזר, כאָליע איך איצטער דאָ.

דער יינגערער, דער וואָס האָט אַזוי ביטער פאַרשמירט די שיינע אַדעליקע גנבים־פּראָפעסיע, האָנערט זיך איצט ווי אַ האָנדל. דאָס טייטש ער אַזוי אָן, וואָס ער אַליין דער י ר ו ם הודו, האָט אים אָנגערופן מיט אַזעלכע דריי היימישע בכבודיקע נעמען ווי... סטראָמפּ, סמאַרק און ממזר.

הייסט עס, אַז בעסער־ערגער, האָלט אים דער ראש וראשון פאַר אַן אייגענעם מענטשן פון דער גנבים־בראַנזשע.

— אַזוי ווי איר זעט מיך, קינדער — איז ער שוין גאָר פאַניבראַט מיט אונדז — בין איך נישט קיין אַביווערניק. מישקע יאַפּאָנטשיק האָט זיך אָנגעקערט מיט מיין טאַטן אַן אייגן שוועסטערקינד און מיין טאַטע איז געווען אַ גנב אַ צדיק. ער פלעגט דערציילן, אַז איין מאָל האָט ער

שפּאַצירט אויף פּאַנטאַני ביים שוואַרצן ים און געזוכט אַ רייכן יאָלד... זעט ער, ווי אויף אַ באַנק, ביים ברעג, זיצט אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ גילדערנעם זייגער אין קעשענע, קראַצט זיך אין שטערן, און דראַקעט עפּעס אויף אַ פּאַפּיר. ס'טויג אייך אַ סך מעשיות? אין איין שמיי, דריי, איז שוין דער זייגער געווען ביי מיין טאַטן.

אויפן צווייטן טאָג עפנט ער דעם צייטונגס־בלאַט, ווערט אים פינצ־טער אין די אויגן. לאָזט זיך גאָר אויס, אַז יענער איז עפּעס גאָר אַ שריי־בער — אַ גרענדע, ביאַליק אַליין.

דערהערט ביאַליק, האָט מיין טאַטע געכאַפּט אַ בריטשקע, אַוועקגעפ־פאָרן אין דער קאָנדיטערסקע, געקויפט צוויי האָניק־לעקעכער און פּאַשאָל צו ביאַליקן אַהיים. און זיי געטראָפן, סיי ביאַליקן סיי די ביאַליקיכע. גע־ווען אַ שיין געשמאַק ווייבל און אַ באַרעדעווודיקע.

אַהין, אַהער, אומגעקערט ביאַליקן דעם זייגער נאָך מיט אַן עודף די האָניק־לעקעכער און געבעטן ביי אים טויזנט מאָל מחילה, וואָס ער האָט אים אַזאַ קיצל געטאָן, און אים צוגעווונטשן פונעם גאַנצן האַרצן, אַז דאָס לעבן און זיינע סטיכיס * זאָלן זיין אַזוי זיס ווי די לעקעכער.

— נו, און ביאַליק, — איז שוין דער אַלטער משה אויסער זיך. איין קלייניקייט: ביאַליקס הייליקער נאָמען, אין אָט דעם גיהנום התחתון.

— ע... ביאַליק דאָס איז געווען אַ חברהמאַן... אַ נאַש בראַט... ער האָט אַ ווינק געטאָן צו זיין ווייבל, און ס'איז שוין אויסגעוואַקסן אַ טעלערל גריוון און אַ פלאַש וויין. און ביים אַוועקגיין, האָט ער צוגעווינטשעוועט מיין טאַטן, ער זאָל נאָך זוכה זיין צו זיין אַ לייטישער גנב אין ארץ־ישראל.

— אָמן, פּאָטער אין הימל!... אפשר אין זכות פון דיין הייליקן טאַטן, דעם צדיק שבגנבים, ער זאָל זיך מיִען פאַר אונדז, וועלן מיר אַלע זוכה זיין... האַ, ווי מיינסטו? — באַטרערט זיין ברכה דער אַלטער שרייבער.

— עס קאָן זייער שיין געמאָלט זיין. איר זאָלט וויסן זיין, אַז ביי אַ גנב שטיין אייך די נבואה — וויטעט זיך דער ארי שבתלמוד, ר' שעפּטל.

---

* געדיכטן (רוסיש).

— איך זע, אַז מ׳האָט אייך פּיין אויסגעבדקנט, און איר זענט נאָר געבליבן מיט די תחתונים. וואַרט אַ טשוטעלע, וועט איר באַלד זען, וואָס יאַנקל איציק בערס קען... — ווערט עפּעס מיט אַ מאָל דער מלך מיטן פריילעכן בערדל העכער און שטאָלטנער.

— שפּאַנאַ וסטאַוואַט!* — וועקט ער שאגת־אריה׳דיק זיינע פּאַך־קאָלעגן ווי צו... סליחות.

און עפּעס טאַקע נאָר ווי אַ וויכער וואָלט זיך אַדורכגעטראָגן איבער דעם צימער. אין איין אויגנבליק שפּרינגען אַראָפּ פון די דריי־עטאַזשע־דיקע נאַרעס די גנבים מכל המינים. אַ ווייילינקע שטייען זיי געפּלעפּטע און פאַרגאַפּטע. רייבן זיך די אויגן, און אַז זיי טשוכען זיך אויס איז עלעהיי משיח אַליין וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער זינדיקער ערד.

— סאַם קאָראָל! יאַשקאַ אַדעסיט!** — צעשאַלן זיי זיך פאַר פרייד.

— קינדערלעך — פאַרגייט זיך אין אַ געלעכטער דער אַלטער שריי־בער — שוין דריי צענדליק יאָר מיט אַ שמיץ, אַז איך שאַף, רחמנא־ליצלן, גייסטיקע ווערטן, און כ׳האָב קיין מאָל נישט זוכה געווען, ביי מיין אתה־בחרתנו־פאָלק, צו אַזאַ קבלת־פּנים. נו, איז נישט שכלדיקער צו זיין אַ קעניג ביי די גנבים, איידער אַ שרייבער ביי יידן? הערסט, זינעקו, וואָס איך זאָג — לאַשטשעט משהס קול דעם אַדעסער מאַרעוויכער.

אָבער דער זון איז שוין כולו — רזין דרזינדיק גערעדט — התפּש־טות הגשמיות. ער באַפעלט טרומייטעריש:

— אויסוופן! אויסטרייסלען די זעקלעך ביז צו אַ שפּענטע!

— עס איז שוין דאָ נישט ווי אונטערן באַרג סיני ווו מ׳האָט געזאָגט נעשה ונשמע. דאָ איז נשמע ונעשה — טייעט אָן ר׳ שעפּטל, ווען ער און מיר קוקן צו נחתדיקע, ווי פון די זעקלעך שיט זיך כל טוב.

...דער פאַרמחשבהטער פּייטן נישטערט צווישן דער גרודע זאַכן און געפינט אויס דאָס העמדל, וואָס זיין פרוי האָט אים אויסגענייט קורץ פאַר

---

* שטייט אויף, אויסוורפן! (רוסיש).

** דער קייסער אַליין! יאַשקע פון אַדעס!

זיין אַרעסט. ר׳ שעפּטעלע דערפריייט זיך מיט די בדרך נס פאַרבליבענע, אייגעפּאַלענע קרעפּלעך, מיט וועלכע זיין ווייב האָט אים מהנה געווען לכבוד הושענא־רבא. דער אידילישער דיכטער קוויקט זיך מיט זיין אָפּגעפּונענעם לירישן בלאָקנאָט. דער אַלטער שרייבער איז גאָר אַ בר־מזל — — זיין גאַנצער שפּייכלער מיט פּראָוויזיע, וואָס ער האָט געשלעפּט מיט זיך פון טורמע צו טורמע, איז כמעט געבליבן גאַנץ.

און איך שטיי מיר אין אַ זייט און כליפּע אין דער שטיל איבער מיין ווייבס אַ צעקנייטשט בילד.

ד

שוין לאַנג איז אונדז אַזוי גוט נישט געווען.

אויף אַזוי פיל, אַז דער אַלטער שרייבער איז אַזש מטריח געטעס געפליגלטן זאָג: אויגנבליק, שטעל זיך אָפּ.

ר׳ שעפּטל נחתט זיך תנכיש־אַרטיק:

— שמש בגבעון דום והירח בעמק אילון...

...מיר האָבן זיך אויסגעסטראַיעט אויף די אויבערשטע נאַרעס, טאַקע נאָר ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, און מיר שעפּן פולע זשמעניעס מיט נחת, וואָס ע ר אַליין, דער ירום הודו פון די גנבים, יאַנקל איציק בערס, און זיין שני למלך נחומל גאַנעפּוצקע באַשיינען אונדז.

אָ! אונדזער יאָשקע איז אַ מיידים. עס פּעסטעט זיך פאַר אונדז, שרייבער, עלעהיי, ווי מיר פלעגן זיך עס אַמאָל פּעסטען פאַר דער אייביקייט.

ער רוימט איין אַ סוד דעם אַלטן שרייבער, אַז ער וויל אַ ליד וועגן זיין אַרעסט און וועגן דער סאַמער ליבסטער פון זיינע פינף געליבטע, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט. פּאַניטשקע — אַזוי הייסט זי, די לעצטע לירישע סטאַנציע זיינע.

דער אַלטער שרייבער מאַכט עס הלצה־מעסיק:

— אַזוי פיל יאָרן האָט מען געשריבן שלעכטע לידער וועגן דעם גרויזיבער מנוול, מעג מען שרייבן אַ גוט ליד וועגן אַן אָנשטענדיקן גנב.

...מיר נעמען אָן אָט די סאָץ־באַשטעלונג באהבה, און גורטן אָן אונ־דזערע פּאָעטישע לענדן, און טוען זיך אַריין אין גאַנצן אין דער עבודת הקודש.

עס איז אונדז אַגיל ואשמחדיק אויפן האַרצן.

אונטן זיצט דער פינפטער אינטערנאַציאָנאַל אָבל וחפוי ראש, און אויבן אויף דער מזרח־נאַרע שאַלט פון נצחון ישראל... סבא.

דער האַר פון די גנבים פּראַוועט פאַר אונדז אַ סעודה כיד המלך. דהיינו — טרויבן צום לויבן — דאָס האָט אים געבראַכט כייקעלע; קאָרן־לעקעך — ראָזעטשקע, טייטלען און פייגן — מאַרוסיע; געבראָטענע פיש־לעך — ראַיעטשקע, און אַחרון אַחרון חביב, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען — פייגעלע.

דער אַלטער שרייבער שטעלט אַוועק אַ טעפּעלע מיט גריוון. איך — מאָן־פּלעצלעך,ביידע דיכטער — קאָנפעטן, און ר׳ שעפּטל ברענגט זיין צושטייער אַ פּאָר פון זיין ווייבס הושענא־רבאדיקע קרעפּלעך.

און עפּעס איז היינט די אָסיענדיקע זון אויך גענאָדיק צו אונדז, זי קוקט אַריין דורך דעם בעלמעוואַטן שייבל און אונטער אירע גרעלע שטראַלעכלעך דערמאָנט דער גאַנצער מאָלצייט אין לעאָנאַרדאָ דאַ ווינ־טשיס מיסטעריעזע סעודה.

און מיר זענען מהנה דעם מלך מיט די פּרוכטן פון אונדזער פעדער.

און אוי, איז דאָס אַ קנאַקער מבקר, נאָך ערגער ווי די פּוסקים פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

— סקריפּנדיקע שורות — איז ער מבטיח דעם ערשטן פּאָעט.

— מען פּאָרט און סע טרייסלט נישט — שעכט ער אַוועק די פּאָעמע פונעם צווייטן דיכטער.

און איך? אוי, בין איך אַ בר־מזל! עפּעס טאָקע נאָר, ווי איך וואָלט געבוירן געוואָרן אין אַ זיידן הייבל. שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב דאָס מאָל געטראָפן אין סאַמע נאַפּל פון דער פּאָעזיע.

נישט נאָר וואָס איך האָב ממש אויסגעקושט אויפן פּאַפּיר יאַשקעס צוויי הונדערט און פופציק גניבות און פופצן אַרעסטן, נאָר איך האָב

אָנגעהויבן פונעם סאַמע בראשית — פון די אבי־אבות הגנבים, מישקע יאַפּאַנטשיק.

און וואָס עס איז נוגע יאַשקעס דזשוליעטעס, האָב איך נישט גע־זשאַלעוועט קיין עפּיטעטן פאַר יעדער פון זיי. און אַז איך בין צוגעקומען צו דער לעצטער געליבטער זיינער, פייגעלע, האָב איך זיך אַזוי צעלירע־וועט, אַזש מיר האָבן זיך ביידע צעוויינט. איך, ווייל זיין פייגעלע האָט מיר דערמאָנט אין מיין מאַניעלען, און ער — „ווייל אַזאַ אוצר וועט ער שוין מער נישט געפינען".

— הער, משה — דוצקעט ער שוין דעם אַלטן שרייבער — דו ביסט דאָך ביי זיי דער אַטאַמאַן, זאָלסטו וויסן זיין, אַז גאָט וועט העלפן, און איך וועל אַרויס פונעם אָסטראָג, וועל איך אַפילו באַגנבענען דעם... קרעמל און האָדעוועז און קליידן דיין יאַנקלען, כדי ער זאָל קאָנען זיצן ביי טאָג און ביי נאַכט און שרייבן.

איך קוק אויף מיינע קאָלעגן. זיי זענען אַזש גרין פון קנאה, ווי אַמאָל אין די גוטע צייטן.

און אַפילו ר' משה גיט מיר אויך אַ ציפּ, מיט אַ הלצהלע אַזאַ:

— אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזים אויך!...

— ברידערלעך — טאָפּיעט זיך פון נחת דער קעניג — פון היינט אָן און ווייטער וועט יאַנקל זיין ביי מיר, אַ פּאַטשיאַטנע גנב *. אַלע גנבים פונעם סאַוויעטסקי סאָיוז וועלן אים ביי מיר טראָגן אויף די הענט.

ה.

...עס דוכט זיך מיר, אַז ר' שעפּטל האָט בין שיר לשיר אַ זאָג געטאָן:

— פאַרגעסט נישט, יידן, אַז היינט איז שמחת תורה.

און מאַמעלעך מיינע, וואונדער שבוואונדער!...

---

* ערן־גנב.

יאַשקע האָט אַריינגערוקט די האַנט טיף אין זיין זעקל, ווי אין אַ טיפן ברונעם, און האָט פון ערגעץ אַ פּיטשימאָנטשיק טעשעלע אַרויס־באַקומען אַ פלעשעלע בראָנפן.

ביים ערשטן גלעזל האָט ער לחיים׳ט אין רוסיש, פאַר די ברידער גנבים.

ביים צווייטן — פאַר אונדז די חכמים ונבונים פון דער תפיסה — אַדעסע.

און ביים דריטן — האָבן מיר דערהערט דעם שופר של משיח...

— לאָמיר טרינקען פאַר אונדזער יידישער נאַציאָן!

...איר האָט געזען חסידים טאַנצן?

נו, אַזאַ דביקותדיקן טאַנץ, וואָלט אַפילו דער לובאַוויטשער רבי אויך מקנא געווען.

דער עסקן ציבורי, ר׳ שעפּטעלע, האָט זיך אונטערגעטענצלט שטיל און פרום, עלעהיי אַ מצווה־טאַנץ. און אַז איר ווילט אַ פאַרשפּעטיקטער חרטה־טאַנץ אויף זיינע אַלטע... בונדישע חטאים.

דער אַלטער שרייבער האָט געטאַנצט מיט די פינגער אין וועסטל־קעשענע, אַ מין קבלת־חתן־טאַנץ. דאָס האָט ער געטאַנצט אַקעגן אַלע זיינע העלדן, סיי די לעבעדיקע, סיי די פאַרשניטענע, פון זיינע ווונדער־לעכע מעשיות.

און מיר, די יונגע שרייבערוקעס, ווי יאַשקע האָט אונדז בחיבה אָנגערופן, האָבן געטאַנצט עלעהיי צעוויכערטע ביימער אין די בעסאַראַ־בער בראשיתדיקע וועלדער.

עס האָבן געטאַנצט אַלע אונדזערע פאַרשעמטע יאָרן. ווער ווייסט, אפשר אונדזער לעצטער טאַנץ?

אָבער אויסגעגעבן די מוזינקע, האָט דער קעניג אַליין און זיין אונ־טערהעלפער נחומל.

נאַרע־אַרויף, נאַרע־אַראָפּ, די פּאָלעס פון די טולופּלעך צעפּעכערטע און דערביי זיס יידישלעך זיך צעניגונט:

שישו ושמחו בשמחת תורה

אָדער

שמחת תורה האָפּעניו

מיטן פוס אַ קלאַפּעניו

און מיט אַ מאָל פאַרגייט זיך דער קעניג אין אַ געזאַנג:

פריילעך זאָלן מיר זיין, אַלע קינדער פון ישראל

און מיר די פופציק יאָר תפיסה, האָפּען און זינקען מיט:

פריילעך זאָלן מיר זיין אַלע מיט אַ מאָל

און אַט איז דער טאַנץ אַ האָפּערדיקער, פריילעכער, אַ ווילד־פאַר־שייטער, און צום סוף, צום סוף...

— ווען דער נאַדזיראַטיעל* האָט ווילד צעפּראַלט די טיר צו זען וואָס פאַר אַ זשידאָווסקע בייזוווּנדער איז דאָ, האָבן זיך שוין אין אים אַריינגעגנבעט, אין דעם טאַנץ הייסט עס, דער אָפּהילך פון בית־עולם־טריט.

...פאַרשטייט זיך, אַז סיי די זינגנדיקע, סיי די טאַנצנדיקע, סיי די פליעסקענדיקע, האָבן באַקומען זייער גאָב. למאי צו פיל מאַריך זיין? הונדערט פופציק טעג קאַרצער. און אַז איך הער איצט, אַז מען רימט און מע לויבט אויס דאָ פאַר מיר אין ישראל, די פאַרשידענע שמחת־תורה־הילולאס אין אַלע בתי־מדרשים און שילן...

גיב איך אַן אַלוויסנדיקן שמייכל, ווי יענער געריבענער ליטוואַק, ביי פרצן אין דער דערציילונג, און גיב דערביי אַ זיסן קרעכץ —

אויב נישט נאָך העכער!

* תפיסה־וועכטער.

# אין א קאָלימער נאכט...

...פון דעסטוועגן איז ער נישט געווען פון די ערגסטע מענטשן, מיין בריגאַדיר פּעטראָ סקירקאָ.

און אַזוי האָט זיך עס פאַרלאָפן, און אַזוי האָט זיך עס געטראָפן. ווי זאָגט מען עס: איך גיב גאָרנישט נישט צו, און נעם גאָרנישט אַראָפּ.

אָנגעקומען בין איך קיין בוטעגיטשאַק — אין דעם טויטנטאָל — אַזוי הייסט ער אויפן יאַקוטישן לשון... טרובקע — ערגעץ אָנהייב יאַנואַר טויזנט ניין הונדערט איין און פופציק. אַלץ הייסט געקומען. איך בין שוין געווען אַן אַלטער קאַטאָרזשניק און אַן רחמנות אויסגעצאַפּט ביי סטאַלינען געלט פאַר אומזיסטיקע בילעטן...

טאַקע אין אַן אמתן, הערט נאָר אַ פּאָטעפּאַלנאָסט פון אַ בעסאַראַבער יונג נעמען און אַוועקפאָרן פון קעשעניעוו, אַזש — פּאָלג מיך אַ גאַנג — ביז קאָלימאַ, אַ מרחק רב פון פופצן טויזנט ווערסט און נישט קויפן אַפילו קיין איין בילעט. כ׳לעבן עס איז אַ גזלעוואַיסטווע. און איך האָב עס נאָך איצטער, דאָ אין ישראל, אויף מיין געוויסן.

אַלזאָ, בין איך אָנגעקומען קיין בוטעגיטשאַק אין אַ ווינטערדיקן קאַ־יאָר. אין אַ פראָסט, מאַמע מיינע, אַז עס זענען נעבעך פאַרפרוירן געוואָרן נישט נאָר די שטערן אין הימל, נאָר אַפילו די מלאכים פון דער פמליה־של־מעלה האָבן אויך געקערט כאַפּן אַ פיינעם ציטער.

פאַרפּוצט בין איך געווען — ווי מען זאָגט ביי אונדז אויף דער בעסאַ־ראַביע — אין האַניק און אין עסיק. עפּעס אַן אָפּגעריבענע קוטשמע אויפן קאָפּ, אַ פּאָר בלעכענע הויזן, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו סקריפּען, און שיך פאַרבונדענע מיט שטריקלעך. מחמת, זעט אויס דעמאָלט, האָט דער קרעמל געהאַלטן אין פאַרקיילעכיקן איינעם פון זיינע אומצאָליקע פינפיאָרפּלענער, און עס איז געווען אַן אויספּאַל אויף... שנירלעך.

נאָך אַ פּאָר שלשלתדיקע רוסישע קללות און אַ שליימיקער קאַלטער זופּ — אין וועלכער ס׳איז אַרומגעשווומען אַ פאַריתומטע קאַרטאָפליע — האָב איך שוין געוווּסט, אַז מען האָט מיך אין אַ מזלדיקער שעה צוגע־פּעסטיקט צו דער דריטער וואַלד־בריגאַדע פון פּעטראָ סקירקאָ. און בפירוש מאָרגן גאַנץ פרי ענדיקן זיך מיינע עטאַפּנדיקע האַניק־טעג און איך דאַרף אַרויסגיין צו דער עבודה.

ביי פּעטראָן אין דער בריגאַדע זענען געווען ניין יידן, אַזוי אַז עס האָט אויסגעפּעלט אַ צענטער צום... מנין. האָט זיך דער גרימצאָרנדיקער כביכול דאָך מרחם געווען אויף זיי און מיך צוגעשיקט.

פּאָר נאַכט צו האָבן מיך מיינע נייע יידישע גוטע ברידער גענומען באַשיטן מיט פראַגן: פון וואַנען... פון ווען... ווער? וויפל? משפּחה, פאַך... וכדומה...

דערהערט, אַז איך בין פונעם פאַך אַ שרייבער, איז דער פּאַמעלעכ־ניק, שמעון אַרעצקי, אַ ייד אַ קוואַרער און אַ דאַרער, וועלכער איז שוין גע־ווען אַ יושב אין סאָוויעטישן סתר־עליון גאַנצע אַכצן יאָר, עפּעס איבער נאַכאַקטיאַבערדיקע ציוניסטישע חטאים — ממש דערציטערט געוואָרן.

— ווי גאָט איז אייך ליב — האָט ער געתחנונימעוועט — איר זאָלט זיך קיינעם נישט דערוועגן צו זאָגן, אַז איר זענט געווען אַ שרייבער.

— פאַר וואָס?

— ווייל אַ שרייבער איז דאָ ערגער פון אַ גזלן, אַ רוצח, פון הכל שבהכל. איר דאַרפט וויסן, אַז איינעם אַ רוס, וועלכער האָט זיך אָנגע־געבן פאַר אַ שרייבער, האָט מען געמאַכט קירצער מיט אַ קאָפּ.

— נאָך אַ מאָל פאַר וואָס? — ווילט זיך מיר נישט אָפּזאָגן פון מיין שיינער פּראָפעסיע.

— אַפּנים, איר זענט פון האַצעקלאַץ — בייזערט ער זיך שוין אויף מיר, אָרעצקי — דאָ שטעלט מען זיך נישט פּאָר, אַז מען קאָן זיין אַ שרייבער אין דער מדינה און נישט הייבן סטאַלינען ביז אין די הימלען... קלאָר ? !...

וואָס הייסט קלאָר ? אַזוי קלאָר, אַז עס טונקלט מיר אַזש אין די אויגן.

וואָס זשע פּאַרט בין איך געווען אַמאָל ביז מ׳האָט מיך מטריח געווען אַהער קיין קאַלימע ?...

— זאָגט נאָר, לשון־קודש קענט איר אַ ביסל ?

—מער פון אַ ביסל.

— ווען מיר זאָגן, אַז איר זענט אַ רב... אַ בעסאַראַבער רב... און ווייל איר האָט בסתר געדינט דעם רבונו־של־עולם, האָט מען אייך געגעבן אַ פּאָסטן אויף צו פּאַסטן — טענצלט זיך אַזש אונטער אָרעצקי, און די איבעריקע אַכט יידן זענען מיר אויך עפּעס גאָר אָגיל ואשמחדיק.

איין קליינִיקייט — האָבן אַ צענטן יידן צום מנין און דערצו נאָך אַ... רב.

אָוונט־צייט, פירט מען מיך שוין מיט פּאַראַד, ממש מיט פּויקן און טרומייטערס, צו מיין נייעם באַלעבאָס, סקירקאָ.

ער זיצט זיך, מיין נייער „פּרינציפּאַל״ — ווי מיין מאַמע פלעגט שיינ־קווייטלדיק זאָגן — גאַנץ ברייטלעך אויף זיין נאַרע, פון וועלכער עס קוקט אַראָפּ צו מיר כריסטאָס׳ מאַמע. קענטיק, אַז ער איז אַ גלויביקער. ער טרינקט אַ שטאַרק גלעזל טיי — המכונה דאָ טשעפּיר — און פאַרבייסט מיט אַ ווײַדעלע פון אַ געררויכערט הערינגל — אַ סימן־מובהק, אַז ער איז איינער פון די פּאָרנעמסטע קאַטאַרזשניקעס דאָ אין לאַגער.

דערהערט, אַז ס׳איז אים צוגעקומען אין זיין בריגאַדע, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַ זשידאָווסקע רב, בעט ער מיינע איבעריקע ניין באַגלייטערס זיי זאָלן אַוועקגיין. דאָס וויל ער האָבן מיט מיר אַ שמועס ביחידות. ווי זאָגט מען עס, איידל גערעדט, פון האָרץ צו האַרץ, און פון אויג צו אויג.

איז ערשטנס, בעט ער מיך, אַז איך זאָל מיר, פון היינט אָן און ווייטער, פאַרלאָזן, למען־השם, אַ באָרד.

— פאַרשטייסטו מיך — איז ער שוין מיט מיר אַ גאַנצער פאַניבראַט, — איך קער וועלטן, איך וויל האָבן אַ גלח אין מיין ברייגאַדע, און ווי אויף צו להכעיס, איז דאָ אַ גלח מיט גאָלד גלייך. מאָל דיר — רעדט ער זיך אויס זיין האַרץ פאַר מיר — אַז כ׳האָב שוין דעם נאַדזיראַטיעל געוואָלט באַצאָלן פאַר אַ לעבעדיקן גלח גאַנצע צוויי ליטער ספּירט, איז אונטערגעקומען אַן אַנדערער בריגאַדיר אַ פּיפּיקעדער פון מיר און האָט אים אָפּגעגילטן, געגעבן אַזש פינף ליטער... אַזוי, אַז איך בין פאַרבליבן אָן אַ גלח — זיצט פעטראָ פאַר מיר אַ פאַרקלעמטער, וואָס אים האָט געטראָפן אַזאַ אומגליק.

איז כאַפּ איך אַ געדיכטן קוק צו אים. אַן אוקראַיִנער, ווי אַן אוקראַיִנער. אַ פעכיקע שעוועליורע, צוויי שיקלדיקע אויגן, אַ ברייטע, פעסטע פּלייצע. און דער עיקר וואָנצעס אוי, וואָנצעס! אַזוינס און אַזעלכעדיקע... אַזוי, אַז אַפילוביידע — דער גרוזינישער דזשוגאַשווילי און דער אוקראַיִנישער כמיעלניצקי — וואָלטן אים געמעגט מקנא זיין.

— זאָגט נאָר אַ בעיטעך — פרעג איך אים אַזוי לאַגערשטייגעריש — פאַר וואָס ז י צ ט איר?

— איך האָב דערהרגעט ביי אַ האָלב טוץ עמוועדעניקעס — פאַרלירט ער אַ שמייכל אין אַ וואָנצע. — אָבער קיין יידן נישט, דו מעגסט מיר הייליק גלויבן — צלמט ער זיך אַזש איבער — ווייל ביי מיר אין סטאַניסלאַוו האָבן אייערע יידן פיינט געהאַט די באָלשעוויקעס נישט ווייניקער פון אונדז.

דערביי איז ער מיך מכבד מיט אַ גלעזל טשיפער... און מיט אַן עלטער הערינגל, אַ ביסל אַ ריח־ניחוחדיקס.

— פאַניע ראַבין — צעכראַסטעט ער פאַר מיר נישט נאָר זיין געקווייטלט העמדל, נאָר אויך קענטיק זיין האַרץ — זיי נישט ברוגז אויף מיר, וואָס כ׳פרעג דיך, אָבער דו ביסט גאָטס מענטש, און דו וועסט קיין ליגן נישט זאָגן. איז טאַקע אמת, ווי ס׳האָט געזאָגט ביי אונדז דער סטאַ־

ניסלאַווער בישאָף, אַז דער תּלמוד לערנט אייך, אַז אַפילו דעם בעסטן פון די גויִים, מעגט איר הרגענען?...

דאָס ריח־ניחוחדיקע הערינגל בלייבט מיר שטיין אין האַלדז... נישט אַהין און נישט אַהער... און איך פּאַליע אַרויס:

— שקר וכזב. דער תלמוד איז אויסן אַזוי, אַז אַפילו דער בעסטער פון די גויִים, זאָגט, הרגע!...

ער כמאַרעט זיך מיין פּעטראָ. עפּעס האָט ער מיט אַ מאָל באַקומען אַ חלפישן גלינצער אין די אויגן.

— ווער איז געווען מאַרקס, טראָצקי, סווערדלאָוו און דיין קאַגאַ־נאָוויטש? — נוקם־ונוטרט ער זיך אין מיר — און זאָג נאָר, פאַר וואָס זענען אייערע יידישע מיידלעך אין פּערציקסטן יאָר אַזוי נאָכגעלאָפן די סאָוויעטישע קאָמיסאַרן? אַ יאָ, דו שווייגסט, פּאַניע ראַבין?

— פּעטראָ — נעם איך אַרויס אַ בעל־שמסקע טאָן — איך בין אַליין נישט געקומען אַהער... און פּונקט אַזוי ווי איר וועט מיר נישט באַצאָלן פאַר אייער... קאָלטשענקאָן, וועל איך אייך איצט נישט באַצאָלן פאַר מיין... קאַגאַנאָוויטשן.

— שיקט זיך — צלמט ער זיך פון ס׳ניי, — אַז מירן שוין דאָ פאַר־פוילט ווערן און די באָלשעוויקעס וועלן שוין שטענדיק באַלעבאַטעווען?...

— פּעטראָ — שושקע איך אים אַריין אין אויער, און הייב אים עפּעס אָן מיט אַ מאָל צו דוקען — דו בעט דיין יעזוסן, און איך וועל תּפילה טאָן פאַר מיין יידישן גאָט, מיר זאָלן זיך פון ז׳׳י פּטרן. און אַז מירן שוין זיין ביידע אויף דער פריי... וועלן מיר זיך שוין דעמאָלט אָפּקוויטעווען...

— ס׳איז אַ לאַנגער חשבון, און מען דאַרף האָבן אַ סך בוכהאַלטערס — כיכיקעט פּעטראָ. און איך, פאַר גרויס פרייד, וואָס אונדזער ערשטער שמועס, האָט זיך פאַרענדיקט בכי־טוב, שלינג אַזש אַראָפּ דאָס עלטער־לעכע הערינגל און פאַרטרינק מיט אַ שפּענטעלע טשיפּער.

איך מעג זאָגן, אַז ס׳האָט מיר אַפילו צוגעשפּילט. איך בין אַרויס פון אים, פון פּעטראָן, נישט קיין צעדמטער, און אַפילו נישט קיין געקריווז־דעטער. פאַרקערט, איך בין גאָר אַ זוכה־בגורל — דער הרב־הראשי פון ק״ק בוטעגיטשאַק. זאָל זיין אַ קוידערוועלשעדיקער רב, אָבער פאָרט אַ רב.



מיין שכן פון דער נאַרע איז שוין איצט שמעון אָרעצקי. וועגן דעם ווי מ׳האָט אים קריק מיט אַכצן יאָר, דאָס הייסט ערגעץ אין די דרייסיקער יאָרן, אַרעסטירט פאַר ציוניזם און פאַרשיקט אַהער אין דער הינטער הרי־חושכדיקער קאַלימאַ פון וואַנען קיין צוריקקער איז שוין נישטאָ — רעדט ער נישט.

זיינע צוויי סיבות פון שווייגעניש: ערשטנס — אַז מען לייגט אויס דעם רייסטער צרות, לעבט מען זיי נאָך אַ מאָל איבער. און צו דעם קלעקט אים שוין נישט קיין כוחות. מיט אַנדערע ווערטער, ער האָלט זיך שוין לאַנג פאַר אַן אָפּגעפּסקנטן. עפּעס באַמבלט זיך נאָך אין מוח אַ שאַגאַליש ווייסרוסיש שטעטל, אַ פרומער טאַטע, אַ פאַרטרערטע מאַמע און אַ מיידל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. — אָבער דאָס איז שוין פאַרפאַלן לעולם ועד — איכהט ער אין דער שטיל.

— צווייטנס, צווייטנס, רבי לעבן, — ווייס איך נישט צי ער קאַטאָוועסט איבער מיר, צי ער מיינט עס ערנסט — דאַרף, מוז, אַ ראש־הקהל וויסן, אַז מען בענקט, וואָס זאָג איך, מען בענקט, מען גייט ממש אויס נאָך אַ ביסעלע חדווה. איז זאָגט־זשע, זייט מוחל, רביניו, איז ווער האָט עס פון דעסט וועגן זיך דערטראַכט צו דעם ווערטל: אַז פרעמדע צרות זענען גרינג ווי אַ פעדער? איך בין מיך משער, אַן מן־הסתם נישט קיין צדיק.

מיר שוויגן ביידע. אַ ווייסרוסישער און בעסאַראַבער ייד. ער אַ לאַנגסטיקער סטודענט. איך אַן אַמאָל געוועזענער יידישער שרייבער. ביידע קאָלימער תושבים. ער אַן אַלטגעזעסענער, איך אַ נייגעקומענער.

— דערציילט עפּעס האָפערדיקס, עפּעס פריילעכס. נו, למשל, ווען עס געשעט אַ נס, און איר ווערט מגולגל קיין ישראל — לאָכט ער אויף אַ קול — און איר נעמט זיך שרייבן אַ בוך וועגן אונדזער רומל. ווי אַזוי זשע וואָלט איר עס אָנגעהויבן?

— הער, שימעלע — בין איך אים מכבד מיט איינעם פון מיינע גנזי נסתרים, מיט אַ קנאָבל, וואָס איך האָב אויסבאַהאַלטן פון אַלע נישטערער

און זוכער, אין אַ פּעלדל פון מיין שטריימל. — איז גויג זשע צו דיין אויער צו מיר, שמעון ברודער!

— איז בראשית, ווען דער אַלמעכטיקער און צאַרנדיקער כביכול האָט געגומען באַשאַפן די וועלט, איז צו וועמען האָט מען אים געקאָנט גלייכן? צו אַ קינסטלער, וועלכער וויל שאַפן אַן אומשטערבלעך בילד, און יומם ולילה, בשכבו ובקומו, וואַרפט ער אָן אַן אַ שיעור עטיודן. דאָס גרייט ער זיך צו דער השלמה פון זיין עבודת־הקודש. זענען אייניקע פון זיי מער געראָטענע, אַנדערע ווייניקער.

— אָבער איינער פון דעם באַשעפערס סאַמע שלימותדיקע עטיודן צו דער פרשה יצירת העולם איז די ווילדע קאַלימאַ. שייך צו זאָגן? בערג, היגלען, משופּעדיקע, תהומיקע. אַן אַביימל, אָן איין גרעזעלע. אַן ערד, אַ נאַקעטע, אַ גרויליקע, ווו צענדליקער טויזנטער מענטשן לעשן זיך אויס.

— איז ווען ער האָט דערזען אָט דעם „שיינעם" קאַלימער עטיוד זיינעם, איז ער, דער הערשער פון אַלע וועלטן זיך פאַרגאַנגען אין אַ גרויס געוויין. ער האָט אויפגעהויבן דעם פאַרהאַנג פון די יאָרהונדערטער און האָט געזען, אַז עס וועט קומען דער רשע פון די רשעים און וועט פאַרזייען אָט די פאַרשאָלטענע ערד מיט ביינער און תליות.

— אָבער ס'איז שוין געווען פאַרפאַלן. האָט ער ווי אַ טרייסט פאַר זיך, און פאַר דעם אדם, וועלכן ער האָט אויסגעפּורעמט אין זיין גע־שטאַלט, באַשאַפן די ערד פון מלכות ישראל, און האָט דערביי געטראַכט: זה חלקי מכל עמלי. אָפּגעווישט אַ געטלעכע טרער, וועלכע איז אַראָפּ־געפאַלן אויף דער ירושלימער ערד, און אַ זאָג געטאָן: כי־טוב. פון דעמאָלט אָן לעכצן מיר אַזוי נאָכן לאַנד פון די אָבות.

מיר שווייגן ביידע. שמעון כראָמטשעט אין דער שטיל דעם פּת בשום און איך קוויק מיך מיט אַ סקאָרינקע, איינגעטונקען אין קאַלעמוטנער טיי.

עפּעס זע איך, אַז מיין שמעון דרייט זיך אויף דער נאַרע אַהין און אַהער. קאָנטיק, אַז זיינע מחשבות לאָזן אים נישט רוען.

— נו, און בן־גוריונען האָסטו ווען ס'איז געזען — פרעגט ער.

— ניין! און איך ווייס נישט, צי איך וועל אים שוין אַ מאָל זען. ער איז אַן עלטערער מענטש, און וויפל סטאַלין וועט געדייען, וועל איך מיך קיין מאָל נישט באַפרייען.

— אָבער ווי אַזוי שטעלסטו דיר אים פאָר?

— טאַטש אויף טאַטש, ווי דעם כביכול. ער איז נאָך אַפילו בייזער און צאָרנדיקער ווי יענער.

— נו, און גאָלדע מאירסאָן האָסטו געזען?

— גאָלדען, — זאָג איך, — האָב איך געזען אין אַ סאָוויעטישן קינאָ־זשורנאַל, דוכט מיר אין מיטן פונעם 48סטן יאָר, ווען זי האָט אָנגעזאָגט די לייט פונעם קרעמל, אַז זי איז שוין דאָ...

— נו... נו... נו?...

— נו... נו... זי האָט געשפּאַנט מיט אַזאַ אַצילותדיקן גאַנג, גלייך ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל אַראָפּגעוואָרפן פון אירע אַקסלען אַלע טויזנטער יאָרן גלות. און אפשר האָט זיך מיר נאָר אויסגעדוכט... ווייל אַרום מיר, האָבן יידן און יידענעס פאַרגאָסן טייכן טרערן.

זעט איר, אויף דעם האָב איך מיך שוין נישט געריכט, אַז ער, שמעון אָרעצקי, זאָל זיך מיר פּלוצעם צעוויינען אויף אַ קול.

— אָרעצקי, — בעט איך מיך ביי אים רחמים — טאָמער וויינט איר נאָך... רייסט זיך ביי מיר אָפּ דאָס האַרץ. פאַרגעסט נישט, אַז שרייבער האָבן אַ ווייבערישע נשמה.

— צי ווייסט זי כאָטש גאָלדע פון אונדז?

— יעטוועדע עכטע יידישע פרוי האָט עפּעס אַ ניצוץ פון דער מוטער רחל. און אויב די פרוי, וועלכע הייסט גאָלדע מאירסאָן, האָט מען געזאַלבט פאַר דעם ציר פון ישׂראל אין לאַנד פון די סאָוויעטן, מוז זי זיין כאָטש אַ טשוטעלע ענלעך צו דער מאַמען פון אַלע מאַמעס.

שמעון שלאָפט איין אַ מידער. ער האָט היינט איבערגעשטיגן די אַרבעטס־נאָרמע זיינע. ער האָט אויך מיינע... אַ פּאָר ביימער אונטערגע־זעגט. סקירקאָ האָט אים באַפוילן ער זאָל מיר אונטערהעלפן, ווייל איך בין אַ רב און אַ רב טאָר זיך נישט צופיל איבעראַרבעטן.

— גאָטעניו — תפילה־זכּהווע איך — טו אַ נס, ס׳זאָלן זיך אים כּאָטש אַ גאַנצע נאַכט חלומען גוטע חלומות.

*

... צו דער אַרבעט גייען מיר אין אַ גרויסן פּראָסטיקן פאַרטאָג. אַ פראָסט צו אַ פראָסט איז נישט גלייך. עס איז אַזוי קאַלט, אַז ס׳כאַפּט אַזש אָן אַ רחמנות אויף די שטערן און אויף דער לבנה, וועלכע פרירן נעבעך דאָרטן אין די בלאָווע הימלישע הויכקייטן.

עס קאַוושען די אויסגעמושטרירטע עמוועדישע הינט. עס איז זיי אויך ביטער קאַלט.

און אַפּנים פון קעלט שעלטן זיך ביטער אונדזערע וואַכלייט מיט דרייגאָרנדיקע שעלטעכצער. גיי ווייס, אַז דער „עלטערער ברודער" אונ־דזערער קאָן זיך אַזוי שעלטן, אַז כ׳הייב אַזש אָן צו טראַכטן, אַז די רוסישע שפּראַך איז געגעבן געוואָרן נאָר אויף חרמות און קללות.

מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין. די שטערן אין הימל שטאַרצן פאַר־פרוירענע, כאָטש היינט איז נאָר פינף און צוואַנציק גראַד קעלט. דער לענטשיצער שמעון און דער ווילנער הירשל — דער מלאַך מיכאל און דער מלאך גבריאל — רייבן מיר אַלע מאָל איין מיט אַ טיכעלע די פאַר־פרוירענע דרובלעך הויט פון מיין פנים. עפּעס נעמען זיי ביי מיר אונטער־פירעכץ. טאַקע נאָר ווי כ׳וואָלט געווען אויף אַן אמתן אַ רב, און איינער וואָלט געווען דער גבאי און דער צווייטער מיין שמש.

— דאָ ווען מען באַשטימט זיך אַ ראַנדעוווּ, קאָן דער קוש פאַרפרוירן ווערן אויף דער געליבטערס ליפּן — וויצלט זיך הירשל.

ער איז ביי אונדז דער יינגסטער, הירשל, דער בן־זקונים. און אין אַכט און פערציקסטן יאָר, ווען ישׂראל איז געוואָרן אַ מלוכה, האָט מען ביי זיי אין דער משפחה געמאַכט — זיין אויסדרוק — אַ שאַקלשאָפּקעלע, אַ מין שמחהלע, בזעיר אַנפּין.

שפּיץ־מעסער: הירשלס טאַטע — פינף יאָר, הירשל — צען יאָר.

אָבער ער איז פריילעך הירשל. קריק מיט אַ צייט, פלעגט ער אַרבעטן

ווי אַ ראַדיסט מחוץ דער לאַגער־זאָנע און צו מאָל אַ מעלק טאָן — ווי ער זאָגט — דעם ענגלישן ראַדיאָ. ביזקל ס׳האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין אין לאַגער קלאַנגען, אַז די אַמעריקאַנער קלויבן זיך בויקערן די רויטע און די יידן האָבן אָנגעהרגעט די אַראַבער.

האָט מען הירשלען מטריח געווען אויף אַ וואָך אין קאַרצער און פון אַ טעכניקער־ראַדיסט איז ער געוואָרן... אַ חוטב עצים ושואב מים.

— אַ מצווה אויף אים — זאָגט דער שיר נישט געוואָרענער טראָצ־קיסט מאגאלניק — זאָל ער וויסן, דער ליטווישער האָלאָדראַניעץ, אַז מיט אונדזערע שפּילט מען זיך נישט. ווי האָט געזאָגט מיין סלעדאָוואָ־טיעל: צוויי פינגער אויפן מויל, און צוויי פינגער ערגעץ אַנדערש... עס זאָל גאָרנישט אַריין און גאָרנישט אַרויס...

שוין אָנגעקומען. מען צינדט אָן אַ שייטער, מען זאָל זיך דערוואָרע־מען. דער צונטערדיקער פלאַם סמאַליעט דאָס פּנים און די קעלט נעמט אַדורך די ביינער.

אָרעצקי רעדט זיך איבער אויף שטום־לשון מיט אונדזער בריגאַדיר. יענער באַגיטיקט זיין בקשה. אונדזער מנין יידן גייט אַ ביסעלע אַוועק ווייטער אין וואַלד, זיך מתיחד זיין מיטן רבונו־של־עולם. מיר דאַווענען שחרית.

ער יחוסט זיך סקירקאָ מיט אונדז: באַטשיטע כלאָפּצי קאַק ווין מאָ־ליטסיאַ ביע טאַקיָע אַנטיכריסטי קאַק מי... דיווזשע כאָלאָדנאָ אי מאָליט־סיאַ... אויף מאַמע־לשון דאַרף עס אַזוי הייסן: זעט נאָר חברה ווי די יידן דאַווענען. אין אַזאַ קרירה און זיי דאַווענען. פאָרט נישט אַזעלכע פאַר־פאַלענע געצנדינער ווי מיר.

— אַמאָל, אַמאָל — מונטער איך מיין זכרון — אפשר מיט „טויזנט״ יאָר צוריק, האָט דער זיידע מענדעלע אַפילו די ביימער אָנגעטאָן אַ טלית... אָבער וואָס וואָלט ער איצט געזאָגט ווען ער זעט זיינע „פאַר־שריַענע יידעלעך״ דאַווענען אין אַ וואַלד, ווו אָדם הראשונס פוס האָט נאָך נישט געטרעטן?...

— מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל, — צעציקלט זיך שמעון אַרעצקי, און די טויזנטיעריקע ביימער כאַפּן אונטער דעם ניגון.

— רבי, — גיט מיר אַ טאַרע דער פּוילישער איטשע פאַרבשטיין, דער, וואָס האָט געזאָגט, אַז אונדזער לייזער־משהס קאַגאַנאָוויטשעס טאָכ־טער איז סטאַלינס פילגש — אפשר קאָן מען אַ ביסל פאַרלענגערן די שמונה־עשרה.

איטשען רופט מען דאָ דער עגבה וגילוניק, דערפאַר, וואָס ער איז דער איינציקער, וואָס מ׳האָט אים מהנה געווען נאָר מיט אַ... פּיאַטי־ליעטקע.

הער אַ העזה פון אַ יידן — פאַרגינט מען אים נישט — כאַפּן ביי סטאַלינען אַזאַ מציאה.

די מפטיר־יידן זענען די שיר נישט געשאָסענע און איצט פינף און צוואַנציק־יאָריקע. איז נעכאַי, וואָלטן זיי געווען וויניק. זענען זיי אָבער זייער אַ סך. פאַלט זיי דעריבער אויס אַ מאַכאָרקע ״עליה״ נאָר אַ מאָל אין אַ יובל.

וואָס נוגע מיר, בין איך עפּעס אי נישט מילכיק, אי נישט פליישיק. מיט איין וואָרט אַ פאַרעווער — צען יאָר. וואָס זענען צען יאָר? דריי טויזנט זעקס הונדערט פופציק מאָל זיך לייגן, און טאַקע אַזוי פיל מאָל אויפשטיין און איידער דו קוקסט זיך אַרום... ביסטו שוין אויף דער פריי.

— אַ ביסעלע לענגער, ר׳ יעקב, מיט דער „סעמיניייסרע״ — בעט זיך ביי מיר דער פּוילישער, דער וואָס האָט אומזיסט און אומנישט חושד געווען יוסף דזשוגאַשווילי אין משכב אישה — טוט איר זען, זיי וועלן אַפילו נישט יהרצכלעווען...

— אתה בחרתנו מכל העמים ורצית בנו — פאַרגייט זיך אַרעצקי.

— אַ גרויסע טובה האָט ער אונדז געטאָן דער רבונו־של־עולם, וואָס ער האָט אונדז מזכה געווען מיט זיין האָקל באָקל, כל — גייען מיר אויף מיין מאַמעס טערפקע רייד — און אַז דו האָסט אונדז שוין יאָ, פאָטער אין הימל, געזאָלבט פאַר די מדריכים פון דער וועלט, פאַר וואָס זשע קאָסט אונדז דאָס איינקנעלן די תורה דיינע, מיט די גויִם, אַזוי פיל רבי־געלט?...

— נו, כלאָפּצי, פּאַראַ אוזשע זאַקינטשיט צע מאָליטווו... — בעט ביי אונדז באַפעלנדיק, אָדער באַפעלט בעטנדיק אונדזער בריגאַדיר סקירקאָ... ס׳דאַרף הייסן: אפשר וואָלט איר שוין אַמאָל, ברידערלעך, פאַרענדיקט מיט דאַווענען... — ווייל ווער ווייסט — גיט ער צו מפּייסדיק אויף זיין געשמאקן אוקראַיִניש — וואָס פאַראַ רוח עס קאָן אָנטראָגן.

איך רוים איין אָרעצקין, אַז ער זאָל אַ ביסל אונטערקירצן די שמונה־עשרה. שמעון דערווידערט נישט. זאָל זיין, אַז איך בין אַ ליפּעווער * רב, אָבער פאָרט אַ רב.

נאָר דער ליטוואַק לאָזט זיך נישט:

— הער, הער, אַזוי מקצר ימים זיין די סעמענעסרע... כ׳לעבן דער רעביינע־סעל־איילעם וועט האָבן תרעומות אויף אונדז...

— מילא, וועט ער אונדז געבן נאָך צען יאָר, דער רבונו־של־עולם אייערער — וויטעט זיך דער ייד פון זשיטאָמיר בערל קאָשעוויצקי, דעם וואָס די קאַ.גע.בע. האָט געכאַפּט אין גאַס מיט אַ לוח פון ישראל — עס זעט זיך שוין ביי אונדז אָן, ווי ביי אַ גוטן ייד אַ וואָרצל אויף דער נאָז... ווען מען זיך דאָס מאָל באַגיין אָן אָן עלינו לשבח...

— עלינו לשבח דער קוגל איז ווייך — גייט מיר אויף מיינער אַ גראַם פון די ווייטע, ווייטע קינדער־יאָרן, און פאַר וועלכן איך האָב געכאַפּט פונעם רבין פּעטש ווי האָלץ.

נאָכן דאַווענען אַרבעט זיך בעסער. ווער מיר פראָסט, וואָס מיר פראָסט? עס גייט קיין עין־הרע ווי אַ מזמור. די ביימער פאַלן קרעכצנ־דיק און מיר קרעכצן פאַלנדיק. בקיצור, עס איז קיילעכיק און פריילעך.

— באַטשיטע כלאָפּצי, קאַק כאַרנאַ זשידקי ראַביעט ** — קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן פון התפעלות דער געהילפס־בריגאַדיר פּעטרענ־קאָ — דער, וואָס האָט נאָר געהרגעט יידישע באָלשעוויקעס, אָבער נישט קיין איין יידן.

---

* ליפּעווער אָדער ליפּנער — פאַלשער.

** זעט נאָר, חברה, ווי פלייסיק די זשידקעס אַרבעטן.

— עטאָ אים זשידאָווסקי באָך פּאַמאַגאַיעט... אַטשען ווין ליוביט מאַליטווי * — כאַפּט אים אונטער דער וואָלאָסאָוויעץ פּאָפּאָוו, דער, וואָס זאָגט אונדז צו גילדענע בערג, דאָס הייסט, אַז ווען ער וועט ווערן מלך אין ראַסייע, וועט ער אַלע יידן אַרויסשיקן קיין ישראל.

— ער וועט אונדז וואַרפן אַ קניש אין קאָפּ אַריין — לאַכט דער ווילנער הירשל.

ביז וואָס, ביז ווען, דערווייל איז אונדז גוט, וואָס מיר זענען יידן.

✶

דער נישט געקרוינטער מלך ביי אונדז אין לאַגער איז כאַצקל ריבאַק. שווער צו גלייבן, אַז אָט דער ייד אין דעם לעדערנעם מאַנטל, מיט דער כוואַטסקער קאָזאַקישער קוטשמע אויפן קאָפּ, איז אַמאָל געווען אַ לאַדזשער פאַבריקאַנט און דערצו נאָך אַן עסקן אין "מזרחי". ער איז אויך פון די זוכה בגורלדיקע. ער האָט אַריינגעכאַפּט נאָר צען יאָר. אָבער צען יאָר מיט אַ משפּט און נישט קיין צען יאָר אָן אַ משפּט ווי איך.

— פאַרשטייט איר מיך — ברייעט ער מיר אויס — אייך האָט געמשפּט די „טאָינע" מאָסקווער טראָיקע. עס איז געווען אַ שטילע חופּה. אָבער ביי מיר איז געווען אַ חתונה מיט קלעזמער: אַ ריכטער מיט צוויי אונטערריכטערלעך, אַ פּראָקוראָר... הקיצור, אַלע גיהנום־שמשים.

אַוודאי האָט ער זיך מיט וואָס איבערצונעמען דער לאָדזשער פאַבריקאַנט. ווי זאָגט דער ווילנער הירשל: ער, אַז ער זיצט זיך אָפּ זיינע צען יערלעך, איז ער אַ „פרייער" מענטש אין... קאָלימאַ. אָבער ביי מיר, און ביי אייך, איז ווי מיין מאַמע פלעגט זאָגן, אַ מעשה אָן אָן עק. ווייל קיינער אין דעם גרויסן „לאָטערלאַנד" ** איז נישט אַזוי באַרעמהאַרציק ווי דאָס... מאָסקווער „דריטל". זיי האָבן אַ ברייטע און אַ מילדע האַנט. שטענדיק זענען זיי מוכן ומזומן צו עודף.

* דאָס העלפט זיי דער יידישער גאָט... ער האָט זייער ליב תפילות.
** וואָרטשפּיל — אַנשטאָט פאָטערלאַנד. לאָטר — אויסוואורף, פאַרברעכער.

פרעגט מען אים ריבאַקן: — פאַר וואָס? פאַר ווען? ענטפערט ער קורץ און שאַרף, מעשה ביזנעסמאַן:

— פאַרשטאַיט איר מיך, כ'האָב די כאַוואַירים איין מאָל געזאָגט: ווי אַזוי איבלט אייך נישט אָנהייבן דעם טאָג מיט סטאַלינען און אָנסטאַלינע־ווען אַ גאַנצן מעת־לעת. אַפילו דעם אייגענעם ווייב — האָב איך זיי דערקלערט — אַז דו וועסט איר פון אין דער פרי ביזן אָוונט זאָגן, אַז דו האָסט זי ליב, וועט זי דיר אויפהערן צו גלייבן. איז טויג אייך מעשיות? זיי האָבן עס געמאַכט, שיכער, מיכער, אַבי גיכער. מיר אַריינגעהאַקט צען יערלעך, ווי איינער זאָגט: ניע סונסיאַ, ריבאַק, קודאַ ניע נאַדאַ, הייסט עס: הער אויף, כאַסקל ריבאַק, צו זאָגן דעה׳ס דער מלוכה...

איצט איז די גאַנצע לאַגערנע נאַטשאַלסטווע ביי אים אין קעשענע. ער האָט אַרויסגענומען דעם אַמאָליקן לאַדזשער פאַבריקאַנט, איז ווי אַזוי ער קערעווען ווייסט ער, נאָר די קויף־פאַרקויף־ראָד דרייט זיך.

ווי זאָגט ער עס אויף זיין ריבאַקישן שטייגער:

— אויף זיי גאַיט אַ גילדענער רעגן, און איך, ברוך־השם, דערלאַיג אויך נישט צו דעם געשעפט.

אונדז האַלט ער, ריבאַק, פאַר די עשרה בטלנים. ער רופט אונדז די „קראַטקעקורסעניקעס". דאָס איז ער אויסן יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטשעס סדום־ספרל וועגן דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, וואָס אַלע — פון מאַגאַדאַן ביז מיין שטעטעלע פערליץ — לערנען עס, און קיינער געדענקט עס נישט...

מיט דעם אַלעמען, ביי אַ יידישן יום־טוב פּראַוועט ער אונדז אַ סעודה כיד המלך. ער אַליין דאַוונט ווייניק און... וויינט אַ סך.

איז ערגעץ ווו אין מיטן מיי, קומט ער, ריבאַק, אָוונט צייט צו אונדז, גיט כיטרעוואַטע אַ ווינק מיטן אויג און עס שמייכלט אים אונטער אַ וואָנצע:

— שיקט זיך, אַז איר אַלע, די „פּאַרטיאינע" און „בעספּאַרטיאינע" האָבן פאַרגעסן, אַז איבערמאָרגן איז דער דריטער יום־טוב פון דער יידי־שער מדינה?...

מיר האָבן בפירוש נישט פאַרגעסן, אָבער גיי שריי חי־וקיים, אַז די מדינה איז אַזוי ווייט... און קאָלימאַ איז אונדז אונטער דער נאָז.

אויגנבליקלעך גיט ער זיך מיטן זיין סיקעוואַטן פינגער אַ קראַץ אין פליך, קלאָר, אַז עס ווערט געבוירן אַ נייע ריבאַקישע קאָמבינאַציע.

— הערטשע, רבי לעבן — באַשמייכלט ער מיך פונעם קאָפּ ביז צו די פיס — איז וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען, ווען איר יערט זיך מאָרגן? איר ווערט צו מזל און צו גליק אַ פּופּציקער?... אַלץ איינס, זעט איר שוין, נאָך מיט דעם שטריימל אויפן קאָפּ, קיין עין־הרע אויס, ווי דער אַלטער גערער רבי.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, מיט ריבאַקן טאָר מען קיין סך נישט מאריך זיין, ווייל צייט איז ביי אים בדוחק.

— פאַרשטאַיט איר מיך — גאָנערט ער זיך — אם־ירצה־השם זונטיק אויף דער נאַכט וועט עץ אַלע צען אַריינקומען צו מיר אין קאַפּטיאָרקע * ...עץ דאַרף גאָרנישט ברענגען נאָר אַ פּאָר שאַינע ציון־לידער... און אַ פּאָר אָנשטענדיקע פּסוקים אַדורכצושווענקען אונדזערע טריפהנע קאַטאָרזשנע מיילער... און האָט מיר און זאַיט מיר...



פאַר וואָס איז גראָד היינט די קאָלימער זון אַזוי שטיפמאַמעדיק און וויל בשום אופן נישט אַ שיין טאָן? נעבאַי, כאָטש אַ פּיצינקעלע שטראַלעכל, אַ כזיתל זון, כאָטש אַ ברכה צו מאַכן אויף דעם פרילינג.

— זי איז אַ מסוכהנע קמצנטע, די קאָלימער זון, ממש אַן אימפּעריאַל פאַר אַ שטראַל — ווילט זיך הירשל.

און כאָטש, ווי מען זאָגט ביי אונדז אויף דער בעסאַראַביע, דער פּראָסט לעקט און בריט, איז אונדז פריילעך אויפן האַרצן. איין קלייניקייט, מאָרגן יום־טובן מיר דעם דריטן יאָרטאָג פון דער יידישער מדינה.

— דיוויטיעסיאַ קאַק דיוזשע כאַרנאָ זשידיווסקיע רעביאַטאַ סעוואָדניאַ ראָביאַט ** — טייעט אָן פון אונדז סקירקאַ. ער איז היינט אַזוי גוט צו אונדז,

---

* אַ צימער אין לאַגער, ווו אַרעסטאַנטן האַלטן זייערע זאַכן.

** זעט נאָר ווי פיין די זשידאָווקע חברה אַרבעט היינט.

אַזוי, אַז מיר כאַפּן אַזש אַריין אין אונדזער וואַלד־שילעכל, נישט נאָר קיין שחרית, נאָר אַפילו אַ לענגער מעריבל.

— המבדיל בין קודש לחול — צעציקלט זיך פרום שמעון. איבער די שפּיצן פון די טויזנטיאָריקע ביימער זענען זיינע טרויעריקע אויגן געווענדט צו גאָט:

— גיב אַ קוק, טאַטע פאָטער — וויל ער זאָגן — אַכצן יאָר בין איך אַלט געווען ווען די טשעקאַ האָט מיך אַרעסטירט. כ׳האָב שוין נישט אַזוי פיל האָר אין קאָפּ, וויפל עטאַפּן איך בין שוין אַדורכגעגאַנגען. ביי מיינע זעקס און דרייסיק יאָר האָב איך שוין נישט קיין איין צאָן אין מויל. איז אפשר וואָלט געווען אַ יושר, אַלמעכטיקער פאָטער פון אברהמען, יצחקן און יעקבן, עס זאָל שוין זיין גענוג?!...

ס׳איז שוין נישט קיין דאַווענען, נאָר אַ מין ביטער געוויין, וואָס גייט איבער אין אַ יעבץ. דאָס באַקלאָגט ער אַזוי, אָרעצקי, זיינע יונגע יאָרן.

— טשטאָ טאַק זשידי גאַרלאַניאַט? וואָס יאָכמערן דאָרט די יידן? — בייזערט זיך פּעטרענקאָ, דער וואָס האָט נאָר דערהרגעט יידישע באַלשע־וויקעס...

— זשידאָווסקי באָך דיוזשיע ליוביט, קאָגדאָ פּלאָטשוט. אויף פּראָסט יידיש, דאַרף עס הייסן, אַז דער יידישער גאָט האָט זייער ליב, אַז מען ווענדט זיך צו אים מיט אַ הנני העני ממעש־טענצעלע — פּרוווט אים איינגעמען סקירקאָ. — און חוץ דעם — גיט ער צו — האָבן די י ע וו ו ר ע־ י ע ס היינט געמאַכט צען נאָרמעס מיט אַן עודף.

קומט אויס, אַז מיר מעגן שוין דאַווענען, וויפל דאָס האַרץ גלוסט.



זונטיק אויף דער נאַכט פאַרפוצן מיר זיך אין „בגדי מלכות״. איך שלעפּ אַרויס אַפילו פון מיין אויסגעדרעליעוועט זעקל אַ שניפּס אַ ביסל אַ צעטרעפּקעטן, אָבער פאָרט אַ שניפּס.

ביי שמעון אָרעצקי גלינצערן אַזש די לאַגערנע שיך. איינער עפּעס אַ „וואָלניאַזשקע״ האָט אים געבראַכט שוואַקס פונעם מלכס אוצר. און מיר

בסוד שושקעט ער אַריין אין לעפל פונעם אויער, אַז אַ פּלעשל בראָנפן איז אויך דאָ.

פּאָרט אַן אַרעסטאַנט מיט אַ בכבודיקן סטאַזש.

לאָזט זיך אויס, אַז אַלע האָבן זיך מיט אַכפּערונג מכין געווען צו דער יום־העצמאותדיקער סעודה. קיינער איז נישט געקומען מיט די ליידיקע הענט. דער ווילנער הערשל האָט געבראַכט דריי גערויכערטע הערינג. דער געוועזענער פּראָפעסאָר פון דער מינסקער קאַטעדרע פון מאַרקסיזם־לעני־ניזם, קלעבאַנאָוו, האָט געבראַכט אַ פושקעלע כאַלוואַ. „זי איז שוין ביי מיר כמעט אַ גאַנץ יאָר און וואַרט אַלץ אויף אַ „פּראַזדניטשני דיען". דער קרע־מענטשוגער בעלאָפּאָלסקי, דער, וואָס האָלט נאָך איצטער אויכעט, אַז קאָ־מוניזם איז אַ גוטע זאַך, נאָר זי איז אַריינגעפאַלן אין שלעכטע הענט, שלעפּט פון אַלע קעשענעס אַרויס ווייסע פּעכלדיקע סעכערלעך.

וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו דער טשעפּעליאָווער ייד פון שעפּעטאָוו־קע, דער, וואָס אַלע מעשׂיות זיינע הייבן זיך אָן מיט אַ „דאָס" און פאַרענ־דיקן זיך מיט אַ „יענץ". דער האָט אויך געבראַכט עטלעכע צוקערקעס.

אָבער וואָס ריבאַק האָט געבראַכט, וויל איך נישט און קאָן נישט אויס־רעכענען, ווייל כ'האָב מורא, אַז עס זאָל זיך מיר חלילה נישט חלומען אין די הונגעריקע טעג און נעכט. אַפילו דער סאַמע אַלמעכטיקסטער פון די נאַדזיראַטיעלעס, דער מענטשן־פרעסער איוואַן נאַמאָרדניקאָוו, רופט אים נישט אַנדערש ווי פּאַניע ריבאַק.

מיט איין וואָרט: עלעהיי נישט קיין אַרעסטאַנטן־סעודה אין דער קאַפּ־טיאָרקע, נאָר אַ באַנקעט אין לאָדזש פאַר די טעקסטיל־פאַבריקאַנטן.

✶

מיר זעצן זיך אַלע אויס אין דער דלת־אמותדיקער קאַפּטיאָרקע. וואָס, וואָס, כאָטש אויפן טיש איז כיד המלכדיק, נאָר אין דער קאַפּטיאָרקע איז געגנוג ענגלעך,אַזוי, אַז מיר זענען ווי צוגעקלעבט איינער צום אַנדערן. הייבט זיך אויף איינער, מוזן מיר זיך אַלע אויפהייבן.

אַלעמענס בליקן זענען געווענדט צו מיר. דעם שעפּעטאָווסקערס תמע־וואַטע אויגן, בעטן זיך ממש רחמים ביי מיר — „הייבט שוין אָן וואָס גיכער,

רבי־לעבן, און ענדיקט אַ ביסעלע פריִער, ווייל די סלינע רינט מיר פשוט פונעם מויל".

— פריינד טייערע, ליבע אַחים לצרה — הייב איך אָן מיט אַ פאַרכטיק קול אין מאַמע־לשון.

— וואָס עפּעס האָט איר זיך מיר צעיידישט אין מיצקע דרינען — גלאָצט אויס אויף מיר ריבאַק אַ פּאָר בייזע קוקערס — וואָס זשע, איר פאַר־שטייט נישט, אַז גראָד יעצט, בראָוכט איר רעדן לשון־קודש...

איך ווייס: דאָס רעדט אַרויס פון אים דער מזרחיסט, און אויך דאָס ביסל בראָנפן אויף וועלכן ער מאַכט אַ שהכל יעטוועדן „גאַנצפרי", עט, עט, נאָך פאַר עבודת הבורא... און פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אויך דערשמעקט מיט זיין לאַנגער לאָדזשער נאָז, אַז איך בין געווען אַמאָל אַ... לינקער יידישיסט.

— חברי היקירים — גיב איך אים נאָך ריבאַקן — אַחי לצרה... גם אנחנו אסירי סטאלין הנידחים והמרוסקים, חוגגים את חג מולדתנו החופ־שית, בליבות מלאות ריגשי אהבה וגעגועים...

מיט אַ מאָל גיט די טיר אַ קרעכץ אויף די זאַוויסעס, און — פון שרעק — הייבן מיר אַזש אָן צו קלימפּערן די ציין אין מויל. מילי־מיליאָסן רעיונות, צעגלוטיקן מיין מוח. און צווישן זיי איינער דער סאַמע עיקרדיקסטער: אַזוי דוכט זיך, בין איך אי אַ זאַגער, אי אַ זינגער און צו דערצו אַ שטיקל קענער אין אַלע שבע חכמות. איז פאַר וואָס זשע, אַז עס קומט צו אַ שווערן נסיון, פאַרקריכט ביי מיר די נשמה עפּעס טאַקע נאָר ווי אין דער פּיאַטע?...

שיקט זיך טאַקע, אַז ביי מיר איז פון אומר ביז עושה ווי פון הודו ביז כוש? און עפּעס גאָר פון דער ווייטנס, פון אָט יענע קינדער־יאָרן, וועלכע כ'האָב צוריק מיט אפשר... טויזנט יאָר, געפּאַשעט אויף דער שטעטלדיקער טאַלעקע, טויכט אויף אין מיין זכרון, אַ קאַטאָוועסדיקע דערמאָנעניש אַזאַ:

— הערסטו, יאַנקעלע — האָט אַריינגערעדט אין מיר דער גרעסטער פראָסטאַק אין מיין שטעטל שלמה הערש בערס — האָסטיך טאַקע אין זעיך אַ סך תורה, נאָר אַזוי ווי דו זעיסט מעיך, עס זאָל דיר צו קיין שמוכע נישט זיין, האָב עיך מעיר דרך־ארץ פאַר אַ גוטן טראָסק, ווי פאַר אַ קלוגן פּסוק...

נאַמאָרדניקאָוו האָט זיך גאָר ברייטלעך אַוועקגעזעצט אויף אַ קאַסטן. ער זיצט אַ פוס איבער אַ פוס, און איז מיר עפּער גאָר מלא געדודעדיק.

— נו, רעביאַטאַ — שאַמקעט ער אונטער — פּראַזדנויעם דיען ראָזש־דעניאַ פּראַזדנויעם... טשטאַ טשטאַ, נאַ עטאַ קולטורנאָיע מיעראָפּריאַטיע...

עס דאַרף הייסן אַזוי: נו, קינדערלעך, איר לאָזט זיך ווילגיין... איר פּראַוועט זיך אימענינעלעך... פּראַוועט איר זיך... אַזוי, פיין, אַזוי שיין... וואָס, וואָס, פּאָרט אַ קולטורעלע אונטערנעמונג...

פּאַטער אין הימל — ווערט מיר מיט אַ מאָל הייס און קאַלט — פון זינט איך האָב ז י י דערקענט, פון דעם ערשטן טאָג, פון דער ערשטער שעה, פון דער ערשטער מינוט, האָבן זיי שוין געמעלה־גרהט דאָס הויכבאַר־גיקע וואָרט — קולטור.

— נאַטשאַלניטשעק — איז גאָלע פּאַטיק ריבאַק. — נאַטשאַלניטשעקל, טייערער זיס אדונ׳דל — ריזלט זיך אַ גאַליק שטראָמעלע אין ריבאַקס טענדעלע — אפשר וועסטו, גראַזשדאַנין נאַדזיראַטיעל נאַמאָרדניקאָוו, אונדז אָנטוען די ליבע, און מאַכן מיט אונדז, מיט די וויסטע קאַטאָרזשניקעס, אַ שהכל...

איר זאָלט עס זאָגן, אַז ער זאָל זיך עס לאָזן לאַנג בעטן נאַמאָרדניקאָוו. ריבאַק גיסט אים אָן אַ פול גלאָז ספּירט, נאָך מיט אַן אויג.

זאָגט וואָס איר ווילט, נאָר ספּירט איז אַ מלכותדיק געטראַנק. עס איז נישט נאָר אַ סגולה קעגן פראָסט, נאָר אויך אַ גוט מיטל צום כערען, צום איינפּאָפּן — טראַכט איך מיר, אַזוי בעסאַראַביש היימישלעך.

אויגנבליקלעך זשליאָקעט ער אויס דאָס גלאָז ספּירט, נאַמאָרדניקאָוו:

— עך, בראַטצי, — ווערן מיר שוין מיט אַ מאָל פון רעביאַטקי בראַטצי,
— עך בראַטצי, — האָט ער אַ פול מויל מיט ביתן — ווען נישט דער זשיד קאַגאַנאָוויטש, וואָלט איר פון לאַנג שוין נישט געווען דאָ.

אַ שוואַכער טרינקער דער נאַמאָרדניקאָוו, אַן אַלקאָהאָליקער. נאָר איצטער, ווייסן מיר נישט, צי זיך פרייען, צי זיך ערגערן. ווייל פון איין זייט איז טאַקע קאַגאַנאָוויטש — סטאַלינס גיהנום־שמש, אָבער פון דער צווייטער זייט איז דער זשיד לייזער משהס. פּאָרט אַן אונדזעריקער.

שמייכלען מיר עפּעס טאַקע מיט אַזאַ מין לאָז־מיך־געמאַך־שמייכעלע, פון דעם סאָרט געלעכטער, אויף וועלכן מיינע בעסאַראַבער אָבות פלעגן זאָגן, אַז ער גייט דיר אַרויס פון פּופּיק.

— פּאַרבייס, נאַטשאַלניקעכל — בעט זיך אַלץ ריבאַק. — מיט אַ הערינג... מיט אַ מאַסלינקעלע... אפשר, נאַטשאַלניקל, אַ ביסל שוואַרצע איקרע... עד חצי הקאַלימאַ, נאַטשאַלניקל, וינתן לך...

נאָך דעם צווייטן גלאָז ספּירט איז שוין נאַמאַרדניקאָוו — ווי מען זאָגט אין מיין וואָלעכישן קאַנט — פּערצן און ליידיק. עס סטאַרטשעט אים נאָר אַרויס פונעם מויל אַ שטיקל הערינג, וואָס האָט זיך אים אַפּנים גע־שטעלט פּאָפּעריק.

— פריקארנו ניעמנאָזשקאָ *

דאָס וויל ער זיך אַ ביסל צולייגן נאַמאַרדניקאָוו. ס׳איז אים איצטער גוט און וואַרעם אין אַלע זיינע סלאַווישע אברים. די רויטע נאָז איז איצטער ביי אים עוג־מלך־הבשנדיק. ס׳איז שוין נישט קיין נאָז, נאָר אַ ניאָניע. די בלויע אייגעלעך אַזעלכע פּיצימאָנטשינקישע. די וואַרגעס שווילן. און אין גאַנצן איז ער איצטער ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך אויפן תנ״כישן נחס צווייטן זון חם... אַקוראַט, ווי דער יידישער דיכטער זינגט: „אַ שענק האָט ער, דאָרט פרעסט ער און ער טרינקט... אַ קלויסטער האָט ער, דאָרט מאַליעט ער און שטינקט, דער חם, דער שכן מיינער״...

ער ראָסטיעט זיך אויס, נאַמאַרדניקאָוו, אין זיין גאַנצער פּאַנישער גרייס, אויף דעם קאַפּטיאָרקע־קאַסטן. נאָר די באַשטיוולטע פיס זיינע טע־לעבענדען זיך אויף דער ערד.

— „הוה משמש תלמידי חכמים״ — שמייכלט אָרעצקי. שלעפּט אים אַראָפּ דעם עשיו די שטיוול. דעקט אים איין מיט אַ קאָלדרע, ער זאָל חס וחלילה זיך נישט פּאַרקילן.

— אפשר דאַרף מען אים שוין אָפּוואַשן — איז האָפּערדיק הירשל.

— כ׳האָב מורא ער זאָל זיך נישט ראַזדרעכען — וואָרנט דער שעפּע־טאָוועקער.

---

* כ׳וועל כאַפּן אַ דרימל.

— האָט אים טיף אין דער אדמה... ער וועט אויפשטיין דעמאָלט ווען איך וועל אים הייסן — האָנערט זיך ריבאַק .עס דאַרף הייסן אַזוי : קינדער־לעך, פריַער גאָט, און דערנאָך ריבאַק, און אפשר גאָר פונקט פאַרקערט, מיט ריבאַקן זענט איר גיכער זיכער ווי מיטן רבונו־של־עולם. יענער, דער אויבערשטער, האָט אייך שוין נישט איין מאָל אונטערגעפירט, אָבער ער, דער אונטערשטער ריבאַק, וועט אייך נישט לאָזן פאַלן. ווי שטייט עס דאָרט געשריבן אין די הייליקע ספרים : על עצמי ועל צוארי...

אויב אַזוי איז סעודהוועט מען. מען עסט שוואַרץ ברויט מיט פוטער, מיט אַ לעקעלע איקרע פון אויבן. מען פאַרטרינקט מיט אַ ביסל נסך, און מען פאַרבייסט מיט אַ.. דערמאָנעניש.

מען דערמאָנט זיך, און מען לחיימט צו ביסלעך. נו, ריבאַק, פאַרשטייט זיך, קאַטשעט אַריין אַ גוט גלעזל בראָנפן. אויף דערויף איז ער ריבאַק. נאָר מיך איז ער מכבד נאָר מיט אַ קעלישעקל ווײַן „כּדי איך זאָל נישט פאַרפלאָנטערן די ברכות״.

איז דערמאָנט מען זיך : ווי, ווער, וואָס, און מען הייבט זיך שוין טאַקע אָן האַמפּערן צו ביסלעך. ריבאַק וויל מיך פשוט דורס זיין, אַז איך זאָג, אַז זשאַבאָטינסקי קומט נישט צו ווייצמאַנס קנעכלען.

— ס׳וואַיסן זי — קוקט אויף מיר ריבאַק פון אויבן אַראָפּ — ווען זשאַבאָטינסקי לעיבט, וואָלטן מיר שוין פון לאַנג געווען מיט לייטן גלייך. און עטץ וואָלט נישט געווען דאָ.

אָבער גאָר אַ ביטערע גאָב כאַפּט אַריין פון אים אָרעצקי. יענער נעבעך, ווייזט זיך אַרויס, האַלט נאָך גאָר פון פאָרנט, ביים סאָציאַליזם...

— ריבאַק — רעדט ער אים ממש אַריין אין לעפל פונעם אויער — איך וועל עס נישט דערלעבן, נאָר דער, וואָס וועט זוכה זיין צו טרעטן אויף דער ערד פון די אָבות, וועט נאָך זען מיט זיינע אייגענע אויגן אַ לאַנד פון צדק און יושר... אַז איר ווילט, אַ סאָציאַליסטישע מדינה.

איך דערקען נישט ריבאַקן. עפּעס איז ער מיר גאָר איצטער ענלעך געוואָרן אויף נאַמאָרדניקאָוון. ער גיט זיך אַ לאָז צו אָרעצקין, ממש אים אויף דורס צו זיין.

— אַנישט דערלעבן זאָלן זיי — שיסט ער אויס הונדערט ווערטער אין אַ מינוט. — אַז די ימחשמוניקעס זאָלן ממשלטעווען און וואָלטעווען איבער אונדז... נאָך אַ מאָל מאַרקס, לענין און סטאַלין... אַ מאַטשקעלע זיי אין די זייטן מיט אַ ווערים פון אויבן... אַז נישט דערהאַרגן זאָלן זיי...

איך, דער רב פון דער ק״ק בוטעגיטשאַק, נעם זיי קוים איין. דער שעפּעטאָווקער אַ דאַס און אַ יענציקער, פֿאַרפֿלט זיך אַזש פון אַנגסט: „ריבאַק, ברודערצו, כ׳בעט אייך רחמים, אַ ביסעלע שטילער! ווייל דער גזלן קאָן זיך אויפכאַפּן״. הירשל, דער געוועזענער ראַדיאָ־טעכניקער, העלפט מיר אונטער איינשטילן די פעכטנדיקע צדדים.

— ס׳טויג אייך דאָס דוצקען זיך דאָ, אַז ישראל איז אַזוי ווייט, איבער הונדערט ימען און לענדער, און מיר זיצן דאָ, אוי ווי מיר זיצן, אין גע־האַקטע ווונדן... פרעג איך אייך, צו וואָס צאַפּן איינער ביים צווייטן, אומ־זיסט און אומנישט ריקעס בלוט? כ׳לעבן, ס׳איז נאָך פרי.

— וויי מיר, ווי ס׳איז נאָך פרי... — כליפּעט ממש דער שיר נישט געוואָרענער טראָצקיסט מאגאלניק.

— אַמער לאָמיר עס בעסער פאַרזינגען... מאָרגן קומען מיר זיך צונויף נאָך אַ מאָל?... — צאַפּלט זיך הירשל — עפּעס טאַקע נאָר, ווי ער זאָל פילן, מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, אַז יעדע פאַרלוירענע מינוט דאָ, איז נישט אַזוי מיט גאָלד ווי מיט בלוט גלייך.

איז שטעלט זיך אויף אָרעצקי, און קוקט אויף אונדז מיט אַזעלכע אויגן, גלייך ווי ער זעט אונדז צום לעצטן מאָל. און עפּעס איז פאַראַן אין זיין קוק. נישט נאָר קיין צער, נאָר אויך, דוכט מיר, פאַריבל. ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: וואָס ווייסט איר... איר זענט אַזעלכע פרישע, צאַפּלדיקע ערשט צוגעקומענע... און איך קען ז י י שוין...

און נאָך איז פאַראַן אין זיין בליק: האַרטנעקיקייט... גבורה; אַזוי — לויפט מיר אַדורך אַ געדאַנק — האָט געקערט קוקן משה רבינו אויף פרעהן, ווען ער איז געקומען צו אים, און האָט אים נישט געבעטן, נאָר געמאָנט — שלח את עמי!...

איצט זינגט ער, אָרעצקי. אַזוי בלחשדיק, דביקותדיק, שיר־השירימדיק. און דער ניגון זיינער האָט אַלע טעמים... אַ ים מיט טענער. אָט קלינגט ער

הויך ווי ער וואָלט געקומען פון דעם סאַמע העכסטן באַרג, און אָט איז ער נידעריק — פאַרדומפּן, גלייך ווי ער וואָלט געקומען פון אַ הייל אַרויס. אָט איז ער סאַמעטן־ווייך, ווי זיין שאַגאַליש מיידל, און אָט איז ער צאַרג־דיק האַרט, ווי זיינע אָנגעדראָלענע, פאַרפרוירענע הענט... און אין גאַנצן איז ער דער ניגון זיינער אַ נישט־דאַיִקער... גלייך ווי ער וואָלט אָקאָרשט ערשט אַ אַראָפּגענידערט אַהער, אין דעם עמק הבכא, פון די גרינע פליינען פונעם תנ״ך:

שם בארץ חמדת אבות
תתגשמנה כל התקוות
שם נחיה וגם ניצור
חיי זוהר, זיו ודרור

אויס קוילנגרעבער, אויס גאָלד־רייניקער... אויס קאַטאָרזשניק... אברהם אבינוס אַן אייניקל זינגט אין אָט דער חצותדיקער שעה דאָס ליד פון די, וואָס האָבן געזייט מיט טרערן און געשניטן מיט געזאַנג.

איך האַלט אים אונטער דממה־דקהדיק. ביי ריבאַקן קומט אַרויס דער ניגון אַ ביסל פירעקעכיק. דער ווילנער הירשל מאַכט צו די אויגן און וויינט מער ווי ער זינגט. דער שעפּעטאָווקער גישטערט אונטער, און אַלע מאָל בייזערט זיך ריבאַק אויף אים, וואָס ער שלאָגט איבער אָרעצקין, מיט זיין אומאויפהערלעך פרעגן דעם פירוש המילים...

נאָר די איבעריקע זעקס יידן זיצן פאַרגאַפּטע מיט אָפענע מיילער, און שלינגען דעם ניגון ווי לופט.

גוט כאָטש, וואָס גאָט האָט באַשאַפן די נאַכט. טאַקע אַן אל נוקם ונוטר, נאָר פאָרט פון דעסט וועגן נישט אַזאַ אַכזר, ווי די מנהיגי הקרעמל.

איצט איז ער, דער כביכול, אַפּנים, גאָלע רחמים. מחמת, אָט קוקט זיין לבנה אַריין אַדורך די בעלמעוואַטע קאַפּטיאָרקע־שייבעלעך און זאָלבט אונדז אַלע מיט איר בלייכן שיין... קאָנטיק, אַז דער רבונו של עולם האָט אויך נחת־רוח, וואָס זיינע קאָלימער אתה־בחרתנוניקעס, האָבן נישט פאַרגעסן אין דעם נצח־ישראל.

עס זינגט אַ מנין יידן. צען יידן מכל קצי ראַסייע יום־טובן דעם יום־העצמאות.

פון רעכטס אַן אומגעהויערער פּלויט פון דראָטן... פון לינקס באַ־וואָפנטע עמוועדעניקעס אויף די ווישקעס; און טאָקע סאַמע אונטער דער נאָז כערעט „דער עלטערער ברודער אונדזערער", נאַמאַרדניקאָוו.

נירו... ניר... ניר... ניר
שירו... שיר... שיר... שיר
גילו... גיל... גיל... גיל
כבר הניצו ניצנים

*

אין צוויי חדשים אַרום האָב איך מיך מיט אים געזעגנט. מ׳האָט אים פון ס׳ניי געשיקט קיין קאָטצוגאַן. עס האָט אַפנים דאָרט אויך אויסגעפּעלט אַ צענטער צום... מנין.

און ערשט נאָר אין יאָרן אַרום האָט מיר מיינער אַ צופעליקער באַן־מיטפאָרער, אַן אוקראַינער, אין צוג צווישן איין גלאָז טיי און דעם צווייטן, אַזוי זיך דערציילט, אַז מיט אים אין די שאַכטעס אין קאָטצוגאַן האָט געאַרבעט אַ „כאָרנע יעוורעי" שמעון אַרעצקי. ער איז געווען אַזאַ כאָרנער דער אַרעצקי — האָט זיך צעלאָזט מיין אוקראַינישער מיטשמועס־סער — אַז קיינער, קיינער, האָט עפּעס נישט געוואַגט אים אָנצורופן זשיד, און נאָר יעוורעי...

נו, איז זעט אויס פון גרויס שוואַכקייט האָט ער עפּעס דאָרט פאַר־קוקט... און ווען מען האָט זיך געכאַפּט איז שוין געווען צו שפּעט. ער האָט זיך נאָך צוגעמוטשעט אַ פּאָר טעג אין שפּיטאָל. „דיוזשע ציקאַווע" נאָר...

— ס׳הייסט ס׳איז זייער ציקאַווע — האָט געשטוינט מיין מיט־שמועסער, — אַפנים פון גרויסער היץ, האָט ער פאַרן טויט זיך מיט אַ מאָל צעזינגען, נאָר אויף אַזאַ שפּראַך, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען. מעגלעך, אַז אפשר נאָר דער יידישער גאָט — האָט זיך גאַנטעס אייניקל אַ וויצל געטאָן.

# דריי מאָל יעקב פיכמאַן

.1

... עס האָט מיר פאַרשמעקט מיט רויזן־דופט...

אַ לאַנגסטיקע דערמאָנעניש טויכט אויף אין מיין געמיט. און זי האָט, די דערמאָנעניש, אַלע טעמים. אָט איז זי זיס ווי פאַטעק, און אָט איז זי געווירצלדיק ווי לאָרבער־בלעטער. אָט שוימט זי ווי פינע־מילך, און אָט פליסטערט זי דממה־דקהדיק ווי אַ בעסאַראַבער קוואַל. אָט פעכלט זי ווי אַ פריש אָפּגעקאָסיעטער סטויג היי אַקעגן דער זון, און אָט איז זי סאַמעטן־באַדאַכט ווי אַ בעסאַראַבער טאָלעקע אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט.

ומעשה שהיה כך היה...

אַזוי איז זיך עס פאַרלאָפן, און אַזוי האָט עס זיך געטראָפן.

...חיים־בער באַלעגאַלע זיצט שוין יוסטעוואַטע אויף דער קעלניע, עלעהיי אַ מלך אויף זיין טראָן און פאָכעט האָפערדיק מיטן פּיזשאַלע.

מיין שטאַלטנע מאַמע טראָגט זיך צום פאַעטאָן מיט אַ גאַנצן זאַסיעק מיט סלאָיעקלעך איינגעמאַכטס, צוגעברוינטן קאָרן־לעקעך, אַ מאַקערטע מיט מאהינעס, און דער עיקר אַ האַנטל וויין.

און אָקאָרשט מען זעט נישט זיצט זי שוין מאַמעדיק ברייטלעך אין פאַעטאָן, אַ פאַרפוצטע אין האָניק און אין עסיק. אין דער רעכטער זייט זיץ איך, אַ בעסאַראַבער בלוט־ און מילך־בחורל, און אין דער צווייטער זייט מיין שוועסטערל רבקהלע, וועלכע מען זעט קוים אַרויס פון דעם

וואַלד פילקאָליריקע סטענגעס, מיט וועלכע מ׳האָט פאַרפלאָכטן אירע צעפּלעך.

...איז וווהין לאָזט זיך עס די פערליצער איטע די יאַקערקע? אין אַ ווייטן וועג לאָזט זי זיך. זי פאָרט אַזש קיין... בעלץ. זי פאָרט צו גאַסט צו עליע ברינדזאַר, ווייל פון זינט איך געדענק מיך, הער איך, אַז מיר גע־הערן זיך אָן קרובים מיט דעם בעלצער ״פעסעסער״ עליע פיכמאַן... אמת, טאַקע נישט קיין שמעלקע־פעטעלקע קרובים. נאָר איך ווייס נישט ווי ער, עליע, נאָר מיין מאַמע יחוסט זיך זייער מיט אים.

ער האָט אַ גרויסן גאַסט עליע ברינדזאַר. זיין עלטסטער זון יעקב, האָט זיך אומגעקערט פון דער ״גרויסער״ וועלט אַהיים. זיך אַריינגעכאַפּט אויף אַ פּאָר וואָכן, זיך אָנטישען מיט טאַטע־מאַמע, אייגענע און נאָענטע.

מיר זענען שוין ביי עליע ברינדזאַר אין שטוב. אַ טיש אַ דעמבענער, — אַ פאַרשפרייטער מיט אַ טישטעך מיט פרענדזעלעך — איז פול מיט כל־טוב. אַלץ הייסט כל־טוב. בערג מיט געווירצלדיקע פּאַסטראָמע און געפילטע פיש, צימעסן, קוגלס, קנישעס מכל המינים, בוימלבולקעס, גע־זייערטסעכצער און דער עיקר ווײַן... פלעשער, גלעזער, בעכערס, שימע־רירן מיט אַלע ווייטנטרויבן־פאַרבן, וואָס די געבענטשטע בעסאַראַבער ערד האָט אַרויסגעכישופט פון איר מוטערטראַכט.

און אַרום טיש פעסטע דעמבענע יידן, חברה ברינדזע, שאָף און וואָל. יידן געזונטע, ברייטפּלייציקע, קמץ־אַלף־יידן, צעקריגטע מיט דער עברי. און אָנגעקוואָלענע יידענעס, אָנגעגאָסענע מיט זאַפט, יידענעס אופּיטע־ווענע. דאָס אַלץ פעטערס, מומעס, קרובים און גלאַט יידן פון אַ גאַנץ יאָר.

— יאַנקעלע־זון, וואָס האָסטו עפּעס געבראַכט פון דער גרויסער וועלט? — שטייט צו אַ כוואַטסקע מומע, צו דעם גאַסט, דעם אַצילותדיקן יונגערמאַן, וואָס זיצט אויבן אָן און טייעט אָן פון דעם קראַנץ בעסאַראַ־בער פּראָסטע ברידער.

איז הייבט ער זיך אויף יעקב פיכמאַן און ברענגט אַריין פון אַ זייטיק חדרל זיינע אַ דריי ביכער.

— דאָס האָט ער אַליין אָנגעשריבן מיט זיין האַנט, מיט זיין קאָפּ, מיט זיין מאַרעך... — גרויסלט זיך עליע ברינדזאַר, דער טאַטע.

— איר שפּילט זיך מיט אים, יענער קיין עין־הרע, איז היינט דער גרעסטער שרייבער אין דער גאַנצער בעסאַראַבער גובערניע — נעמט זיך איבער פּיכמאַנס מאַמע.

...די ביכער גייען פון האַנט צו האַנט. הענט גרויסע, פאַרהאָרעוועטע, הענט מיט שוואַרצע רעמלעך אונטער די נעגל, געוווינטע פון דורות און פון יאָרן צו שווערער דאָרפישער פּראַצע, בלעטערן די ביכער פון זייער געראָטענעם זון.

די ביכער גייען פון האַנט צו האַנט, גיך, געשווינדיק, עפּעס טאַקע נאָר ווי מען וואָלט מורא האָבן, מען זאָל זיך נישט אָפּבריִען ביי די פרעמדע ווייטע... פייערן. מען וויטעט זיך איינער מיטן אַנדערן.

— נו, הערש־בער, האָסט עפּעס פאַרשטאַנען?

— ע, ס'אַ חיוב שוין צו פאַרשטיין? אַ זומער און אַ ווינטער, אַ וועסנע און אַן אָסיען. מ'עט יאַקאָש אַריינפּאַרן. סע ברענט נישט.

— אַלע גייען אַוועק אַ היין... סיי די פאַרשטייער, סיי די נישט־פאַרשטייער, סיי די ווייניק־ווייסער, סיי די אַלווייסערס...

— מיט דעם אַלעמען, איז מיט אים פריילעכער.

— אַוודאי בעסער מיט אים, ווי אָן אים. זאָל די וועלט זען, אַז מיר, בעסאַראַבער, זענען אויך נישט אויף אַרויסצוואַרפן.

...מען פאַרשיט אים מיט פרעגענישן, פּיכמאַנען, אַלץ פּראַגן, וואָס האָבן, איידל גערעדט, אַ שייכות צו זיין... שעפערישער לאַבאָראַטאָריע.

— אַבעיטעכניו, ווען שרייבסטו, ביי טאָג אָדער ביי נאַכט?

— אפשר שרייבסטו גאָר אין די זאַרעס?...

— ווי אַזוי קומט עס פאָר, צו ערשט טראַכסטו און דערנאָך שרייבסטו, אָדער פונקט פאַרקערט?

— דו שרייבסט אַליין, צי מען העלפט דיר אונטער?

— רעדסט ווי אַ בהמה, — צינדט זיך אָן איינער אַ שטיקל ווייסער, —

אַן איינפֿאַל פֿון אַ מענטשן. ווען ער שרייבט נישט אַליין, וואָס פֿאַר אַ חריפֿות וואָלט עס געווען...

— אַז דו שרייבסט, עסטו נישט. אַ יאָ, ניין...

— סע פֿאַרגייט אים שוין דער אַפּעטיט.

— וואָס מיינסטו, ס׳איז אַ פּאַך מיטן בייטשל... דאָס פּאַך ציט, מיינע שונאים, אַרויס די קליי פֿון די ביינער.

— הו... האַ... איז זיך עס טאַקע אַ שווערע מלאכה...

— ניין, וואָדען ?... מען זעצט זיך אַוועק צום טיש און סע גייט פֿון זיך אַליין. אויף אַזוי פֿיל פֿאַרטראָגט דיר אויך נישט דער קאָפּ...

— עיך ווייס, פֿון וואַנען זאָל איך וויסן, אַז ביי אונדז איז ביזן צענטן דור, נישט געווען קיין סימן פֿון קיין שרייבער אין דער משפּחה.

— אַבעיטעכניו, פּרנסה ווערט כאָטש פֿון דעם, צי ס׳איז נאָר קאָ־וויידל ? *

— יאָ, יאָ. מען צאָלט טאַקע עפּעס פֿאַר דעם, צי ס׳איז בוידעם־באַר־לעך ?...

— מישטיינסגעזאָגט וואָס מ׳קען שוין צאָלן פֿאַר דעם. גאָרנישט, נעבן אַ רייכן טאַטן, אַן איינגעפּונדעוועטן, קען מען זיך פֿאַרגינען אַזאַ ראָס־קאָש אויך צו זיין אַ שרייבער. שרייבן ביכלעך...

— עס, יאַנקעלע, עס, זון... ווענסטו האָבן מער כוח צו שרייבן — שטעלט אַוועק אַ מומע מיט טראָלדן און טראָלדעלעך, פֿאַר פּיכמאַנען אַ פֿאָלומעסיק מיט מאהינע און אַ גלאָז וויין.

— טרינק, יאַנקעלע... ס׳איז וויין פֿונעם מלכס קעלטערס.

דער גאַסט, דער ממרחקים געקומענער שרייבער, איז טועם פֿון דער מאהינע און פֿאַרטרינקט אַ גלעזעלע וויין, עפּעס טאַקע נאָר אויף צו געניסן.

— ס׳איז שוין דאָס רעכטע עסן און טרינקען, — קרעכצט אונטער די מאַמע.

---

* פֿאַרגרייזט פֿון כבוד.

— מ׳האָט אים עפּעס איבערגעפּירט אין גאַנצן. זאָג נאָר, יאַנקעלע, ביסט צווישן אייגענע אָדער פרעמדע, וואָס דו מאַכסט אַזעלכע מאַניפּאָר־געס — מוסרט אים אַ ברוגזע קרובה.

— אַבעיטעך ביסט אַ בעסאַראַבער, צי דו ביסט אַ... פונעם הימל אַראָפּגעפאַלענער ?...

— איך בין שוין מער דער וועלטס — שמייכלט זיך אונטער פּיכמאַן, האַלב־קאַטאָוועסדיק, האַלב־ערנסט.

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר... אויב ער איז שוין דער וועלטס... איז ער שוין נישט אונדזערער... — ווישט זיך אַ יידענע אויס די פּאַסאָליע־טרערן אירע, מיט אַ גרויסער געקווייטלטער פאַטשיילע.

— גענוג באַלאַקעט... ווייסטו וואָס, יאַנקעלע, לאָמיר בעסער אַ טרינק טאָן און אַ זינג טאָן.

— גאָט זאָל העלפן מיר זאָלן האָבן אַ סך גוטע גערעטענישן און אַ סך שאָף און רינדער, און ווייבער און קינדער... און דו, גוטע ביכלעך.

— ...מען טרינקט און מען זינגט אַלטע בעסאַראַבער יידישע ניגונים, אַלטע און באַטעמטע ווי דער ווײַן אין די קעלערס. שיינע און טרויעריקע ווי דיביימער אין די אוראַלטע וועלדער.

...דאָס זינגט מען און מען לחיימט לכבוד עליע ברינדזאָרס שיינדר־לינג — דעם שרייבער פון דער גרויסער וועלט, יעקב פּיכמאַן.

.2

קעשעניעוו... ס׳איז דוכט מיר, אַנהייב יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און צוואַנציק. אין דרויסן איז אַ גרויסער פראָסט, איינער פון יענע פרעסט, אויף וועלכע יידן פון מיין קאַנט זאָגן, אַז סע לעקט און ברענט. אָבער אין קעשעניעווער מרכז אויף קיעווסקי 52 איז מחיהדיק וואַרעם, בעסאַראַ־ביש־היימישלעך.

אויף דער בינע שטייט אַ קרעפּטיקער מאַן אין די מיטעלע יאָרן... דאָס איז יעקב פּיכמאַן, דער געקרוינטער העברעישער דיכטער און עסיי־איסט, דער געראָטענער זון פון דער מאַמע בעסאַראַביע.

היינט אין אָוונט שמועסט ער מיט זיינע בעסאַראַבער ברידער און שוועסטער וועגן רעאַליזם און ראָמאַנטיק אין דער יידישער ליטעראַטור. ער רעדט פאַמעלעכדיק, מיושבדיק, געוויגן און געמאָסטן. איך וואָלט זאָגן אַ וואָרט — אַן אימפּעריאַל, אַ געדאַנק — אַ רענדל.

און סיי אין זיין באַדאַכטן און פאַרמחשבהטן אופן פון רעדן, און סיי אין אַלע זיינע תנועות, העויות, איז פאַראַן עפּעס פון אַ דאָרפס־ייד, וואָס פאָרט זומער־לעב פאַר נאַכט, אַהיים פון פעלד, און סך־הכלט זיין האָרע־וואַניע פאַר אַ גאַנצן טאָג.

פּיכמאַן פּרוווט אויך אין דעם ווינטערדיקן אָוונט אונטערפירן דעם גייסטיקן בילאַנס פון זיין ליטעראַרישן דור.

זיין וואָרט איז ברייטוואָגיק, ווייטוואָגיק און טיפוואָגיק.

זיין וואָרט איז שיר־השירימדיק באַהויכט און קוהלתדיק חשבון־הנפשדיק.

פאַראַן אין זיין וואָרט די פרייד פון אַ צעבליטן קאַרשנבוים אינעם פרילינג און דער טרויער פון אַ נאַקעט פעלד אין טיפן האַרבסט...

טייל מאָל זוניקט זיך דער שמייכל זיינער און טייל מאָל ריזלט אַ טרער אין זיין אונטערשמייכל.

„ואני הגבר — פאַרגעדענקט זיך מיר אַ זאָג זיינער — בין און פאַר־בלייב לעולם ועד אַ ראָמאַנטיקער. מיין מוזע הילט זיך נישט איין אין קיין גרויען צעטרעפּקעטן שאַל, און קייעט נישט קיין פּיסנע שטיקל ברויט מיט קנאָבל. מיין מוזע איז אַ באָרוועס דאָרפיש פאַסטעכל, וואָס קערט זיך אום פאַר נאַכט מיט דער טשערעדע פונעם פעלד, אַן אָנגעפּאָיעטער מיט זון און מיט גרינער פרייד. און ער טרילערט אויס אויף זיין פלויערל זיין גרויסע ליבע צום באַשעפער און צו זיין יצירה.

אויב חס וחלילה איך וועל ווערן אַ סומנער רעאַליסט, בין איך נישט ראוי צו טראָגן דעם נאָמען פון יעקב בן עליע ברינדזאַר פון פּאָמונטיען"...

איך האָב געקוקט מיט מיינע פּאַרטרוימטע יינגלשע אויגן אויף דעם צעלויכטענעם עולם. אַזאַ פרייד, אַזאַ נחת איז געווען אין זאַל, אַז ס'האָט זיך געדוכט גאַנצע דורות יידן, בעסאַראַבער ישובניקעס, זענען אויפגע־

שטאַנען תחית המתים און זיי טייען אָן פון זייער גערא‏ָטענעם וויכע־וואַניק.

.3

דאָס יאָר טויזנט ניין הונדערט איין און פערציק. אויף מיין פאָלק גייט אַ בלוטיקער רעגן. דער ווילדער מלחמה־געווירבל האָט מיך פאַרטראָגן הינטער די הריי־חושך, אַזש אין ווייטן כאַרעזם, וואָס אין אוזבעקיסטאַן.

איך פאַסט געצוווּגענע תעניתים און קוויק מיך מיט געשיכטלעכע חלשות־טראָפּן. איך בין שוין אין גאַנצן אַ יענוועלטיקער.

מיר לעשן זיך פאַמעלעך אויס פון הונגער, מיין פרוי, מיינע קינדער און איך, דער באָרוועסער און נאַקעטער לערער אין דער אוזבעקישער שול.

איז שרייב איך נישט קיין בריוו. איך זוך — ווי דער דיכטער זאָגט — אַ וואָרט פאַר מיין בלוט, וואָס וויינט אין מיין גוף.

דאָס שרייב איך אפשר מיין לעצטן בריוו קיין ישראל, צו יעקב פיכמאַן.

איך שרייב אין לשון סגי־נהור, אַז אַזוי און אַזוי איך האָב מיך שטאַרק פאַרבענקט נאָכן פעטער קרן־היסוד, און נאָך דער מומע קרן־קימת, איז גיב זיי איבער, טייערער יעקב פיכמאַן, אַז זייער פּלימעניק איז פאַרביי.

...און איך ציקל אויס דעם אַדרעס: "פּאַלעשטינע... תל־אביב... לראש אגודת הסופרים העברים... לשאר בשרי יעקב פיכמאַן"...

איז אויף אַלע אייביקייטן פאַרגעדענקט זיך מיר, דאָס פּערלדיקע יעקב פיכמאַנישע מכתבל מיט די נחמו, נחמו עמי־ווערטער, וועלכע זענען דערגאַנגען, ממש בדרך־נס פון ישׂראל אין דעם אוזבעקישן „פון יענער זייט סמבטיון".

עס איז נישט געווען קיין בריוו, נאָר טאַקע נאָר דאָס טייבעלע פון נחס תיבה, וואָס האָט מיט דעם מאַסלינע־בלעטל אין שנאָבעלע, אַ וואָרקע געטאָן שלווהדיק אונטער דער סטריכע פון אונדזער אָרעמער היים.

עס פֿאַרגעדענקען זיך שורות פֿון זיין בריוו: „דער טאָג איז נאָענט. גוג און מגוג וועלן פֿאַרטיליקט ווערן. און דערנאָך איז גאָט אַ פֿאָטער, און בעסאַראַבער יידן זענען אַ קרעפֿקע פֿאָלק, גלויב איך באמונה שלימה, אַז עס וועט נאָך מקוים ווערן: כי שבו בנים לגבולם".

איז האָבן מיר זיך געקוויקט הן מיט דעם פּיכמאַנישן לאָגל פֿון טרייסט, און הן מיט דעם פּעקל, דעם מלא וגדושדיקן מיט וועלכן מיר האָבן זיך דערהאַלטן דאָס חיות.

עפּעס טאַקע נאָר ווי די מאַמע בעסאַראַביע וואָלט האָבן אויסגע־שפּרייט אירע רחמים־הענט אויף אירע פֿאַרוואָגלטע קינדער.

# דריי טראגישע
# בעסאראבער שרייבער

„מיר די בעסאַראַבער, די קאַטאָוועס־טרייבער"
(פון אַן אַלט פאָלקס־ליד)

אין דער געבענטשטער מדינה, צווישן דניעסטער און דער טינע, האָט יאָרן און יאָרן געוווינט דער סאַמע געשמאַקסטער און קערנדיקסטער יידישער שבט. אַ שבט, נישט פון פילפול־פלעכטער און פשטלעך־שניצער, נייערט פּראָסטע חיי־וקיימניקעס, עובדי אַדמה: פּיציכטלער און ווייג־גערטנער־יעטער; אַ שבט, וועלכער האָט גערעדט אויף דער סאַמע דער־הויבנסטער שפּראַך — אויף דער שפּראַך פון בעלשמישער עניוות — דאָס לשון פון באמת שטאָלצע מענטשן.

אַרום דעם מזרח־טיש פון דער פאַרמבולדיקער יידישער ליטעראַטור זענען געזעסן אויפן פאַרנעמסטן אָרט די שרייבער פון פוילן, רוסלאַנד און אַמעריקע. און צווישן זיי האָט זיך געפּלאָנטערט — ווי אַן אָרעמער קרוב — דער בעסאַראַבער שרייבער, דער אורח מיט זיינע טיפע, ריינע הימלאויגן, מיט זיינע שווערע פּויערישע טריט און מיט זיין געפּענטעטער וואַלאַכישער צונג.

איז דער בעסאַראַבער שרייבער געוועזן — און אפשר ביז היינט גע־בליבן — דער רואה ואינו נראה, דעם דאָרפישן פּאַסטעכס ציטערדיק פייפל, וועמענס מעלאָדישער טריל פלעגט פאַרהילכט ווערן פון די שאַלנ־דיקע ליטעראַרישע טרומייטערס.

...מיט פרומע טריט, זענען זיי געקומען אין אונדזער צווייִשפּראַכיקער ליטעראַטור די געזאַלבטע זין פון דער פאַרקלעמטער מאַמע בעסאַראַביע: יעקב פיכמאַן און ש. בן־ציון, אליעזר שטיינבאַרג און יעקב שטערנבערג, משה אַלטמאַן און אפרים אויערבאַך, יעקב באָטאָשאַנסקי און אליעזר גרינבערג.

און זיי, די שטילע דאַוונער, די שרייבער־קדושים, פון אונדזער פאַר־יתומטער היים — זלמן ראָזענטאַל, מרדכי גאָלדענבערג און ישראל ווייַנ־שטיין.

## זלמן ראָזענטאַל — דער ריטער פון גבורה

...בײַ דעם טײַכל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ גרינעם דאַך.
און אַרום דעם שטיבל וואַקסן
ביימעלעך אַ סך.

און דער טאַטע מיט דער מאַמען
חנהלע מיט מיר.
— ווױנען מיר שוין דאָ אין שטיבל
ווױנען אַלע פיר.

און דער טאַטע דינט בײַם פּריץ
אַלע יאָרן זײַנע,
שענקט דער פּריץ אונדז כסדר
שײַנע זאַכן פײַנע.

שענקט אַ לאָשיקל, וואָס הירזשעט,
מיטן נאָמען צוציק,

און אַ הינטעלע, וואָס האַווקעט,
מיטן נאָמען מוציק.

שענקט אַ גענדזעלע מיט פעדערן,
ווייסע ווי שניי.
און אַ הון, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט
ביז זי לייגט אַן איי.

און די מאַמע נעמט די אייער —
אַך! איז דאָס אַ מופת...
זעצט די קוואָטשקע אויף די אייער —
האָט זי נייע עופות.

...איז גיי ווייס, אַז אַט דאָס באַטעמטע ליד, וואָס צענדליקער טויזנ־טער יידן און יידענעס פון אַלע עקן וועלט האָבן מיט אַזוי פיל האַרץ געזונגען אויף אַלע זייערע שמחות און האָט ווי אַ פאָלקסליד באַשיינט אַלע סאָוויעטישע לערנביכער, וועט צוגלייך מיט זלמן ראָזענטאַלס אַנ־דערע געראָטענע לידער, עלעהיי געשאָכטענע טייבעלעך, — אין דער גרויליקער נאָכט פון פופצטן יולי, אין פורכטלעכן פערציקסטן ערשטן סאָוויעטישן „באַפרייונגס"־יאָר אין מאָלדאַוויע, — זיך פאָרפּלען ביים סליעדאָוואַטעל אויפן טיש.

...און ער, זלמן ראָזענטאַל, וועט אין יענער אַנגסטיקער ערשטער נאָכט פון זיין אַרעסט זיצן אַ פאַרחלשטער אויפן סדום־בענקל און וועט פּרווון דערקלערן דעם סטאַלינישן רוצח, אַז ער איז מיט אַט די תמימותדיקע שורות זיינע נישט אויסן געווען, נישט הערצלען און נישט טראָצקין, נאָר זיינע בעסאַראַבער לאַנדסלייט פון זיין היימשטעטל... טע־לענעשט. און אַז געשריבן האָט ער זיי נישט מתוך אַהבת ציון, נאָר מתוך בעסאַראַבער חדווה...

ראָזענטאַלס ליטעראַרישע קוואַטערס זענען געווען נישט קיין אַנ־דערע, ווי ביאַליק און ראַווניצקי. זיי האָבן אַנגעקוואָלן פון דעם קרעפּ־טיקן חנעוודיקן בחורל, וועלכער האָט אין דער הוהאַדיקער שטאָט אָדעס

געבראַכט מיט זיך די פאָלקסטימלעכע פּאָסטעמקעס און אידיאָמאַטישע חן־גריבלעך פון זיין שטעטל — טעלענעשט.

מיט זייער ברכה, האָט ער אין גיכן — ביי זעכצן יאָר — געזען שעמערירן זיין נאָמען צווישן אַ סך אַנדערע פּירגענומענע נעמען אין דער אָדעסער צייטונג „אונדזער לעבן", ווו ער האָט פאַרעפנטלעכט זיין ערשטע דערציילונג „די שוויגער".

עס האָט גלייך אַ ווייע־געטאָן פון זיינע שורות מיט יענער פרישקייט און דאָרפישער תמימות, וואָס איז אַזוי אייגנטימלעך פאַר אַ זון פון אַ קאַנט, ווו טויבן וואָרקען שלווהדיק אונטער די סטריכעס, און אָקסן ציען בראשיתדיק באַרג־אַרויף, און דער אָנטרייבער איז אַ ייד אַ האָרעפּאַשניק, וואָס ניגונט אויס אַ וואַלאַכישע דוינע מיט חסידישער התלהבות.

און ווען אין יאָר 1919, האָבן לענין און טראָצקי פאַרקאָכט זייער באָלשעוויסטישע קאַשע, האָט זלמן ראָזענטאַל — אַ געזאַלבטער פון ביאַ־ליקן — זיך אומגעקערט אַהיים מיט אַ בוך לידער און דריי ביכלעך קינדער־דערציילונגען.

זלמן ראָזענטאַלס דערציילונגען דערמאָנען אין פרישע סטויגעס היי, וואָס זענען צייטנווייז אויסגעלייגט אין די דאָרפישע הויפן. און עפעס ריזלט אַזאַ שלווה אין זיין שילדערונגס־אַרט, עפעס טאַקע נאָר, ווי די זון פון דער תנ"ך־צייט וואָלט זיך צוריקגעקערט און באַשפּרענקלט זיינע העלדן און זייערע בשׂר־ודמדיקע טאָוונגען.

נישטאָ אין זיינע דערציילונגען, ווי אין זיינע לידער, קיין שאַלנדיקע קלינגווערטער, קיין שיינגרויסטיפקייטן, קיין געווירצלדיקע רייד... עפעס טאַקע נאָר, ווי זייער באַליביקער טייך פּרוט וואָלט אויסגעפּליסטערט די פּראָזע זיינע.

זיינע העלדן משה מאַגאַריטש, פּרויקע פייער, נאָקע דער רויטער, זעליק בודזיליאַ, זענען יידן פּראָסטע, ווי די שטיקער ערד, וואָס ווייסן נישט מער ווי די לעמער אויפן פעלד. דער שטענדיקער פּענאָמען פון „ויהי ערב, ויהי בוקר" רופט נישט אַרויס ביי זיי קיין באַזונדערע דאַכ־טענישן און טראַכטענישן. נאָר צומאָל אַ שטילן טרויער, וואָס נאָך אַזאַ קלוג לעבן, קומט אַזאַ נאַרישער טויט.

דער חלום פון אַ בעסאַראַבער יידישער מאַמע, איז שטענדיק געווען, אַז איר זון זאָל זיין שטאַרק ווי אַ טיגער, לייכט ווי אַן אָדלער, פלינק ווי אַ הירש און מוטיק ווי אַ לייב. און אָט די בעסאַראַבער גבורה האָט ראָזענטאַל באַזונגען אין אַלע זיינע לידער און דערציילונגען.

זיינע העלדן האָבן מער הנאה געהאַט פון אַ פלאַם־פייערדיקן טראַסק, ווי פון אַ טיפזיניקן פסוק. זיי האָבן זיך פאַרכליניעט פון אַ מחיהדיקן טרינק, און אַ שיינעם זינג, און האָבן אָנגעטייעט הן פון אַ פעלד מיט פעסטע זאַנגען, הן פון אַ באַרוועסער שיקסע אויף אַ באַטויטער לאָנקע, אין אַ קאַיאָרדיקער שעה, ווען דער כביכול אַליין דרימלט נאָך.

ער איז געווען, ראָזענטאַל, דער סאַמע עולם־הזה׳דיקסטער שרייבער אין אונדזער ליטעראַטור. דער גשמיותדיקער דערציילער, וועלכער האָט געהאַט אַ פול מויל מיט האָניק און אַ פול געמיט מיט לעבנספרייד.

און אַקוראַט ווי זיינע האָרעפּאַשנע אָבות, האָט ער אין משך פון כמעט אַ פערטל יאָרהונדערט מיט ליבע און פלאַם, מיט גלוסט, און לוסט, געאַקערט דאָס פעלד פון אונדזער צווייִשפּראַכיקער ליטעראַטור אין בעסאַראַביע דער מדינה.

אין איינעם מיט מרדכי ספּעקטאָר אַרויסגעגעבן די צייטונג „דער ייד״, אַריבער צוואַנציק יאָר געווען דער אומדערמידלעכער רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער קעשעניעווער צייטונג „אונדזער צייט״ און פון די צוויי פּרעכטיקע צייטשריפטן פאַרן קליינוואַרג „פאַרן יידישן קינד״ און „אשכולות״, און אַחרון, אַחרון חביב: דער חבר און דערציִער פון אַ גאַנצן דור בעסאַראַבער יידישע שרייבער, וועלכע באַשיינען אונדזערע ביידע ליטעראַטורן.

...ס׳איז באמת אַ רעטעניש, וואָס גראַד מיט אים — וועלכער האָט אויף אַ האָר זיין שטעטל טעלענעשט נישט ווייניקער ליב געהאַט פון ירושלים — האָבן די סאָוויעטישע „באַפרייער״, קוים צען טעג נאָך זייער פאַרכאַפּן בעסאַראַביע, געמאַכט דעם וויסטן פעטשאַטעק.

עס פאַרגעדענקט זיך די זעלישע ליקוי חמה, וועלכע האָט פאַרטונקלט דעם גאַנצן ישוב, ווען מ׳איז געוווירער געוואָרן, אַז דער סאַמע געראָטנ־סטער בעסאַראַבער זון געפינט זיך אין די רוצחישע הענט.

...ווען איך האָב מיך אין פרילינג פונעם 55סטן יאָר אומגעקערט פון דער סטאַליניסשער קאַטאָרגע, האָב איך שוין ראָזענטאַלן געטראָפן אין קעשעניעוו. ביידע — ער, מיין ליטעראַרישער רבי, און איך, זיין תלמיד, האָבן געהאַט ברוך השם וואָס צו דערציילן. ס׳איז נישט מיטן מויל אַרויס־צוריידן: פערצן יאָר — ער, און זעקס יאָר מיט אַ חודש — איך.

פונעם אַמאָליקן ראָזענטאַלן איז שוין געבליבן נאָר אַ שאָטן פון אַ שאָטן. און דערצו האָט ער זיך אַלץ געדאַרפט פאַרענטפערן, פאַר איי־גענע און פרעמדע.

חוץ דעם האָט ער געדאַרפט זיך בייגן און נייגן פאַר די אַלט־נייע כרושטשאָווישע מאַכטהאָבער, כדי זיי זאָלן אים לאָזן אָטעמען מיט דער בעסאַראַבער לופט.

...ויקם דור חדש אשר לא ידע את זלמן ראָזענטאַל. און עס איז אויפגעשטאַנען אַ דור פון יידן סאָוויעטסקע מאַרעוויכערס, וועלכע האָבן נישט געקענט און נישט געוואָלט קענען דעם נעכטיקן קאַטאָרזשניק — זלמן ראָזענטאַל...

האָט ער דעריבער געמוזט ביטער האָרעווען, ערגעץ אין אַ ברודיקן וואַרשטאַט, — ווי אַ שטריקל־ציִער, אויף זיין פּיסגע שטיקל ברויט מיט וואַסער.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים זוכה געווען צו האָבן ווי איינעם פון מיינע צוהערער אויף אַ שלום־עליכם־אָוונט אין קעשעניעוו. איך האָב אים אַוועקגעזעצט נעבן מיין פרוי, און געקוקט אויף אים ווי ער קוויקט זיך מיט דעם קאַפּעטשקעלע פרייד, וואָס איז אים, מישטיינסגעזאָגט, צוגעפאַלן אין טיפן טרויעריקן אָסיען פון זיין לעבן.

— מיר קוויקן זיך מיט אייך, ראָזענטאַל, מיט געשיכטלעכע חלשות־טראָפּנס — האָב איך אַ שפּאַס געטאָן.

— אַ ברירה האָבן מיר — האָט ער טרויעריק צוגעשאָקלט מיט זיין אָפּגעטשימכעטן קאָפּ.

קורץ נאָך דעם שמועס, איז ער געשטאָרבן און עמיצער האָט אויף זיין קבר אַוועקגעלייגט אַ פּאַסטוכיש פּייפל.

אַט דאָס וואָלעכישע פּלויערל דאַרף זיין ווי אַ דערמאָנונג וועגן זיין בעסאַראַבער גאַנג אין אונדזער ליטעראַטור.

## מרדכי גאָלדענבערג — דער שטילער דאַווענער

מרדכי גאָלדענבערג איז געווען דער גרעסטער שווייגער און דער שטילסטער מאַנער אין דער יידיש־העברעיִשער ליטעראַטור אין בעסאַ־ראַביע. אַט דער ייד, מיט די מילדע שוואַרצע אויגן זיינע, האָט געהאַט אַלע תנועות און העוויות פון אַ דאָרפס־צדיק, אַט פון יענע צדיקים, וואָס קיין קמיעות גיבן זיי נישט, קיין קוויטלעך שרייבן זיי נישט, צאָרנען נישט, שטראָפן נישט און שמונצערן נישט און פּרעפלען נישט מיט זייערע יראת־שמים־ליפּן; נייערט מיט שטילע למדוואָוניקעשע טריט בלאָנקען זיי אַרום איבער פאַרוואָרפענע יידישע ישובים און ברענגען אַריין אין יעטוועדער שטוב אַ לאָגל מיט פרייד און טרייסט.

אַ שטילע עצבות האָט שטענדיק באַהויכט מרדכי גאָלדענבערגס דערציילונגען און לידער. עס איז געווען דער גילדענער טרויער פון אַ בעסאַראַבער זומערדיקן פאַרנאַכט. און אויך דער טרויער פונעם דאָרפישן יידן, וואָס פּנים אל פּנים מיט די גרינע פנקסים פון דער אייביקייט — די פעלדער און וועלדער — גיט ער אַזוי קוהלתדיק אַ טראַכט: אַז עלעהיי די בלעטער פון אַ בוים, פאַלן אַראָפּ די טעג און נעכט, און אַט, אַט, און ער האָט שוין אָפּגעבלעטערט אַלע זיינע יאָרן.

צום אונטערשיד פון ראָזענטאַלס כוואַטסקע בעסאַראַבער יינגען, זע־נען מרדכי גאָלדענבערגס געשטאַלטן געווען שטילע, זאַפּרענדיקע יידן. אין די אויסגעשטערנטע זומערנעכט פלעגן זיי זיך אויסראָסטיען אויף אַ סטויג פון היי, און אַזוי טויבנריין און טרערנשטיל זיך אַדורכשמועסן מיטן כביכול און מיט זיינע מלאכים, וועלכע זענען געווען אַזוי נאָענט, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

עפּעס איז פאַר זיין גאַנצן אַרט שרייבן געווען ווי אָנגעמאָסטן נחמן בראַצלאַווערס פּיוט: עס שטייט אַ באַרג און אויף דעם באַרג אַ שטיין, פונעם שטיין פליסט אַ קוואַל, און די וועלט די גאַנצע פאַרמאָגט אַ האַרץ און וויל נישט זיין אַליין.

כל ימיו איז מרדכי גאָלדענבערג געווען אַ קליינשטעטלדיקער לערער פון לשון־קודש... דערפון האָט ער געצויגן זיין חיונה. און פלעגט ער אַ מאָל פאַרבלאָנדזשען אין די גרויסע שטעט, פלעגט ער זיך דאָרט אַרומדרייען ווי אַ גר. עס האָט אים געצויגן צו זיין האַלבשטעטלדיקן, האַלבדאָרפישן הימל, דעם אויסגעצירטן און אָנגעציטערטן מיט מיליאָנען שטערן. און פונקט ווי זיינע העלדן — פלעגט ער פאַרגעדענקען די קליאַמקע פון דער דאָרפישער טיר, וואָס האָט פאַרהיט דעם וואַרעמען הויך פון זיין האַנט.

ער פלעגט טאַקע גאַר גיך און געשווינדיק זיך אומקערן אין זיין קאַפּרעשטער היים, ביים עק שטעטל, ווו דאָס ווינטל האָט געשמעקט מיט דעם צוויט פון עפּלביימער, און דאָס שטיבל איז פול געווען מיט די ריחות פון שאָף און צעבליטע אינדרויסנס. אָט דאָ האָט אים געטראָפן די גוטע בשורה, אַז דער ווייטער אַמעריקאַנער „פאָרווערטס", האָט אים געגעבן אַ פּרעמיע פאַר זיין וווּנדערלעכער פּאָעטישער דערציילונג „ביי דער אַלטער מיל".

...און יידן אין שטיוואַליעס און מאָלדאַוואַנער אין פּאָסטעלעס זענען געקומען זיך משמח־זיין מיט מרדכי גאָלדענבערג, וועלכער האָט באַקו־מען אַ גאַנצע אַפּותיקה דאָלערס, און וועמענס נאָמען האָט דערגרייכט אַזש צו קאָלומבוסעס מדינה.

ווען די רויטע „באַפרייער" האָבן זיך אַראָפּגעיאַוועט קיין בעסאַראַ־ביע איז גאָלדענבערג געוואָרן אַ נחבא אל הכלים... ער האָט גוט געוווּסט, אַז ווייז דער סטרא אחרא אַ פינגער, כאַפּט זי דיר אַריין די גאַנצע האַנט. איז ער ווי בדרך־נס ניצול געוואָרן פון סטאַלינס רוצחים. אָבער דאָס אומגליק האָט אים נישט אויסגעמיטן.

ווען דאָס צווייטע וועלט-מלחמה היטלערישע חייל איז אַריבער דעם פּרוט, איז דער ערשטער קרבן געווען מרדכי גאָלדענבערגס יפת־תּוארדיקע טאָכטער — עטל.

אָרטיקע תּושבים האָבן מיר פאַרציילט, אַז מאָלדאַוואַנער שכנים האָבן געקניט און געבעטן רחמים ביי די דייטשישע מעסער־יינגען, זיי זאָלן נישט פאַרשוועכן דעם יידישן צדיקס טאָכטער.

יענעם פאַרנאַכט האָט ער געבראַכט צו קבורה זיין געשענדעטע טאָכ־טער עטל, און זיין פרוי פּערל, וועלכע האָט זיך געסמט.

עטלעכע חדשים האָט ער זיך נאָך געשלעפּט מיט אַנדערע פאַרמוּ־טשעטע יידן אויף די דאָרפישע וועגן, ביז ער האָט זיך דעם ערשטן טאָג ראש־השנה אויסגעלאָשן אין בערשאַדער לאַגער.

## דער שמייכלענדיקסטער ייד ישראל וויינשטיין

דער "צווייטער שלום־עליכם" — אַזוי האָט מען געקרוינט אין אונ־דזער קאַנט דעם סאַמע קלוגסטן און חריפותדיקן ייד פון דער בעסאַראַבער גובערניע — ישראל וויינשטיין.

מאָלדאַווישער הומאָר, געכפּלט אויף יידישער פּיקחות און אונטער־געגרינטעוועט מיט פראַנצויזישן שאַרפזין — האָבן זיך וווּנדערלעך איי־בערגעשמעלצט אין דעם גייסטיקן טיגל פון אָט דעם אייגנאַרטיקן הומאָ־ריסט און עסייאיסט.

מיט אידל מלמדס פּאָליטישע בריוועלעך — אַזאַ איז געווען זיין פּע־ליעטאָנישער פּסעוודאָנים אין דער קעשעניעווער „אונדזער צייט" — פלעגן זיך קוויקן הן די תּורה־יידן און הן עמך פון די שטעטלעך און דערפער.

יעדער בעסאַראַבער קאַטאָוועס־טרייבער פלעגט אייך נחתדיק מהנה זיין מיט אידל מלמדס אַ פּעפּערדיקן זאָג, וואָס איז פאַר די אָרטיקע קמץ־אַלף־יידן ממש געווען אַ תּורה מסיני: „אַז די יידן אין דער מדבר האָבן זיך מפרנס געווען דורכן מן (מאַן בלע"ז) און דאָס רוב יידן זענען זיך מפרנס דורכן ווייב".

אויך בעסאַראַבער כלה־מיידלעך פלעגן אַריינגעבן אין נדן אַ ביסל זלמן ראָזענטאַלישע פּאָעזיע, האָבן די געזונטע, צעוואַקסענע בחורים, חתנים, געמוזט אַדורכוואַרפן אין זייערע שיחת־חולין כאָטש אַ מעמכעלע פון אידל מלמדס שאַלקהאַפטיקע זאָגעכצער... אנישט איז דער שידוך בטל געוואָרן.

דעריבער איז ישראל וויינשטיין געווען דער סאַמע אָנגעלייגטסטער גאַסט אויף אַלע יידישע שמחות און קערמעשלעך.

ער פלעגט זיצן אין סאַמע אויבן אָן, עסן אַ געשמאַק שטיקל מאהינע, פאַרטרינקען מיט אַ גלעזל רעדענער וויין און שיטן מיט הומאָריסטישע פּערל, פון וועלכע עס האָבן זיך געהוידעט די ווענט פון געלעכטער.

שפּעטער צו פלעגט ער זיי שוין אַלע מטריח זיין אויפן פּאַפּיר. און אַלט און יונג האָבן געקייכט פאַר געלעכטער, ווען מען פלעגט לייענען אידל מלמדס רייסטער פון אַ דאָרפישן פּעסעסער, וועלכער פירט אין זיין ספר פראַלניק די טראַנזאַקציע פון אַלע זיינע געשעפטן בערך אַזוי:

פּרשה ויקרא — פאַרקויפט דעם קאַשטאַן, און די בלינדע בהמה, צו מענדל ממזר, פאַר אַ גאַרנישט מיט אַ נישט... אויסקרענקען זאָל ער זיי, דער קאַרגוטש, טאַטע זיסער.

פּרשה משפּטים — פאַרזייט צוויי דיעסאַטינעס ערד, דאָס גיב איך נדן מיין כייקעלעס חתן דעם זשלאָב...

אויף אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, פלעגט ער פאַרעפנטלעכן זיינע גייסט־רייכע עסייען און באמת באַפליגלטע רעיונות. אַזוי האָט ער יאָרן לאַנג, טאָג נאָך טאָג און וואָך נאָך וואָך, אויסגעצירלט זיינע פּערלדיקע שורות. ביז... אין איינעם אַ חושכדיקן טאָג, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט מיט אים אויף דער שוועל פונעם מיתה־משונהדיקן סאָוויעטיש־מאָלדאַווישן שרייבער־פאַראיין.

— ראָזענטאַל איז שוין אין „זייערע הענט" — האָב איך אים אַ שושקע געטאָן אין לעפל פונעם אויער.

— אוי ווי איז מיר — האָט ער זיך צעוויינט אויף אַ קול.

עס האָט מיר שפּעטער ווי געטאָן דאָס האַרץ צוצוקוקן, ווי דער שיינ־גייסט, ישראל וויינשטיין, זיצט אין דעם „שיינעם" זאָל פון שרייבער־

פֿאַראיין און פֿירט אויס מיט זיין יחוסדיקן טורגעניעווישן רוסיש, די לוילעכע פּראָטאָקאָלן פֿון די איבלדיקע שעפּערישע זיצונגען זייערע.

דאָס האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין די סאָצרעאַליסטישע קרנות־המזבח, כדי אויסצוקויפֿן זיינע קראַמאַלישע פּען־חטאים.

אָבער, אין רחמים בקרעמלישן דין. אויך דער זכות פֿון זיין שיינעם רוסיש און פֿון זיין ווערן מיט אַ מאָל קאָמוניסטיש „געזאָגנען״, איז אים נישט בייגעשטאַנען. אין אַ זומערדיקן פֿאַרנאַכט, אַ צען טעג פֿאַר דער סאָוויעטיש־נאַצישער מלחמה, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ רגע־טשקע אין גאַס, קויפֿן ציגייערן... טאַקע, ווי מען זאָגט, אין איין אויבער־העמד און אין די שטוב־לעטשלעך. אַרויס אויף אַ ווייילינקע — און שוין מער קיין מאָל נישט צוריקגעקומען...

ער איז פֿאַרפֿרוירן געוואָרן אין אַ סיבירער לאַגער, ווען אין קיעווער זשורנאַל „סאָוויעטישע ליטעראַטור״, פֿאַרן יאָר 1941, אונטער אַ האָגל פֿון באָמבעס, האָב איך געלייענט די שורות פֿון זיין ליד „בעסאַראַביע״:

ווייפּל לענדער, בעסאַראַביע,
היינט אויף דיר מיט קנאה קוקן,
וואָס נאָך קנעכטשאַפֿט יאָרן לאַנגע
האָסטו אויסגעגלייכט דיין רוקן.

...איצטער זינגען, בעסאַראַביע,
דיינע פֿעלדער, דיינע טאָלן.
ס׳ווערן גאָרנישט מיד די מילן
טאָג און נאַכט די תבואה מאָלן.

ציִען קומענס זיך צו וואָלקנס
קלעטערן אַלץ העכער, העכער.
ברויזט אין האַרץ אַ ליד אַ נייע
זידט דער ווייַן אין העלן בעכער.

דערנאָך בין איך געזעסן אויף אַ פּאַרקוילט בערגל, מיט אַש אויפן קאָפּ, און אַש אין געמיט, און געטראַכט אַן איובדיקן געדאַנק, אַז זיין גורל און זיין ליד, איז די גרעסטע שטראָף, צו וועלכער די תוכחה אַליין האָט זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן.

# אינהאַלט